•

MAJOR FUNDING FOR THE
YIZKOR BOOK PROJECT WAS PROVIDED BY:
*Harry and Lillian Freedman Fund*
*David and Barbara B. Hirschhorn Foundation*
*David and Barbara Margulies*
*The Nash Family Foundation*
*Harris Rosen*
*David and Sylvia Steiner*
*Ruth Taubman*

•

*Original publication data*

| | |
|---|---|
| TITLE | Bleṭer fun Yidish Liṭe / gezamlṭ maṭeryal un tsugegreyṭ tsum druḳ, Ya'aḳov Rabinoviṭsh. |
| IMPRINT | 880-02 Tel-Aviv : Farlag Ha-menorah, 1974. |
| DESCRIPT | 289 p. : ill. ; 25 cm. |
| SUBJECT | Jews -- Lithuania.<br>Lithuania -- Ethnic relations.<br>Holocaust, Jewish (1939-1945) -- Lithuania. |
| ADD'L NAME | Rabinovitch, Jacob. |
| ADD'L TITLE | Lithuanian Jews |

THIS BOOK MEETS A.N.S.I. STANDARDS FOR
PAPER PERMANENCE AND LIBRARY BINDING

PRINTED IN THE U.S.A.

# בלעטער
# פון
# יידיש
# ליטע


געזאַמלט מאַטעריאַל און צוגעגרייט צום דרוק:

**יעקב ראַבינאָוויטש**



פאַרלאַג „המנורה" תל-אביב

תשל"ד — 1974

מיר געדענקען אונדזערע עלטערן, שוועסטער און ברידער, אונדזערע פרויען און קינדער, וועלכע זיינען אַזוי גרויליק אומגעקומען פון ווילדע רוצחים. העליש וועט פלאַקערן אין אונדזערע הערצער דער הייליקער אָנדענק פון די פאַרשניטענע לעבנס.

מיט שטאָלץ דערמאָנען מיר דעם העראָיזם פון די געטאָקעמפער, די מסירת־נפש פון די אונטערגרונט־באַוועגונגען און פון די העלדן־פאַרטיזאַנער.

הייליק בלייבט שטראַלן, דורך אונדזער אייביקער געשיכטע, די הערלעכע גבורה פון די געפאַלענע יידישע קעמפער אין די רעגולערע אַרמייען, באַזונדערס די חיילים פון דער יידישער בריגאַדע — אָט די אַלע וועלכע האָבן געקעמפט און געלייגט זייערע יונגע לעבנס פאַרן כבוד פון יידישן פאָלק.

מיט הייליקער פאַרערונג און פרעכטיקער יראת־הכבוד שפּאַנען מיר אַוועק ווייטער אין גרויסן עתיד.

דאָס שטורעמדיקע רוישן פון אייער אומשולדיק בלוט, קדושים און טהורים אונדזערע, וועט זיין דער מעכטיקער אָנטרייב און אימפולס פאַר דעם ווייטערדיקן אייביקן קיום פון עם ישראל חי.

ראובן רובינשטיין ז״ל

# ...אין פייער און פלאַם

...אין פייער און פלאַם, אין יסורים און גסיסה־צאַפּלענישן איז אומגעקומען אַ גרויסע, שיינע, שטאַרקע, זאַפטיקע ייִדישע וועלט. אונטערן שטיוול פון דער בלוטיקער נאַציש־דייטשער אוניפאַרמירטער בעסטיע איז צעטראָטן געוואָרן דאָס אייראָפּעיִשע ייִדנטום.

צענדליקער און הונדערטער ייִדישע קהילות, מיט ייִדיש לעבן און ייִדישן יצירה־גייסט, זיינען פאַרטיליקט געוואָרן פון אונטער גאָטס הימלען.

צווישן זיי אויך די ייִדישע ליטע און אויך קאָוונע, וואָס איז אויפגעקומען אין איר גאַנצער נאַציאָנאַל־ייִדישער פּראַכט ערשט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. פון אַ קליינעם קיבוץ ייִדן איז זי אויסגעוואַקסן צו דער מדרגה פון אַ תורה־צענטער, צו אַ באַדייטנדיקן מרכז פון דער העברעיִשער שפּראַך, דערציִונג און קולטור. די ייִדישע ליטע האָט געקלונגען אין דער ייִדישער וועלט, ווי די יורשטע פון די בעסטע טראַדיציעס פון היסטאָריש־באַרימטן ליטווישן ייִדנטום — טראַדיציעס פון קערנדיקער ייִדישקייט, קולטור, למדנות, מאָדערנע געזעלשאַפט־לעך־פּאָליטישע באַוועגונגען און ייִדישער זשורנאַליסטיק.

ליטע האָט געטיילט דעם גורל פון אויסגעהרגעטן ייִדישן פאָלק.

זאָל די איכה־מגילה פון ליטווישן ייִדנטום, אַ מגילה פון פּיין, טרערן און אומקום, פאַראייביקט ווערן לדורות: זאָלן מיר אָפּהיטן אין אונדזער היסטאָרישער מאַרטיראָלאָגיע דעם לעצטן לעבנסגאַנג פון איינעם פון די שענסטע קיבוצים פון אונדזער קדושים־פאָלק.

מינכען, 1948

**יוסף גאַר**

# ...אינעם ריזיקן בלוט־באַלאַנס

...אינעם ריזיקן בלוט־באַלאַנס פון אונדזערע 6 מיליאָן מאַרטירער, וואָס זיינען אויף אַ שוידערלעכן אופן אומגעבראַכט געוואָרן דורך די דייטשע מאַסן־רוצחים און כלערליי מיט־שותפים בהרג, בחנק א״א מיתות משונות, פאַרנעמען די בערך 150 טויזנט ליטווישע ייִדן אַן אָנגעזעענעם אָרט.

צוזאַמען מיטן אָנדענק פון אַלע אונדזערע קדושים וטהורים, וואָס האָבן מקריב געווען זייערע לעבנס אויפן מזבח פון יאָרטויזנטער אַלטן קידוש־השם, וועט אין די ייִדיש־געשיכטלעכע אַנאַלן אויך בלייבן הייליק דער זכר פון די קהילות אין ליטע.

דורות וועלן אַוועק און דורות וועלן קומען, אָבער דער גרעסטער שאַנדפלעק אין דער געשיכטע, דער רוצחישער היטלעריזם, וועט לעולם ועד אילוסטרירן צו וועלכע קאַניבאַלישע אכזריותדיקייטן דער גערמאַנישער „איבערמענטש״ און זיינע חסידים צווישן די פעלקער האָבן זיך אַראָפּגעקייקלט אין מיטן פון 20טן יאָרהונדערט. אונדזער צאָרנדיקסטע קללה וועט עד סוף כל הדורות הענגען אויף די קעפּ פון די רשעותדיקע אומות העולם, וועמענס זין און טעכטער עס האָבן אויס־געפירט איבער אונדז אַזעלכע בעסטיאַלישע מאַסן־מערדערייען.

עס איז אונדזער טיפסטע מענטשלעכע איבערצייגונג, אַז עס מוז נאָך קומען און עס וועט נאָך קומען אַ געשיכטלעכער יום־הדין איבער דער ממשלת זדון פון יענער קריסטלעך־סדומישער וועלט, וואָס האָט מיטגעמאַכט דעם בלוט־דורשטיקן היטלעריזם — אַ יום־הדין, וואָס וועט דערפילן דעם לעצטן באַגער פון אונדזערע טייערסטע, וואָס האָבן גלייכצייטיק מיט זייער לעצטן „שמע ישׂראל״ אויף די ליפּן אויך געבעטן גאָט, ער זאָל זיך נוקם זיין פאַרן אומשולדיק־פאַרגאָסענעם בלוט פון פאָלק ישׂראל.

בויגנדיק אונדזערע קעפּ מיט גרויס ייִראת־הכבוד אויפן שבעה ימים־צעשטויבטן הייליקן אַש פון אונדזערע דערמאָרדעטע און פאַרברענטע אנשים, נשים, זקנים וטף זאָגן מיר מיט געדריקטע הערצער און צעווייטיקטע געמיטן די אוראַלטע ייִדישע תפילה: תהיינה נפשותיהם צרורות בצרור החיים...

*מינכען, 1948, „אומקום פון דער ייִדישער קאָוונע״*

**א. אַלפּערין**

# דאָס חורבן ליטווישע יידנטום

שבת, דעם 8טן יולי 1944, האָבן די נאַצישע רוצחים אָנגעהויבן זייער בלוטיקע אַקציע ענדגילטיק צו ליקווידירן די קאָוונער געטאָ און צו דעפּאָרטירן פון דאָרט די לעצט־פאַרבליבענע ייִדן.

די היטלעריסטן האָבן אַרומגערינגלט די געטאָ מיט אַ געדיכטער קייט פּאָסטנס, וועלכע זיינען געווען באַוואָפנט מיט מאַשין־געווער, און אויפגעפאָדערט די ייִדן זיך צו שטעלן אויפן זאַמלפּלאַץ. ווען די גרעסטע מערהייט ייִדן האָט ניט געפאָלגט דעם דאָזיקן באַפעל און זיך גענומען אויסבאַהאַלטן, האָבן די באַנדיטן זיך אַריינגעריסן אין די הייזער און אין די בונקערס, וואָס מען האָט געהאַט צוגעגרייט אויף אַ נויטפאַל, און גענומען מיט כוח אַרויסשלעפּן פון דאָרט די באַהאַלטענע ייִדן.

די גזלנים האָבן זיך באַנוצט מיט שפּירהינט און האַנטגראַנאַטן, מיט וועלכע זיי האָבן אויפגעריסן יעדעס אָרט, וואָס האָט ביי זיי אַרויסגערופן אַ חשד, אַז דאָרט באַהאַלטן זיך ייִדן. די געכאַפּטע זיינען אַוועקגעשלעפּט געוואָרן צום זאַמלפּלאַץ און פון דאָרט אויף דער באַן, ווו די אומגליקלעכע זיינען אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין וואַגאָנען און אָפּגעטראַנספּאָרטירט געוואָרן אין די מאָרדלאַגערן פון דייטשלאַנד.

אויפן וועג צו דער באַן האָט אַ געוויסע צאָל ייִדן געפּרוּווט אַנטלויפן, אָבער די רוצחים האָבן זיי אויסגעהרגעט אויפן אָרט. אויך פון די וואַגאָנען האָבן געציילטע ייִדן געפּרוּווט אַנטלויפן; נאָר כמעט אַלע זיינען זיי אומגעקומען.

דעם 14טן יולי האָט אַריינמאַרשירט אין געטאָ אַ ספּעציעלע נאַצישע באַנדע, וואָס האָט אונטערגעצונדן אָדער אויפגעריסן אַלע הייזער, פונעם ערשטן ביזן לעצטן. אַזוי אַרום איז די אַלטע און גרויס־יחוסדיקע ייִדישע קהילה פון קאָוונע חרוב געוואָרן און אומגעקומען אין פלאַמען און זיילן רויך.

דאָס ביסל ייִדן, וואָס האָט זיך נאָך געהאַט אויסבאַהאַלטן אין די בונקערס און געפּרוּווט אַנטלויפן פון די העלישע פלאַמען, איז געכאַפּט געוואָרן דורך די מערדער

און לעבעדיקע דורך זיי אַריינגעוואָרפן געוואָרן צוריק אין פייער. בלויז עטלעכע באַהעלטענישן זיינען ניט אַנטדעקט געוואָרן דורך די בעסטיעס, און די קרוב צו ניין מנינים יידן, וועלכע האָבן זיך אין זיי געפונען, האָבן דערלעבט דעם טאָג פון דער באַפרייונג.

ווען די נאַצי־מערדער האָבן דעם 8טן יולי 1944 אָנגעהויבן די ליקווידאַציע פון קאָוונער געטאָ, זיינען נאָך אין איר געווען אַרום צען טויזנט יידן. איבער דריי טויזנט זיינען אויסגעהרגעט אָדער פאַרברענט געוואָרן אויפן אָרט און די איבעריקע זיינען, ווי פריער דערמאָנט, אַרויסגעפירט געוואָרן אין די שוידערלעכע נאַצישע מאָרדלאַגערן אין דייטשלאַנד: אין אַ לאַגער לעבן שטעטעלע לאַנדסבערג אין בייערן, וואָס איז געווען אַן אָפּטיילונג פונעם טרויעריק־באַרימטן לאַגער דאַכאַו; און אַ טייל אין שטוטהאָף, וואָס איז אין מיזרח־פּרייסן. פון די אַלע אַרויסגעפירטע זיינען על־פּי־נס בלויז אַרום צוויי אַ האַלב טויזנט מענטשן ניצול געוואָרן פון גיהנום. אַן ערך זעקס הונדערט יידן האָבן זיך געראַטעוועט אין שטאָט און אין איר אומגעגנט; צווישן זיי אויך אַ טייל וועמען עס האָט זיך געהאַט איינגעגעבן צו אַנטלויפן פון געטאָ און זיך אָנשליסן צו די פּאַרטיזאַנער־אָפּטיילונגען אין די וועלדער. אַזוי אַרום זיינען פון די געוויע פיר צענדליק טויזנט יידן, וועלכע האָבן געוווינט אין קאָוונע בעת די נאַציס האָבן פאַרכאַפּט די שטאָט (אַ קליינעם טייל יידן האָט זיך איינגעגעבן צו עוואַקויִרן אין רוסלאַנד), אומגעבראַכט געוואָרן במשך דער דריי־יאָריקער אָקופּאַציע און בעת דער ליקווידאַציע פון געטאָ אַרום 37 טויזנט יידן, ד״ה 92 פּראָצענט פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג.

דעם דאָזיקן שרעקלעכן חשבון מאַכן די מחברים צבי א. בראַון און דוב לעווין אין זייער בוך*, וואָס זיי האָבן אַרויסגעגעבן וועגן דעם חורבן פון דער קאָוונער יידישער קהילה און וועגן דעם אונטערערדישן קאַמף פון די קאָוונער יידן קעגן די נאַצי־רוצחים.

די פאַרפאַסער פונעם בוך זיינען אַליין געווען קעמפער אין די פּאַרטיזאַנער־רייען אין די ליטווישע וועלדער און האָבן די מאַטעריאַלן פאַר זייער שאַפונג — אין וועלכער זיי קאָנצענטרירן זיך באַזונדערס אויף דער געשיכטע פון די יידישע אונטערערדישע אָרגאַניזאַציעס אין קאָוונער געטאָ — גענומען פון די אַרכיוון פון „יד־ושם״.

וועגן דעם אומקום פון דער קאָוונער יידישער קהילה זיינען שוין דערשינען

---

* צבי א. בראון, דב לוין — תולדותיה של מחתרת. הארגון הלוחם של יהודי קובנה במלחמת העולם השניה. „יד ושם״, ירושלים, תשכ״ב.

פיל וואָגיקע מעמואַרן־ביכער. די מחברים פון נייעם ספר רעכענען אויס צענדליקער ווערק אין דער ביבליאָגראַפיע, וואָס זיי האָבן צונויפגעשטעלט. אָבער זייער אייגן בוך איז — ווי שוין געזאָגט — געווידמעט באַזונדערס דעם ייִדישן אונטערערדישן קאַמף אין קאָוונע קעגן די נאַצי־מערדער.

זיי הייבן אָן מיטן איבערגעבן — לויט עדות־דערקלערונגען — וועגן דעם העלדישן ווידערשטאַנד פון יחידים: אין אַ סך הייזער האָבן ייִדן געקעמפט מיט העק און שטיקער אייזן קעגן די באַנדיטן, וועלכע זיינען געקומען אַוועקשלעפן זיי און זייערע משפחות.

אינעם בוך ווערט דערציילט, אַז שוין אין סעפּטעמבער 1941 (קאָוונע איז אָקו־פּירט געוואָרן דורך די נאַציס דעם 24טן יוני 1941) איז אין געטאָ, אין דער דירה פונעם לערער מ. בראַמסאָן, פאָרגעקומען אַ באַראַטונג פון ציוניסטישע פאָרשטייער וועגן שאַפן אַן אונטערערדישע קאַמפּס־אָרגאַניזאַציע. אין דער באַראַטונג האָבן זיך באַטייליקט: שלמה גאָלדשטיין — פון „החלוץ"; איקאַ גרינבערג און אברהם מלמד — פון „אירגון ברית ציון"; ירחמיאל וואָסקאָבאָיניק — פון „השומר הצעיר"; בערל כהן — פון „פּועלי־ציון"; משה לעווין — פון די רעוויזיאָניסטן; פּרץ פּאַדיסאָן — אַן אָפיציר פון דער געטאָ־פּאָליציי; ד"ר חיים־נחמן שפּיראָ — באַוווסטער פאָרשער פון דער מאָדערנער העברעיִשער ליטעראַטור.

די באַטייליקטע אין דער באַראַטונג האָבן שוין דעמאָלט, ד"ה אין סעפּטעמבער 1941, איינגעזען, אַז די דערקלערונגען, וועלכע עס גיבן די נאַציס פאַר און נאָך די „אַקציעס" [דעפּאָרטאַציעס] — אַז די ייִדן ווערן כלומרשט געשיקט אויף אַרבעט — איז ניט מער ווי אַן אָפּנאַרעריי און עס איז ניטאָ קיין שום צווייפל, אַז די אַרויס־געפירטע ייִדן פון קאָוונער געטאָ לעבן שוין ניט מער. די אָנטיילנעמער אין דער אסיפה זיינען אויך געקומען צום טרויעריקן אויספיר, אַז מען טאָר זיך ניט מאַכן קיינע אילוזיעס בנוגע דער צוקונפט פון קאָוונער געטאָ בכלל. די „אַקציעס", וואָס זיינען שוין דורכגעפירט געוואָרן, זיינען בלויז דער אָנהייב פון דעם טייוולאָנישן נאַצישן פּלאַן אומצוברענגען אַלע קאָוונער ייִדן. דעריבער איז די גורל־פראַגע בעת דער פאַרזאַמלונג געווען: וואָס זאָלן די ייִדן פון געטאָ טאָן אין דעם דאָזיקן שווידערלעכן מצב?

אַז גרויסע מאַסן ייִדן זאָלן קענען אַנטלויפן פון געטאָ, האָט אויסגעזען צו זיין אוממעגלעך, ווייל דער מלחמה־פראָנט איז שוין געווען ווייט פון קאָוונע, און די ליטווינער, סיי אין שטאָט און סיי אין דער אומגעגנט, האָבן אַרויסגעוויזן אַ ווילדע שינאה כלפּי די ייִדן און האָבן אַליין געהאָלפן די דייטשן זיי כאַפּן און מאָרדן. נעמענדיק אין אַכט די ביטערע ווירקלעכקייט, איז, בעת דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג

פון די ציוניסטישע טוער, צום ערשטן מאָל געפאַלן דער באַשלוס: אָרגאַניזירן אַ ווידערשטאַנד!

איקאַ גרינבערג און פּרץ פּאַדיסאָן האָבן געבראַכט צו די פּאַרזאַמלטע אַ פּלאַן וועגן אַן אויפשטאַנד אין געטאָ אין פאַל פון אַ נייער נאַצישער פאַרניכטונג־אַקציע. זיי האָבן פאָרגעשלאָגן צו שאַפן געהיימע „קעמערלעך" און צוגרייטן די יוגנט צום קאַמף. דער שטאַב, וואָס האָט געזאָלט צונויפגעשטעלט ווערן פון געזעלשאַפטלעכע טוער, האָט געדאַרפט זאָרגן צו קריגן געווער און אויפרייס־מאַטעריאַל. דער פּלאַן האָט פאָרויסגעזען, אַז ווען די באַנדיטן וועלן אַריינקומען אין געטאָ, כדי דורכצופירן אַן „אַקציע", זאָל אַ טייל אונטערערדישע קעמפער אונטערצינדן די געטאָ און דער באַוואָפנטער טייל זאָל שטעלן אַ ווידערשטאַנד די היטלעריסטן. בעת דער בהלה, וואָס ס'וועט זיך דאַן שאַפן, זאָלן די פאַרבליבענע ייִדן זיך פונאַנדערלויפן אין אַלע זייטן. אויב דער דאָזיקער פּלאַן וועט זיך ניט איינגעבן (און דאָס איז געווען כמעט ווי זיכער), דער אויפשטאַנד וועט דורכפאַלן און קיינעם וועט ניט געלינגען זיך צו ראַטעווען, זאָלן די קעמפער פון געטאָ, לכל הפחות, פאַלן מיט אַ בכבודיקן טויט, ווי בעת דער באַלאַגערונג פון מצדה.

אַזוי האָבן שוין דאַן, אין סעפּטעמבער 1941, געטראַכט קאָוונער ייִדן וועגן אָרגאַניזירן אַן אויפשטאַנד און אַרויסגיין אין קאַמף קעגן די דייטשן.

⁂

די מחברים פונעם ספר דערציילן, אַז די ערשטע אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע* אין קאָוונער געטאָ האָבן געשאַפן די מיטגלידער פון „פּועלי־ציון". אָנגעפירט מיט דער אָרגאַניזאַציע האָט פּסח משקוץ, וועלכער איז פאַר דער מלחמה געווען דער לייטער פון דער פּאַרטיי־צייטונג „דאָס וואָרט". אים האָבן געהאָלפן אייזיק סערעבּ־ניצקי און דער אינזשעניער מנחם סאַדאָווסקי.

די חברים פלעגן זיך פאַרזאַמלען אין דער דירה פון בערל כהן — איינער פון די רעדאַקטאָרן פון „דאָס וואָרט". צו די באַגעגענישן פלעגן קומען: די דערמאָנטע פּסח משקוץ און אייזיק סערעבּניצקי, לייב גאָרפינקל, הירש בריק, אהרון כהן, ד"ר קיסין, ישראל לייבנזאָן, מאיר גוטמאַן, דוד טרעגער און יעקב ראַבינאָוויטש. מען פלעגט אַרומריידן די לאַגע אין געטאָ און זיך טיילן מיט די ידיעות, וועלכע מען האָט זיך באַמיט צו קריגן פון דרויסן.

אויך די אַנדערע ציוניסטישע פּאַרטייען האָבן זיך אָרגאַניזירט אויף אַן ענלעכן

* לויט אַנדערע מקורות, איז די ערשטע אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע אין קאָוונער געטאָ געווען אַ קאָמוניסטישע (רעד׳).

אופן. שפּעטער איז געשאַפן געוואָרן אַ פעדעראַציע פון דער אונטערערדישער ציוניסטישער באַוועגונג אין געטאָ. צו דער פעדעראַציע האָבן זיך אָנגעשלאָסן די צוויי גרופּעס פון די אַלגעמיינע ציוניסטן (א׳ און ב׳), די „פּועלי־ציון״ און די רעוויזיאָניסטן. די פעדעראַציע איז שוין געווען אַקטיוו אין פרילינג 1942 און האָט זיך אַ נאָמען געגעבן „מ צ ו ״ ק״, לויט די ראשי־תיבות: „מרכז ציוני וויליאַמפּאָלע *, קובנה״. צו דער אָנפירערשאַפט פון „מצו״ק״ האָבן געהערט: ד״ר חיים־נחמן שפּירא — פון די אַלגעמיינע ציוניסטן, גרופּע א׳; אברהם גאָלוב — פון די אַלגעמיינע ציוניסטן, גרופּע ב׳; צבי לעווין — פון די רעוויזיאָניסטן; אייזיק סערעבניצקי — פון די „פּועלי־ציון״.

די הויפּטצילן פון „מצו״ק״ זיינען געווען אָרגאַניזירן די טעטיקייט פון דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע אין געטאָ און דערטיילן הילף אירע חברים אין אַלע נויטיקע פאַלן. ס׳איז אויך דורכגעפירט געוואָרן אַ רעגיסטראַציע פון אַלע אָרגאַניזירטע ציוניסטן אין געטאָ. אין אַ קורצער צייט נאָכן גרינדן זיך, האָט „מצו״ק״ זיך איינגעגעבן צו שטעלן אין פאַרבינדונג מיט די געטאָס פון ווילנע און שאַוול.

⁂

אין איינעם מיט „מצו״ק״ איז אין געטאָ געווען אַקטיוו אויך אַן אונטערערדישע ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט זיך אָנגערופן „אירגון ברית ציון״; פאַרקירצט: „א ב ״ צ״. זי האָט אַרויסגעגעבן אין געטאָ אַ געשריבענע צייטשריפט „נ י צ ו ץ״, פון וועלכער עס זיינען דערשינען דרייסיק נומערן. דער אָנפירער פון „אב״צ״ איז געווען יצחק שפּירא, דער זון פון דירעקטאָר פון קרן־קימת לישראל אין ליטע פאַר דער סאָוועטישער אָקופּאַציע, ד״ה פאַר זומער 1940.

די אָרגאַניזאַציע איז געווען פאַרטיילט אין קליינע גרופּעס און האָט געהאַט אַ צענטראַלראַט, וועלכער פלעגט זיך פאַרזאַמלען איין מאָל אין זעקס וואָכן אויף אַ זיצונג, וואָס פלעגט דויערן כמעט אַ גאַנצע נאַכט. די אָרגאַניזאַציע האָט זיך אויך פאַרנומען מיט קולטור־אַרבעט אין געטאָ און מיטן צוגרייטן פאַרטיידיקונגס־ און קאַמפּס־אָפּטיילונגען. אָנהייב 1942 איז געשאַפן געוואָרן אַ ספּעציעלע קאָמיסיע אויסצואַרבעטן די אידעאָלאָגישע פּלאַטפאָרם פון „אב״צ״.

די קאָמיסיע האָט אָפּגעהאַלטן אַרום פערציק זיצונגען, מערסטנס אונטערן פאָרזיץ פון שלמה פרענקעל. די אויסגעאַרבעטע אידעאָלאָגישע פּלאַטפאָרם איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין „ניצוץ״ און איז פאַרשפּרייט געוואָרן צווישן אַלע חברים.

---

* ליטוויש. סלאָבאָדקע (רעד׳).

די פּלאַטפאָרם האָט זיך אַרויסגעזאָגט פאַר אַ פאַראייניקונג פון אַלע ציוניסטישע פּאַרטייען אין איין אָרגאַניזאַציע, וואָס זאָל „מצרף זיין די ציוניסטישע אידיי צו די ציוניסטישע מעשים". אַ שאַרפע קריטיק איז אַרויסגעבראַכט געוואָרן קעגן דער צעריסנקייט אין די ציוניסטישע רייען און ס'איז איינדייטיק אונטערגעשטראָכן געוואָרן די נעגאַטיווע באַציִונג פון ציוניזם וועגן פאַרבלייבן ווייטער אין גלות.

ס'איז אויך אָנגענומען געוואָרן אַ קלאָרע שטעלונג צו דער פראַגע, וועלכע איז שאַרף דיסקוטירט געוואָרן אין דער ציוניסטישער וועלט-באַוועגונג, קורץ פאַר דער מלחמה, וועגן דעם טיילונגפּלאַן פון ארץ־ישראל, וואָס איז פאָרגעשלאָגן געוואָרן דורך דער בריטישער קעניגלעכער אויספאָרשונגס-קאָמיסיע. די אונטערערדישע ציוניסטישע יוגנט-אָרגאַניזאַציע האָט זיך אַרויסגעזאָגט פ אַ ר דעם דאָזיקן פאָר־שלאָג און האָט פאַרלאַנגט צו גרינדן תיכף אַ ייִדישע מדינה אין ארץ־ישראל אויפן יסוד פון דעם דאָזיקן פּלאַן.

די פּראָגראַם האָט זיך פאַרענדיקט מיט דער פאָדערונג, אַז די עקזעקוטיווע פון דער ציוניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע זאָל פאַרלאַנגען פון די פעלקער פון דער וועלט, אַז זיי זאָלן „ציִען די קאָנסעקווענצן פון דער שוידערלעכער ייִדישער קאַ־טאַסטראָפע אין דער מלחמה און זאָלן לייזן די ייִדן-פראַגע דורך אויפריכטן די ייִדישע מדינה אין ארץ־ישראל".

⁂

רירנדיק זיינען די געשיכטעס, וועלכע ווערן איבערגעגעבן אין דעם דיקן רייך־דאָקומענטירטן בוך וועגן דעם אונטערערדישן קאַמף פון די ייִדן אין קאָוונער געטאָ קעגן די נאַצי־פּייניקער און רוצחים. קוים 8 פּראָצענט האָט געציילט די שארית־הפליטה פון דער קאָוונער קהילה נאָך דעם מוראדיקן חורבן. פאַר די אומגעקומענע 92 פּראָצענט איז דאָס בוך אַ ווירדיקע און אייביקע מצבה.

י. ראַבינאָוויטש

# צווישן יורבורג און ראַסיין — צווישן לעבן און טויט

אין אַ דאָרף, וואָס ליגט צווישן יורבורג און ראַסיין, האָט אַ גרופּע יורבורגער ייִדן, וועמען ס׳איז געלונגען זיך צו ראַטעווען פון די מאַסן־שחיטות אין 1941, אָרגאַניזירט אייניקע באַהעלטענישן און זיך אין זיי אויפגעהאַלטן.

אַ דאַנק איינעם אַ יורבורגער ייִדן, אַרשטיין, וועלכער האָט זיך געפונען אין קאָוונער געטאָ, איז אין 1944 געלונגען דער גרופּע זיך צו פאַרבינדן מיטן געטאָ. דער פאַרבינדלער איז געווען פּעטראַס מאַנילאַ, אַ ליטווינער, וועלכער האָט באַקומען פון די ייִדן אַ קליינע און באַשיידענע באַלוינונג פאַר זיין הומאַנישער און זייער ריזיקאַלישער אַרבעט. דער זעלבער מאַנילאַ האָט אויך באַזאָרגט די מענטשן מיט שפּייז און אַפילו מיט געווער.

ווען די ערשטע קאָוונער געטאָ־ייִדן האָבן דערגרייכט דאָס אָרט, האָבן זיי דאָ געפונען עלף יורבורגער ייִדן, אונטער דער אָנפירונג פון אַנטאַנאַס (משה). איינע פון די ערשטע אויפגאַבעס פון דער אויסגעוואַקסענער גרופּע איז געווען צו געפינען אַ דאָקטער. ד״ר טוטל אַראָנסאָן, אַ מעמלער ייִד, האָט איינגעשטימט צו אַנטלויפן פון געטאָ און זיך אָנשליסן צו דער גרופּע. מען האָט אויך געפונען אין געטאָ אַ קראַנקן־שוועסטער און אַ פאַרמאַצעווט, וואָס זיינען אויך געקומען אַהער.

אויף וויפל עס געדענקט זיך, זיינען דאַן, צווישן די איבעריקע אין דער גרופּע, געווען: די שוין דערמאָנטע ד״ר אַראָנסאָן און אַרשטיין, פרוי פרידמאַן פון מעמל מיט אַ טאָכטער, פּעסיע פּאַסוויאַנסקי מיט אַ טאָכטער און צוויי פלימעניקעס, יאָלק מיט אַ מיידל זשעניאַ, אייזיק און שלמה באַק, משה און פרוי קאַניוכאָווסקי מיט אַ שוועסטער און אייניקע זייערע קינדער, פרוי כץ מיט אַ קינד, יאָשאַ גורעוויטש (אַ געוועזענער געטאָ־פּאָליציסט) מיט זיין פרוי און אירן אַ ברודער, זעלדע קאַדושין, אַדוואָקאַט שיין, צוויי ברידער פיינשטיין, אַ יורבורגער שוחט מיט זיין פרוי און צוויי קינדער, קליבאַנסקי, קצב מיט אַ שוואָגער, יודל תרשיש, יוסף גלאַסרוט און פרוי א״א.

דאָס אַנטלויפן פון געטאָ איז איבערהויפּט צו יענער צייט געווען זייער שווער און זייער קאָמפּליצירט, און דער עיקר — זייער ריזיקאַליש. האָט מען געפונען אַן עצה: אַזוי ווי יורבורג ליגט ביים ניעמאַן, פלעגט מען זיך אַנשליסן צו דער גרופּע ייִדן, וואָס פלעגט געטריבן ווערן צו צוואַנגס־אַרבעט אין דער זאַקן־פאַבריק „סילוואַ", וואָס איז אין סלאַבאַדקע, און פון דאַנען מאַכן פּליטה, כדי שפּעטער מיט שיפלעך דערגרייכן יורבורג (סלאַבאַדקע געפינט זיך ביי דער ווילי̇ע, וועלכע פאַלט אַריין אין ניעמאַן).

דאָס אַנטלויפן פלעגט זיין גוט אָרגאַניזירט און צוגעגרייט. די אַנטלאָפענע ייִדן האָבן אויסגעזען ווי אמתע ליטווינער און האָבן ניט אַרויסגערופן קיין שום פאַרדאַכט. די ליטווינער, וועלכע האָבן, פאַרשטענדלעך פאַר באַצאָלט, זיך פאַרנומען מיט דעם, האָבן געוווּסט פּינקטלעך זייער אַרבעט און זיינען קיין מאָל ניט דורכ־געפאַלן. דער הויפּט פון זיי האָט געהייסן קאַזיס. ער איז געווען באַוואָפנט און האָט געטאָן זיין אַרבעט דרייסט. די רייזע אין די שיפלעך פלעגט אָפּט מאָל דויערן 17 און 18 שעה. אין אַ שיפל פלעגן זיין צווישן 6 און 12 מענטשן. אונטערוועגס פלעגט מען אויפן טייך טרעפן אַנדערע שיפלעך מיט ליטווינער, אָבער קיינעם פון זיי איז ניט איינגעפאַלן, אַז אין איינעם פון די שיפלעך געפינען זיך פאַרפאַלגטע ייִדן.

***

אין דאָרף, צווישן די אויסבאַהאַלטענע ייִדן, האָט געהערשט אַ שטרענגע דיסציפּלין. אַנטאַנאַס־משה האָט אַלעמען איינגעאָרדנט. די ערשטע צייט האָט מען געלעבט אין שייערס, אין שטאַלן און אין פּויערישע הייזער. אַלע האָבן געהאַט געלט. אָן געלט האָט מען ניט געהאַט קיין שום שאַנס אַריינגענומען צו ווערן אין דער גרופּע, מחמת יעדער קער און יעדע באַוועגונג איז געווען פאַרבונדן מיט ריזיקע אויסגאַבעס.

ביי נאַכט פלעגט מען אַרויסגיין פון די באַהעלטענישן און זיך באַראַטן ווי אַזוי אַרויסצופירן נאָך מענטשן פון קאָוונער געטאָ, וואָס ווייטער טאָן און ווי צו קריגן נייעס פון געטאָ. מען פלעגט אויך הערן ראַדיאָ ביי די פּויערים אין די הייזער.

פאַר דער גרויסער מערהייט ליטווינער האָט מען זיך געדאַרפט שטאַרק היטן. איינער אַ שאַוליסט* האָט באַמערקט, אַז עס דרייען זיך אַרום ייִדן, האָט ער אָנגעהויבן זוכן און נישטערן אין דאָרף און אין וואַלד (דער זעלבער שאַוליסט האָט זיך געהאַט אַקטיוו באַטייליקט אין מאָרדן ייִדן). עס איז באַשלאָסן געוואָרן אים

* אַ מיטגליד פון אַ פאַשיסטישער אָרגאַניזאַציע אין ליטע (רעד׳).

צו דערהרגענען. יודל תרשיש, משה קאַניוכאָווסקי און יאַלק האָבן אים אײַן מאָל פאַרנאַרט אין וואַלד אַרײַן און דאָ דערשאָסן. דערמיט איז אויסגעמיטן געוואָרן אַ גרויסע געפאַר פאַר דער גאַנצער גרופּע.

קלאַנגען אַז אַ גרויסע גרופּע ייִדן באַוועגט זיך אין דאָרף און אין וואַלד, זײַנען דערגאַנגען אויך צו דער ליטווישער פּאָליציי. און אײן מאָל, ווען עטלעכע ייִדן האָבן זיך געפונען בײַ דעם ליטווינער מינאַלגאַ, זײַנען זיי, די פּאָליציסטן, אָנגעקומען. צום גליק האָבן זיך די ייִדן געפונען הינטער אַ דאָפּלטער וואַנט, און מינאַלגאַ האָט אַזוי געלונגען מאַנעווורירט מיט דער פּאָליציי, אַז זיי האָבן זיך איבערצײַגט, אַז די קלאַנגען וועגן ייִדן, וואָס געפינען זיך אין דער געגנט, זײַנען ניט קײן באַגרינ־דעטע, און זײַנען אַוועק פון דאָרף. די ייִדן האָבן גלײַך פאַרלאָזן דאָס הויז און אַוועק אין וואַלד.

דער פראָנט האָט זיך גענומען דערנענטערן און וואָס פון טאָג האָבן די דײַטשן גענומען אינטענסיווער אָפּטרעטן. זיי זײַנען געלאָפן דורך די וועלדער און עס איז געוואָרן זייער געפערלעך זיך צו געפינען אין וואַלד, ווו עס האָט זיך באַוויזן אַ מאַסע אַנטלויפנדיקע דײַטשן און ליטווינער. דאַן האָבן די ייִדן באַשלאָסן צו בויען בונקערס טיף אין וואַלד, ווײַטער פון הויפּטוועג.

מען האָט זיך צעטײלט אין גרופּעס און יעדע גרופּע האָט געבויט איר בונקער אין אַן אַנדער ווינקל פון וואַלד. גלײַכצײַטיק האָט מען אויסגעבויט אויך איין גרויסן בונקער, ווו יעדער אײנער האָט געוואָלט זיצן דווקא ביים אַרײַנגאַנג, ווײַל דאָ איז געווען מער לופט; טיפער אין בונקער איז ניט געווען מיט וואָס צו אָטעמען. זײַנען צוליב דעם פאַרגעקומען מחלוקתן.

איין גרופּע פון 22 מענטשן — מענער און פרויען אַן קינדער — איז אַוועק אין אַ ווײַטן ווינקל פון וואַלד און דאָ זיך אויסגעגראָבן אַ בונקער מיט פּשוטע לעפל, ווײַל קיין אַנדערע גראָב־מכשירים האָבן זיי ניט געהאַט. אין דער דאָזיקער גרופּע האָט זיך געפונען ד״ר אַראָנסאָן.

פון דרויסן איז יעדער בונקער געווען גוט פאַרמאַסקירט, אַזוי אַז מען האָט אים ניט געקענט באַמערקן; און עס האָט ווײַפל מאָל פּאַסירט, אַז לעבן די בונקערס פלעגן זיך אַוועקזעצן דײַטשן און ריידן וועגן פאַרשיידענע פּערזענלעכע ענינים און אויך וועגן ייִדן. דאַן פלעגט מען זיצן אין די בונקערס מיט אַן אײנגעהאַלטענעם אָטעם און קלאַפּנדיק האַרץ.

עס זײַנען געווען באַזונדערע בונקערס, ווו מען האָט געהאַלטן שפּײַז; אויך אַ ספּעציעלער בונקער צו קאָכן עסן איז געווען. קאָכן פלעגט מען באַגינען, ווען צוליבן פרימאָרגן־טוי האָט מען ניט געזען דעם רויך.

אין חודש יולי איז די באַוועגונג אין וואַלד געוואָרן זייער לעבהאַפט. מען האָט זיך פיל מאָל אויסגעמישט מיט ליטווינער, מען האָט אָנגעטראָפן אויף דייטשן, אָבער קיינער האָט ניט דערקענט, אַז מען איז ייִדן. מען האָט געשפּירט, אַז די נאָנטסטע וואָכן און אפשר טעג וועלן ברענגען די גאולה, אָבער דערווייל איז נאָך אַלץ געלעגן דער חלף אויפן האַלדז.

אַרום האָט זיך געטראָגן דער אָפּהילך פון נאָנטע קאַנאָנאַדעס און אויפרייסן. אין איינעם אַ טאָג האָט זיך באַוויזן אין וואַלד יאַשא גורעוויטש מיט זיין פרוי און שוואָגער. זיי איז געלונגען צו אַנטלויפן פון טראַנספּאָרט בעת דער געטאָ־ליקווי־דאַציע און זיי האָבן עס איבערגעגעבן דעם טרויעריקן גערוס וועגן בלוטיקן סוף פון קאָוונער געטאָ.

איין מאָל איז אַפילו אַריינגעפאָרן אין וואַלד אַ סאָוועטישער אויטאָ; ווייזט אויס, אַז מיט אַ טעות. די דייטשן האָבן אַלע סאָוועטישע סאָלדאַטן דערשאָסן. די דייטשן האָבן אויך אַראָפּגעשאָסן אַ סאָוועטישן אַעראָפּלאַן. דער פּילאָט, יאַקאָוולעוו, אַ סי־ביריאַק, האָט געלאַנדעט מיט אַ פּאַראַשוט אין וואַלד, דערשאָסן אַ דייטש, וואָס האָט אים געפּרוווט פאַרהאַלטן, און איז אַנטלאָפן. אייניקע ליטווינער האָבן אים אַ קורצע צייט אויסבאַהאַלטן און שפּעטער אים אַריינגעשיקט צו די ייִדן אין די מאַלינעס.

איינעם אַ טאָג האָבן די ליטווישע פּויערים, וואָס האָבן געהאָלפן די ייִדן, אַריינגעשיקט צו זיי 3 לעטישע דעזערטירן, אַנטלאָפענע פון דער דייטשער אַרמיי.

דאָס צוזאַמענלעבן פון די פאַרשיידענע מענטשן איז געווען אַ גוטער. מען האָט זיך ניט געקריגט, ניט באַשולדיקט און ניט מקנא געווען. דאָס האָט אָבער אָנגעהאַלטן אַזוי לאַנג, ביז עס איז אַנטשטאַנען אַ שפּייז־מאַנגל. עס זיינען אויך אַנטשטאַנען ליבע־אַוואַנטורעס. די יורבורגער ייִדן, וועלכע זיינען שוין עטלעכע יאָר געווען אָן פרויען, האָבן אָנגעהויבן אַ קאָנקורענץ־געיעג צווישן זיך, כדי צו פאַנגען די פרויען־הערצער. משה יאָקעס, צ״ב, האָט זיך פאַרליבט אין דער פרוי כץ, וועלכע איז געקומען פון געטאָ מיט אַ קינד. איינער אַ בחור האָט אַרויסגעראַטעוועט פון געטאָ זיינס אַ מיידל, אין וועלכער ער איז געווען פאַרליבט. נאָך אַ קורצער צייט האָט זי אים פאַרביטן אויף אַן אַנדערן...

בדרך כלל זיינען אָבער קיין ערנסטע רייבונגען און קריגערייען ניט פאָרגעקומען.

⁂

די ייִדן אין געטאָ, וועלכע האָבן געהאַט קליינע קינדער, האָבן כמעט ניט געהאַט קיין אויסזיכטן צו געפינען אַ מאַלינע, ווייל מיט קינדער איז געווען, ערשטנס, שווערער זיך אַרויסצושמוגלען פון געטאָ און, צווייטנס, קליינע קינדער האָבן ניט

געקענט קיין ליטוויש. אָבער די עיקר־סיבה איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס קליינע קינדער האָבן, מיט זייער וויינען, געקענט פאַרראַטן די מאַלינעס. ניט קוקנדיק אָבער אויף אַלע שוועריקייטן און געפאַרן זיינען דאָך געווען אין וואַלד צען קינדער. דאָס יינגסטע איז געווען אַלט קוים פיר יאָר. די דאָזיקע קינדער זיינען געווען אויס־געלערנט און דיסציפּלינירט ווי דערוואַקסענע און האָבן געוווסט ווי זיך אויפצופירן בעת אַ סכנה.

איין מאָל איז איין יינגל אַוועק קלייבן יאַגדעס און האָט פאַרבלאָנדזשעט. דאָס איז געווען דער אַכט־יאָריקער יאַנקעלע, אַ גערעטעוועטער פון פּאַלאַנגער קינדער־קאָלאָניע. די דייטשן האָבן אים געכאַפּט, ער האָט געפּרווט זיך פאַרשטעלן פאַר אַ ליטווינער, עס האָט אָבער ניט געהאָלפן און זיי האָבן אים דערשאָסן. זיינע עלטערן זיינען געווען אין רוסלאַנד, און אין וואַלד איז ער געווען צוזאַמען מיט די קאָניוכאָווסקיס.

צווישן די ייִדן און די אַרומיקע פּויערים האָבן זיך, בדרך כלל, איינגעשטעלט פריינדלעכע באַציִונגען. געווען פּויערים וואָס האָבן געגלייבט, אַז די ייִדן האָבן באַהאַלטענע געווער־אַרסענאַלן אין וואַלד און אפשר אַפילו אַ גאַנצע אַרמיי. פיל מאָל זיינען אַזעלכע פּויערים געקומען זוכן שוץ ביי די ייִדן קעגן די דייטשן, וואָס פלעגן קומען אויסראַבירן זייערע הייזער. זיי פלעגן בעטן, אַז די ייִדן זאָלן פאַריאָגן די דייטשן... דער פּחד פאַרן ייִדישן כוח האָט געהאָלפן די געפּלאָגטע ייִדן.

ד״ר אַראָנסאָן פלעגט זייער אָפט גיין אויף וויזיטן צו קראַנקע פּויערים. זיי פלעגן באַצאָלן מיט שפּייז־פּראָדוקטן. זעלדע קאָדושין האָט געהאַט געבראַכט מיט זיך פון געטאָ אַ סך מעדיקאַמענטן; דאָס איז געווען אַ גרויסע הילף.

ניט אַלע ליטווינער זיינען געווען „צדיקים״. די מערהייט, ווי שוין געזאָגט, האָט פיינט געהאַט די ייִדן, פלעגט זיי מסרן פאַר די דייטשן און געהעצט קעגן זיי. ביי אַ סך האָט זיך געהאַט צעשפּילט די פאַנטאַזיע וועגן ריזיקע ייִדישע אוצרות, וואָס זיינען באַהאַלטן אין די בונקערס און האָבן נאָר געזוכט ווי אַזוי אויסצוראָטן די באַהאַלטענע און אויסראַבירן זייער האָב־און־גוטס...

⁂

די שנעלע דערלייזונג און באַפרייונג, וואָס ס׳האָט אויסגעזען, אַז עס איז אַ פראַגע פון געציילטע טעג, האָט זיך גענומען פאַרשלעפּן, און צווישן די באַהאַלטענע ייִדן האָט זיך געשאַפן אַ טרויעריקע און פּעסימיסטישע שטימונג. מען האָט זיך געגריזשעט און אַנדערע האָבן אַפילו אויסגעדריקט חרטה, פאַר וואָס מען איז אַוועק פון כלל.

אין איינעם אַ טאָג האָבן פּויערים געוואָרנט, אַז די ליטווישע פּאָליציי גרייט זיך צו מאַכן אין וואַלד אַן אַבלאַווע אויף ייִדן... ס׳איז געוואָרן אַ שטיקל פּאַניק, מען האָט אָבער ניט פאַרלאָרן די קעפּ און מען האָט באַשלאָסן, אַז מען טאָר ניט בלייבן בשום אופן אין די זעלביקע בונקערס. און טאַקע, ווי נאָר מען האָט באַוויזן זיך אַריבערצוקלייבן אויפן צווייטן זייט וואַלדוועג, זיינען אָנגעקומען צו די בונקערס, וועלכע מען האָט נאָר וואָס פאַרלאָזן, ליטווישע פּאָליציאַנטן. ס׳איז געווען ממש אַ נס, וואָס מען האָט אין דער לעצטער רגע אויסגעמיטן אַן אומגליק.

די לאַגע איז אָבער וואָס ווייטער געוואָרן מער געשפּאַנט. די ליטווישע פאַשיסטן האָבן פאַרשפּרייט קלאַנגען, אַז די דייטשן גרייטן זיך צו אַ גרויסער אָפענסיווע קעגן די רוסן און אַז דער גאַנצער וואַלד וועט, אין רעזולטאַט פון דעם, פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ העלישן פייער. דורך די פּויערים האָבן זיי געגעבן אָנצוהערן, אַז ס׳וואָלט געווען בעסער, ווען זיי, ד״ה די ייִדן, גייען אַריבער דעם פראָנט צו די רוסן און אַזוי אַרום וואָלטן זיי זיך געראַטעוועט. זייער ציל איז געווען צו פּראָוואָצירן די באַהאַלטענע און ווירקן אויף זייערע צעשרויפטע נערוון. און דאָס האָט טאַקע געבראַכט פאַר די ייִדן ביטערע רעזולטאַטן.

מען האָט פשוט ניט געוווּסט וואָס צו טאָן ; צענדליקער מאָל האָט מען אַנאַליזירט יעדע מעגלעכע עווענטואַליטעט, מען האָט געמאָסטן און געוויגן יעדן פרישן געדאַנק, וואָס איז אַרויסגעבראַכט געוואָרן ; דער סוף איז געווען, אַז מען האָט באַשלאָסן צו בלייבן אויף אַן אָרט און ניט גיין אין פייער, ווו די שאַנסן זיך צו ראַטעווען זיינען געווען מינימאַלע, ספּעציעל פאַר די משפחות מיט קליינע קינדער. אָבער די 3 לעטן, וועלכע האָבן געהאַט דעזערטירט פון דער דייטשער אַרמיי און האָבן זיך אויסבאַהאַלטן צוזאַמען מיט די ייִדן, האָבן געטענהט, אַז זיי קענען מער ניט אויסהאַלטן און דעריבער ווילן זיי פּרווון אַריבערגיין דעם פראָנט צו די רוסן. געווען צווישן די ייִדן אַזעלכע, וואָס האָבן זיי אָפּגערעדט דערפון. אַנדערע האָבן געזאָגט, אַז מען זאָל זיי בכלל ניט טרויען און ניט אַרויסלאָזן פון די מאַלינעס. ס׳האָט אָבער גאָרניט געהאָלפן און אין איינער אַ נאַכט זיינען זיי אַוועק...

אין אַ גאָר קורצער צייט אַרום איז געקומען צו ד״ר אַראָנסאָן נאָך הילף אַ פאַרוווּנדעטער פּאָליאַק, וועמען ס׳איז געלונגען צו אַנטלויפן פון די דייטשן, און ער האָט דערציילט, אַז די 3 לעטן זיינען געכאַפּט געוואָרן.

דעם 30טן אויגוסט 1944, אַרום עלף אַ זייגער אין דער פרי, האָבן הונדערטער דייטשן אַרומגערינגלט דעם וואַלד, ווו די ייִדן האָבן זיך אויסבאַהאַלטן. מען האָט דערפילט, אַז דאָס איז דער ביטערער סוף. עס זיינען צערונען געוואָרן אַלע זיסע האָפענונגען און דערוואַרטונגען. מען איז געשטאַנען ביים ראַנד פון אונטערגאַנג.

איינער פון די לעצטן האָט געפירט די דייטשן צו די בונקערס... זיי האָבן אויפֿגעפאָדערט די ייִדן אַרויסצוגיין און זיך אונטערגעבן, מען האָט אָבער ניט געפאָלגט און אַנשטאָט דעם געעפנט אויף די דייטשן אַ פייער. געווער איז געווען און מען האָט באַשלאָסן צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד. ביים בונקער פון שלמה און איזיק באַק איז געפאַלן אַ דייטש. אויך ביי קליבאַנסקיס בונקער איז געפאַלן אַ דייטש. דאַן האָבן די דייטשן גענומען באַוואַרפן די בונקערס מיט גראַנאַטן. אַ טייל בונקערס האָבן זיי אויפגעריסן, די איבעריקע האָבן זיך אונטערגעגעבן. די אונטערגעגעבענע ייִדן, באַוואַקסענע און שמוציקע פון ליגן אין די בונקערס, האָבן די דייטשן אכזריותדיק געשלאָגן און חוזק געמאַכט פון זייער אויסזען. שפּעטער האָט מען זיי דערשאָסן.

אין אַ צווייטן ווינקל וואַלד איז אַ גרופּע מענער געזעסן אויף די בונקערס און האָבן צו דער צייט באַמערקט די אָנקומענדיקע דייטשן. די גרופּע איז געווען גוט באַוואָפנט און האָט געעפנט אויף די מערדער אַ פייער פון אויטאָמאַטיש געווער. דאָס פייער איז געווען שטאַרק און אומגעריכט; די דייטשן האָבן זיך געמוזט צוריקציִען. שפּעטער האָבן זיי געבראַכט פאַרשטאַרקונגען און גענומען אָנגרייפן די גרופּע ייִדן. דער קאַמף איז געווען זייער אַ לאַנגער און פאַרביסענער. אינעם דאָזיקן קאַמף איז געפאַלן דער פון אַלעמען באַליבטער ד״ר אַראָנסאָן. עטלעכע מענטשן איז, בעת דער שיסעריי, געלונגען צו אנטלויפן.

⁂

יוסף גלאַסרוט, אַ וואַרשעווער ייִד, וואָס איז געווען אין קאָוונער געטאָ, איז גראָד געווען אַריין אין אַרשטיינס בונקער. גלאַסרוטס פרוי איז געבליבן אליין ביי זיך אין בונקער. די דייטשן זיינען צוגעקומען צו אַרשטיינס בונקער און געהייסן אַלעמען אַרויסגיין. גלאַסרוט איז אַרויס דער ערשטער. מען האָט אַלעמען אונטער־זוכט. ביי גלאַסרוטן האָט מען געפונען קוילן. די דייטשן האָבן אים שטאַרק צעשלאָגן און באַפוילן צו קניִען מיט די הענט אין דער הויך. עטלעכע שעה איז ער אַזוי געשטאַנען, ביז די דייטשן האָבן צונויפגעפירט אַלע געכאַפּטע.

יאַשאַ גורעוויטש האָט פּרובירט ווירקן אויף זייערע רחמנות־געפילן. ער האָט זיי דערציילט, אַז ער האָט נאָר געוואָלט איבערלעבן די מלחמה און ער איז אין גאָרניט שולדיק. אויף דעם האָט אים דער מערדער־קאָמאַנדיר געענטפערט, אַז די אַמעריקאַנער ייִדן האָבן פּראָוואָצירט די מלחמה קעגן דייטשן פאָלק און אַז איין ייִד איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן צווייטן; דעריבער דאַרף מען אַלע ייִדן אומברענגען.

צווישן די געכאַפּטע זיינען געווען עטלעכע פאַרווונדעטע ייִדן. די דייטשן האָבן געהייסן מען זאָל די פאַרווונדעטע טראָגן. פּלוצעם האָבן די דייטשן, וואָס האָבן

באַגלייט די פאַרוווּנדעטע, באַמערקט אַן אַנטלויפנדיקן ייִדן. זיי האָבן באַפוילן די ייִדן זיך לייגן אויף דער ערד און האָבן געעפנט אַ פייער אויפן אַנטלאָפענעם. געיאָגט פון אַן אינערלעכן אינסטינקט און אומקאָנטראָלירטן אימפעט האָט דער ייִד גענומען לויפן מיט אַ קאָלאָסאַלער שנעלקייט. די ביימער האָבן אים פאַרשטעלט און די דייטשע קוילן האָבן אים ניט געקענט טרעפן. דאָס איז געווען יוסף גלאַסרוט.

אַ לאַנגע צייט איז ער געלאָפן אָן אַן אָפּשטעל, אַ באָרוועסער, ביז ער איז געפאַלן פון מידקייט. עס איז שוין געווען פינצטערלעך. ווען ער האָט זיך אויפֿגעהויבן, האָט די לבנה געשיינט אין איר פולער פּראַכט. ער האָט גענומען גיין פאָרזיכטיק, דורך אומוועגן און זייטיקע סטעזשקעס, ביז ער האָט דערגרייכט דעם ראַיאָן פון זיין פרויס מאַלינע. דערווייל האָט גענומען רעגענען, ממש גיסן; דאָס איז געווען פאַר אים אַ גליק, ווייל אין דעם מאָמענט איז אין וואַלד קיינער ניט געווען. עס האָט אָבער לאַנג ניט גענומען און דער הימל האָט זיך ווידער אויסגעלייטערט, און ווען ער האָט סוף סוף, נאָכן אָפּלויפן צען קילאָמעטער, דערגרייכט צום דאָרף מיטן טייכל, וווּ עס האָט זיך געפונען זיין פרויס מאַלינע, אין וועלכער זי איז געזעסן אַליין אין טויטשרעק, האָט ער באַמערקט דייטשע אַרטילעריע. ער איז געוואָרן צעטומלט, אָבער האָט ניט רעזיגנירט פון געפינען זיין פרוי. ער האָט געהערט ווי די דייטשן דערציילן איינער דעם צווייטן וועגן די געכאַפּטע ייִדן, וועגן זייערע מאַלינעס און ווי מען האָט די געכאַפּטע דערמאָרדעט. גלאַסרוט האָט גענומען לויפן. די דייטשן האָבן אים באַמערקט און גענומען אויף אים שיסן, אָבער ווידער ניט געטראָפן.

ווען ער האָט דערגרייכט זיין פרויס מאַלינע, האָט ער זי געפונען קוים אַ לעבעדיקע, אַ צעשראָקענע און אויסגעשעפּטע. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז בעת דער אָבלאַווע האָט זי געוואָלט אַרויסגיין פון בונקער, אָבער אַ דייטשער גראַנאַט האָט אויפגעריסן און זי האָט געחלשט. ווען זי איז געקומען צו זיך איז שוין געווען נאָך אַלעמען.

גלאַסרוט האָט גענומען זיין פרוי און זיי זיינען ביידע אַוועק אין דער ריכטונג פון שאָסיי יורבורג—ראַסייך. זיי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אויפן שטח צווישן ביידע קעמפנדיקע צדדים און זיינען געווען עדות פון די שלאַכטן, וואָס זיינען פאָרגעקומען צווישן די דייטשן און די רוסן.

מיט אַ לעפל האָבן זיי זיך אויסגעגראָבן אַ גרוב און פאַרדעקט מיט צווייגן. עלף טעג האָבן זיי זיך דאָ אויסבאַהאַלטן, ביז דער הונגער האָט זיי געצוווּנגען צו פאַרלאָזן זייער באַהעלטעניש.

פון דער גאַנצער גרופּע, וואָס איז באַשטאַנען פון 70 מענטשן, האָבן זיך גע־

ראַטעוועט בלויז 7: יוסף גלאַסרוט און זיין פרוי, זעלדע קאַדושין, משה קאָניוכאָווסקי, איין מיידל וואָס איז געבליבן אין ליטע, אַ ברודער פון אַנטאַנאַס־משה און איינער אַ מאַן, וועלכער איז אַוועק קיין דרום־אַפריקע.

ד"ר אמה זלודוק

# מריאַמפול — עיר תורה והשכלה

היום — יום־החורבן של יהודי עיר־מולדתי. הדלקתי נר במרתף־השואה על הר־ציון, בירושלים. ביום זה התאספו ילידי־מריאַמפול מפינות שונות בארץ, לשם גילוי לוח־הזיכרון של חללי אחת הקהילות הפורחות בליטא. מפי ליטאים, לא־יהודים, תושבי העיר מריאַמפול, נודע לפליטי חרב־הנאצים, שיצאו ממחבואיהם במקום, בתום השואה, ולאלה שחזרו ממרחקים, לחפש בין תילי־החרבות את הנותרים — שב־ג' באלול תש"א, הביאו את רובם של יהודי מריאמפול והסביבה למקום, על־יד הנהר ששופה, הכריחום לכרות את קבריהם, ואחרי־כן קברו אותם חיים, בהשליכם עליהם גושי־אדמה.

אכן, העם בארץ ובתפוצות, שהיה מזועזע לשמע ידיעות מחרידות, כבר הספיק לספוג, מאז השואה ועד היום, תיאורים של הרס וחורבן, של קהילות גדולות וידועות באירופה. ברם על הקהילה שבמרימפול, שמנתה, בערך, שמונת אלפים יהודים, והם היוו את רוב האוכלוסין בעיר, לא דובר ולא נכתב, והרי הקהילה המפוארת הזאת, למרות היותה קטנה באופן יחסי, יכלה לתפוש עמדה מכובדת בשורת הקהילות הגדולות שבאירופה ולייצג את העם בערכי תרבות ישראל.

⁂

מריאַמפול „עיר התורה וההשכלה" מלאה היתה היכלי־תרבות. מיד אחרי מלחמת־העולם הראשונה, הוקמה הגימנסיה העברית השניה בליטא, אחרי זו שבקובנה. עובדה זו מוכיחה את רצונם העז של יהודי מריאמפול להעניק לילדיהם חינוך לאומי, לשון ותרבות, ולא למוסרם לבתי־ספר נוכריים, שהיו במספר רב בעיר. מתוך חיבה לציון ולעם, התגברו יהודי מריאמפול על הרבה קשיים טכניים וכלכליים. נציגי־הקהילה יצאו בתום מלחמת־העולם הראשונה לברלין ולפרנקפורט־דמאין, לגייס מורים, פדגוגים מעולים, שיקבלו עליהם את ניהול המפעל, ויעסקו בהוראה.

בין המנהלים הראשונים היה הד״ר מאיר, עורך ה„יידישע רונדשאו״, הד״ר ליבנהרץ, שפירא, ד״ר לובאי ועוד. במשך השנים נמשכה ההיאבקות בין המפעל והשלטונות הליטאיים, שהשתדלו תמיד לקצץ את התקציב ולהחדיר את הלשון שלהם. מאמצים רבים נעשו, אך התוצאה היתה, לשון עברית צחה, מדוברת ברחובות העיר וסימטאותיה, במוסדות ציבוריים, בבתים פרטיים, ואף בחנויות. מלבד המוסד הנ״ל הוקמו בתי־ספר „תרבות״, „יבנה״, גני־ילדים, והלשון העברית נשמעה אף בזמן משחקי־הפעוטות. הנוער דיבר אך ורק עברית וכשהגיעו לאוניברסיטה הליטאית, היו צלילי־הלשון של המדינה, נבלעים בצלילי הלשון העברית. החינוך במוסדות הנ״ל עורר וחיזק את החיבה לארץ, והרבה מבני־הנוער, הצטרפו לתנועת החלוץ ולהכשרה ועלו ארצה.

רבים מהנוער המריאַמפולי נמצאים בקיבוצים השונים, או עובדים כמורים ומנהלים בבתי־ספר יסודיים, וגם תיכוניים בארץ. אחוז די גבוה של הנוער המריאַמפולאי, רכש לו השכלה גבוהה, באוניברסיטאות של מערב־אירופה וארה״ב. מלבד ההשכלה הגבוהה ששררה בחוגים רבים, הצטיינה העיר הזאת, גם במוסדותיה הדתיים, בתי־לימוד שונים, כמו תלמוד־תורה, בית־מדרש, והם־הם שקדמו להשכלה הלאומית, ואולי גם הם שהביאו, לחינוך הלאומי, כי המוסדות הדתיים טיפחו אהבת־ישראל בלב ילדי מריאַמפול.

רבים מחכמי מריאַמפול נודעו לתהילה, לא רק בליטא, אלא נתפרסמו במרחבי־העולם, בתלמוד תורה ובחריפות שכלם, כמו, רבי שלמה הדיין ז״ל, דמות קדושה ומופלאה, שפעל בכל העיר כולה, להקלת סבלם של יהודים, במצוקתם הנפשית. בתמימותו הרבה ואהבתו לבריות, שלא ידעה גבול, ידע להחזיר שלום־בית ולהציל משפחות בישראל, מהרס וחורבן. במבטו הטהור הצליח להשפיע על אלפים ורבבות, לרבות לא־יהודים, לשנות את יחסם אל בני־עמו, כגון, לחיילים יהודים בצבא הרוסי. כן השפיע על בני־עדתו, לפדות יהודים מבתי־הכלא. לעיתים היה ישיש זה הולך מרחקים גדולים בין עיר לעיר בקור עצום, בכדי להתייצב לפני השלטונות, ולשכנע אותם, לשנות את עמדתם, כלפי היהודים. יהודי קדוש זה נשא על כתפיו את נטל הגלות והקל על רבים אחרים לשאתו.

בין רבני־המקום יש להזכיר את הרב פופל ז״ל, שנתפרסם בעולם בנאומו בסיים („הפרלמנט הליטאי״) „לא תרצח!״. הוא יצא בקריאה נמרצה נגד פסקי־דין מוות ורבים מן המחזיקים בהגה מדינות־העולם, פתחו אוזן קשבת לדברי הרב מעיירה קטנה זו.

בנים ובנות רבים במריאמפול הצטיינו אז בפעולתם הרבה בתנועה הציונית. עוד לפני קום הגימנסיה העברית, היו בני־הנוער מן העיר ומן הכפרים הסמוכים,

מתאספים בערבים ובשבתות ומועדים, כדי לשמוע הרצאות על כל הנעשה ביישוב ובארץ, היו משתתפים בקריאת יצירותיהם של סופרים ומשוררים שעיקר כתיבתם היתה בעברית. מובן, שאסיפות אלו בקבוצות גדולות או קטנות יותר, המריצו את הנוער, לשפר את ידיעותיהם בעברית. אחת המורות הידועות להוראת השפה ולהח־דרת החיבה לציון, היתה בלה ברודוביץ ז״ל. משיעוריה והקראותיה, הושפעו רוב ילדי־העיר. אסיפות של צעירות עבריות, נתקיימו בחדרה, במשך שנים. חדר זה היה כולו ספוג חיבת־ציון, קירותיו היו מכוסים תמונות מנהיגי העם ומשורריו, ואלבומים מלאי תמונות מן היישוב וספרים עבריים לאין ספור היו שם. כל שדרך על מפתן חדר זה, הושפע מיד מן האווירה המיוחדת שבו, שעוררה כיסופים לארץ, ובארץ־ישראל ראה הנוער את מולדתו היחידה, את תקוותו ועתידו.

חברתה הפעילה בתנועה, היתה חיה לייבוביץ, אחותו של הד״ר בן־יהודה, מנהל הגימנסיה „הרצליה״ בתל־אביב. היא עזרה על ידה של בלה, ביחוד, בשטח האמנותי.

שתיהן יזמו נשפים ומסיבות, בהם היו משתתפים רבים מילדי העיר, כדי לקרבם לרוח הלאומית. ביוזמתן של השתים, הוקם גם חדר־קריאה צנוע לנוער, ובו ספרייה קטנה בעברית. גם לחדר זה היו נוהרים רבים מן הנוער המקומי ומן הסביבה הקרובה. מעשי־בראשית אלה, התרחבו במרוצת־הזמן וגדלו לספריות גדולות ולאולמי־קריאה. אלה השפיעו רבות על שיפור הלשון העברית במקום. עוד כיום, אפשר לפגוש בארץ, רבים מתלמידיה ותלמידותיה של בלה ברודוביץ, שהודות להשפעתה, עלו ארצה וניצלו על־ידי כך מהתופת הנאצית.

העיירה! זוכרים בהערצה את סופריך ומוריך: עירוב, חיים יוסף לוריא, רוזנבאום, לויך, ועוד, ועוד. כולם האצילו מרוחם על מאות ואלפים, והעשירו את דפי הספרות העברית בגולה, במאמריהם על חינוך, אמנות, לשון וכו׳.

עיירה שלי! מי אינו זוכר את חגיך ושבתותיך? שלווה וחרדת־קודש היו שרויות בכל פינות־העיר. השווקים והרחובות ריקים. הכול סגור על מסגר ובריח ברחוב ובסימטא. בתי־מסחר, המשרדים, החנויות — הכול סגור! כל העיר, כאילו רדומה בשבת, חוץ מבתי־הכנסת, הפתוחים לרווחה והומים מאדם.

בערב החג, רבה התכונה ברחובות. בערב חג הפסח, ממהרים בני ובנות ישראל, לאפות המצות, ממהרים, כדי להכין מצה למשפחות עניות ולחיילים, המשרתים בצבא. פה ושם עוברים יהודים מבית אל בית לאסוף מתנות, כדי לחלקן אח״כ לאלה, שידם משגת לחוג את חגם כראוי, וחלילה שאחד מן העם ישבות משמחה. מתוך דאגה לקיום הזולת, קמו אירגונים, שאומנם לא נקראו בשמות מודרניים, כמו היום, אולם אלה פעלו לא מעט, בהגשת עזרה בכל שטחי חיים, הן בחומר,

והן ברוח, מתוך הכרה ש„בני־ישראל ערבין זה לזה", וכך גדלה העזרה ההדדית בכל קהילות־ישראל בתפוצות.

כדי לתאר את צביון החיים היהודיים בכל עיירה וכפר, וביניהם בעירנו, מריאַמפול, יש צורך בספרים שלמים. זאת היתה יהדות חיה, תוססת ויוצרת ערכים לקיום העם ולקידומו. זאת לא היתה יהדות, המסתגרת בבתיה ומופיעה ברחוב כעם־הארץ, אלא כאן הרחוב היה יהודי, השוק היה יהודי, ובכל אתר ואתר, שררה הרוח היהודית הלאומית, השתקפו כבודה ותפארתה של האומה. בערבי ראש־השנה ויום־הכיפורים, הושפעה הסביבה הלא־יהודית מחרדת־הקודש. אם חל יום־שוק בחג יהודי, היו האיכרים הליטאים, דוחים אותו, כי בשבתות ומועדים לא היתה כל תקווה לעשות בעיירה כל מקח וממכר. חרותה התמונה: ערב יום־הכיפורים כשראשי־המשפחות עם ילדיהם רבים לבתי־הכנסת השונים ונרות גדולים בידיהם, וביניהם, הדיין הישיש, העוזב את בית־הכנסת ורץ תמיד מרחק של קילומטרים, כדי לשחרר את החיילים היהודיים מן הצבא ולאפשר להם לשהות, לפחות, יום אחד, באווירה קדושה. השכנים הליטאים, לא היו מפריעים ולא היו מתערבים במנהגי היהודים. יחסי־שכנות תקינים היו שוררים בין היהודים וביניהם. מי פילל שישיג החורבן את היהדות השליווה שנהנתה מזכויות מלאות ומאוטונומיה מלאה משך דורות, כגון שר־התרבות שהיה יהודי, הרפואה היתה בידי היהודים ורובם של ענייני התרבות, בידי יהודים היו.

והנה ישבנו אבלים, שרידי מריאַמפול, קומץ קטן, מקהילה מפוארת ופורחת, ישבנו צמודים זה לזה, ליד מרתף־השואה שבהר־ציון בירושלים ושוחחנו רבות על עברה של מריאַמפול ובמיוחד על חורבנה, כיצד הליטאים, עושי־דברם של הנאַצים, עברו מבית אל בית, הוציאו גברים, נשים, זקנים ופעוטות וקברוּם חיים, שם במרצינקס, שליד השׁשופה.

עמדנו דוממים ליד לוח־הזיכרון הקטן, המספר על הזוהר שחלף ועל החורבן הבלתי משוער.

עוד לא נוצר הלב, המסוגל להרגיש במלוא היקפם, את היסורים שעברו עליהם, ולא נוצרה הלשון שתהא מסוגלת לבטא אף במקצת, את אשר מסוגלים לעולל עמים מרצחים, לבני־אדם, חפים מפשע.

בכייה חרישית נשמעה לקול צלילי ה„קדיש" ו„אל מלא רחמים". דמעותינו הצטרפו אל נאד־הדמעות הגדול במרתף־השואה, והלוח הקטן, הנושא את שם קהילת מריאַמפול החרבה, תפס את מקומו, בין שאר הלוחות, הקטנים והגדולים, המספרים על חורבנה של יהדות־אירופה, על אבדנם של ששת המיליונים בידי הנאצים ועושי־דברם.

לוח קטן זה יזכיר לדורות את תפארת־עמנו ויהווה כתם בל יימחה, בתולדות העם הליטאי. ומרצינקס, ליד הנהר ששופה במריאַמפול, שם נקברו חיים רוב יהודי העיר והסביבה ישאר לדראון, אשר יזכיר לעולם את פשעיהם של רוב עמי־תבל, אלה שעסקו ברצח, ואלה שעמדו מנגד.



ביים מאַסן־קבר אין מאַריאַמפּאָל.



דער טרויער־צוג צום מאַסן־קבר אין מאַריאַמפּאָל.




דער מאָנומענט אויפן מאַסן־קבר אין מאַריאַמפּאָל.
ניטאָ קיין זכר פון אַ יידיש־אות. עס ווערט אויך ניט דערמאָנט, אַז די קרבנות זיינען יידן.



קאָוונער יידן, אָפּשטאַמיקע פון מאַריאַמפּאָל, לייגן אַ קראַנץ בלומען
אויפן מאַסן־קבר אין מאַריאַמפּאָל.

**Profile**

# THE LITVAK

The typical Lithuanian Jew is a very special kind of Jew, it has been said — mainly by Litvaks themselves.

Even among non-Litvaks, however, there is a readiness to concede that your Litvak's character and temperament contain distinctive traits.

The Litvak, the others say, is cold and unsentimental, indeed he is vastly distrustful of emotion. He is a pragmatist, and empiricist, a rationalist who is blind to the illuminations that come from communion with the mysterious, to the insights that intuition can yield... see how bitterly the Vilna Gaon attacked the Hasidim.

It is undeniable, the others might continue, that the Lithuanians had learning (after all, Vilna called itself the Jerusalem of Lithuania, just as many generations later the Litvaks of Winnipeg called their city the Jerusalem of Canada) and that their veneration of learning was immense; but their approach to Jewish learning was a secularist one. The Litvaks were, their detractors might say, the exception to the rule that Jews are the only people who have elevated study to a form of prayer; they reversed the process and made even prayer a form of study.

Once, in a bus going from Kiryat Shamone to Haifa, a fellow-traveller who was pulling my leg about South African Litvaks, said that you could find a Litvak engrossed in the study of the talmud, but with his head uncovered and a cigaret in his mouth.

The Litvak has almost come to symbolize intellect and reason. Maybe he lacks the poetic imagination and fervor of the Polak or the good qualities — whatever they may be — of the Rumanian psyche, but intellect he certainly has. Even the Chabad movement,

after all, is Hasidism with a Lithuanian injection of intellect. The Musar movement, which focused on the ethical teachings of Judaism, could be said to be a practical application of r e l i g i o n to everyday life.

Sometimes the Litvak mind is said to have in it an ingredient of subtle but honed sophistication... you might almost call it wiliness, in the sense that Homer speaks of "wily Odysseus". Call it, perhaps, a comfortable finesse in the world of practical affairs.

Now, as one who comes from one of the world's largest communities of Litvak descendants, I can testify that they are as sentimental poetic, emotional as any — as vulnerable to passion, as given to heart-born generosity, as capable of an exaggerated sense of the un-reason of life. But the i m a g e of the calculating, imperturbable rationalist remains, and since the Litvaks like it very much it has acquired the added dimension of a self-image also.

**M. M.**

הרב אהרון בן־ציון שורין

# אומפאַרגעסלעכער ערב־פּסח אין מיין ליטווישן היימשטעטל

מיין היימשטעטעלע ריטעווע, אין דער געוועזענער יידישער ליטע, איז שוין, ליידער מער ניטאָ: עס איז פאַרשניטן געוואָרן, אין דעם גרויסן און שרעקלעכן נאַצי־חורבן, צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע יידישע קהילות אין אייראָפּע.

ניטאָ דאָרט מער קיין יידן און קיין זכר אַפילו פון זיי. אָבער אויב דער יידישער בית־עולם עקסיסטירט נאָך דאָרט — איז ער, מסתמא, דער איינציקער סימן פון אַ געוועזענעם יידישן לעבן...

פון צייט צו צייט, ספּעציעל אין אַן ערב יום־טוב, שווימען אַרויף אויפן געדאַנק קינדער־זכרונות, וועלכע דערמאָנען סיי גוטע און סיי שווערע מאָמענטן. און אָט, אין איינעם אַן ערב־פּסח, מיט עטלעכע יאָר צוריק, האָב איך זיך דערמאָנט אין אַ פאַל, וואָס האָט מיט גענויע פינף צענדליק יאָר צוריק אָנגעוואָרפן אַ פּחד, אַ טויטשרעק אויף די טייערע יידן פון מיין היימשטעטעלע ריטעווע — די שרעק פון אַן אומזיסטן עלילת־דם צוליב דעם, וואָס אַ יונגער שייגעץ איז פּלוצלונג פאַרפאַלן געוואָרן. און געשען איז עס טאַקע אין איינעם אַן ערב־פּסח און, ווי מיר דוכט זיך, האָט עס פּאַסירט אין 1925 אָדער אין 1926.

איך בין נאָך דאַן געווען גאַנץ ווייטלעך פון מיין בר־מיצווה, אָבער איך געדענק די געשיכטע זייער קלאָר און דייטלעך. איך געדענק נאָך גאַנץ גוט די שרעק, וואָס איז באַפאַלן די שטעטלשע יידן, ווען זיי האָבן געהערט ווי די היימישע גויים האָבן גערעדט צווישן זיך און געגעבן אָנצוהערן וואָס עס וועט פּאַסירן, אויב מען וועט ניט געפינען דעם שייגעץ ביז פּסח...

ביי די גויים איז דער ענין געווען קלאָר: ס׳איז ערב־פּסח, די טעג ווען יידן באַקן מצות און שטעלן וויין און ס׳איז ניט אַנדערש ווי די ריטעווער יידן האָבן געמוזט האָבן צו זייער סדר דאָס בלוט פון פאַרפאַלענעם שייגעץ.

קורץ, ס׳איז געווען אַן אמתער בלוט־בלבול מיט אַלע פּיטשעווקעס... און די שטעטלשע גויים, ווי אויך די גויים פון די אַרומיקע דערפער, האָבן נאָר געוואַרט אויפן באַפעל פון גלח — ער זאָל הייסן גיין און אויסקוילענען די זשידעס...

והמעשׂה שהיה כך היה: אין איינעם אַ מיטוואָך, אַ וואָך צי צוויי פאַר פּסח, ווען אין שטעטל איז פאַרגעקומען דער מאַרק, זיינען זיך אויפן ריטעווער מאַרקפּלאַץ, אין צענטער פון שטעטל, צוזאַמענגעקומען הונדערטער גויים פון די אַרומיקע דערפער, כדי צו פאַרקויפן זייערע סחורות די שטעטלשע ייִדן. אַ מאַרקטאָג אין אַן ערב יום־טוב איז שטענדיק געווען אַ גרעסערער ווי אין אַ געוויינלעכן טאָג, און דער טומל פלעגט זיין זייער גרויס.

צווישן דעם צוזאַמענגעפּאַרענעם עולם גויים איז אויך געווען איין דאָרפס־גוי מיט אַ יונגן שייגעצל, וועלכן ער האָט מיטגענומען מיט זיך, כדי אים צו ווייזן, מן הסתם, דאָס שיינע ייִדישע שטעטל, צי די קאַטוילישע קירך, וואָס האָט אַראָפּ־געקוקט אויפן מאַרקפּלאַץ. אין דעם גרויסן טומל האָט דער גוי ניט באַמערקט ווי זיין זינדל איז פּלוצעם נעלם געוואָרן. דער דאָרפס־גוי, וועלכער איז אַ גאַנצן טאָג געווען פאַרנומען מיטן פאַרקויפן זיין סחורה, האָט ערשט פאַר נאַכט, ווען ער האָט זיך געקליבן פאָרן אַהיים, באַמערקט, אַז זיין „תכשיט" איז ניטאָ. צום אָנהייב האָט ער געמיינט, אַז זיין שייגעצל דרייט זיך נאָך ערגעץ ווו אַרום די פּויערישע פורן אָדער אַרום די ייִדישע געשעפטן. אָבער ווען ס'איז צוגעפאַלן די נאַכט און דער „בחור" איז ניטאָ — האָבן די פאַרבליבענע גויים אויפן מאַרקפּלאַץ זיך גענומען שושקענען... ווער ווייסט, וואָס די שטעטלשע ייִדן האָבן דאָ אָפּגעטאָן! ס'איז דאָך ערב־פּסח... און אַלע גויים „ווייסן" דאָך פון דער „מיצווה", אַז ייִדן דאַרפן, מכלומרשט, האָבן קריסטלעך בלוט פאַר זייער פּסח...

די גויים האָבן גענומען צוזאַמענלייגן איינס מיט איינס און דער חשבון איז זיי געוואָרן קלאָר...

עס איז נאָך געווען אַ גליק, וואָס ווען מען האָט זיך דערוווּסט, אַז דער שייגעץ איז ניטאָ, זיינען שוין קיין סך גויים אין שטעטל ניט געווען. דערצו האָבן די שטעטלשע ייִדן געפּרוּווט איינטענהן מיטן טאַטן פון פאַרפאַלן געוואָרענעם שייגעץ, אַז עס איז זייער מעגלעך ער זאָל גאָר אַליין האָבן אַוועק צוריק אַהיים, ד"ה אין דאָרף. אַ קשיא אויף אַ דאָרפשייגעץ!

דעם שייגעצס טאַטע מיט די אַנדערע גויים האָבן זיך געלאָזט באַרוּיִקן. זיי האָבן אויך געקלערט, אַז דער שייגעץ האָט זיך געמוזט אומקערן צוריק אַהיים, ווייל עס איז נאָך אין ריטעווע קיין מאָל ניט געהערט געוואָרן פון אַזאַ זאַך; זיינען אַלע נאָכן מאַרק זיך צעפאָרן צו זיך אַהיים אין די דערפער.

אויף צו מאָרגנס אָבער האָט מען זיך דערוווּסט אין ריטעווע, אַז אויך אין דער היים איז דער „תכשיט" ניטאָ.

דער טאַטע פון שייגעץ, צוזאַמען מיט דערבייִיקע גויים, ווי אויך ריטעווער

שטעטלשע ייִדן, האָבן גענומען אַרומזוכן דעם שייגעץ אין אַלע נאָנטע, שכנישע דערפער, אָבער — והילד איננו!

דער ענין איז אַפילו דערגאַנגען צו די צייטונגען; נאָר וועלכער דאָרפס־גוי האָט עס דאַן געלייענט אַ צייטונג! דעריבער האָבן ווייטערע דערפער בכלל ניט געוווּסט פון דער געשעעניש און ניט געהאָלפן זוכן דעם שייגעץ.

ביי אונדז אין ריטעווע זיינען די מערסטע גויִים, וואָלט איך געזאָגט, געווען מער רוּיִקערע; נאָך אַלעמען האָט מען זיך דאָך געקענט און מען האָט געהאַנדלט מיט זיי, מיט זייערע עלטערן און זיידעס, זינט דורות. געווען אָבער אין שטעטל אויך איינער, כלומרשט אַן אינטעליגענטער גוי, אַ גרויסער שׂונא־ישׂראל, און ער האָט געזאָגט, אַז אויב מען וועט אין גיכן ניט געפינען דעם שייגעץ, וועט מען אויסקוילענען אַלע ייִדן; און ער האָט גענומען העצן...

דער זעלבער אַנטיסעמיט האָט געזאָגט צו מיין פאָטער, אַז קודם וועט ער צונויפזאַמלען אַלע חשובֿע ייִדישע באַלעבאַטים פון שטעטל, זיי אויסלייגן אויף דער ערד און מיט אַ שאַרפער „דאָלגע", ד"ה מיט אַ מעסער צו שניידן היי, וועט ער אַ ל ײ ן אַרונטערשניידן די ייִדישע קעפּ, אַלס נקמה פאַרן בלוט פונעם שייגעץ, וואָס ייִדן האָבן אויסגעצאַפּט פאַר זייער פּסח.

די שטימונג אין שטעטל איז דאַן געווען מער אַ תשעה־באבֿדיקע ווי אַן ערבֿ־פּסחדיקע. די שרעק ביי די ייִדן איז געוואַקסן מיט יעדן מאָמענט, און דער אַנטי־סעמיט, מיט זיין בלוטדורשטיקער יוכע, האָט זיך געגרייט...

די ריטעווער ייִדן, פאַרשטייט זיך, האָבן ניט געשוויגן. מען איז געלאָפן צום גלח, מען האָט זיך געבעטן ביי דער פּאָליציי, מען האָט אויך געשיקט שתדלנים צו די „הויכע פענצטער" — אָבער ביי אַלעמען אויף די ליפּן איז געלעגן די גרויסע פראַגע: „ווּ איז פאָרט אַהינגעקומען דער שייגעץ?"

אויף דעם האָבן די ריטעווער ייִדן ניט געהאַט קיין ענטפער.

די ערשטע טעג האָבן געוויסע ייִדן גענומען זאָגן, אַז זיי האָבן דעם שייגעץ, לויט די אויסגעמאָלענע סימנים, געזען ערגעץ ווּ דאָ און דאָרט, אָבער פון אַלץ האָט זיך אויסגעלאָזן אַ בוידעם. דער שייגעץ איז ניטאָ, און די ריטעווער ייִדן — כאָטש גיי און גרייט זיך פאַרן מלאך־המות, אַנשטאָט צום פריילעכן פּסח־סדר.

און אַזוי איז געלאָפן אַ טאָג נאָך אַ טאָג, און מיט יעדן טאָג איז די ייִדישע שרעק געוואָרן אַלץ גרעסער. די ייִדן האָבן זיך געבעטן ביי די „גרייטע גויִים" נאָך אַ ביסל אָפּצוּוואַרטן... זיינען דאָך ייִדן אַ נסים־פאָלק, און אַ נס, האָבן די ייִדן געגלייבט, מוז קומען. און דער נס איז טאַקע געקומען, נאָר מיט אַ גאַנצער וואָך שפּעטער.

איך געדענק נאָך, ווי היינט, די שׂימחה אין מיין היימשטעטל, ווען מען האָט זיך דערוווּסט, אַז דער „תּכשיט״ האָט זיך איינגעפונען. און געפונען האָט אים אַ ריטעוווער בחור ערגעץ ווו אין אַ פאַרוואָרפענעם דאָרף, זייער ווייט פון זיין אייגענער היים.

און געווען איז אַזוי: דער ריטעוווער בחור, לייבע־איצקע מאַזע, שפּעטער אויסגעוואַנדערט קיין דרום־אַפריקע, איז געווען אַ הענדלער, אַ דאָרפגייער, וואָס פלעגט אַרומפאָרן איבער די דערפער און איינקויפן זיין סחורה ביי די גויִים. אָפט מאָל פלעגט ער פאַרברענגען אין די דערפער אַ לענגערע צייט, און פונקט דאַן, ווען אין ריטעווע איז פאָרגעקומען די בלוט־בלבול־מהומה, איז ער געווען אין איינעם אַ וווייטן דאָרף און ווען דעם ניט געהערט, ווייל, ווי געזאָגט, קיין צייטונגען פלעגן די גויִים אין דאָרף ניט לייענען. דעריבער איז די שרעקלעכע נייעס נאָך אַהין ניט געווען דערגאַנגען.

ווען לייבע־איצקע איז צוריקגעקומען אַהיים, צו זיינע טאַטע־מאַמע, האָט ער זיך דערוווּסט וועגן דעם בלבול און, נאַטירלעך, זיך גענומען אויספרעגן ווי דער שייגעץ האָט אויסגעזען. ווען מען האָט פאַר אים געשילדערט דעם שייגעצס אויסזען, האָט אים געגעבן אַ בליץ אין מוח — דוכט זיך, אַז אַזאַ שייגעץ האָט ער געזען אין איינעם אַ ווייטערן דאָרף. אַזוי ווי ער האָט גוט געקענט אַלע גויִים אין די דערפער, האָט ער זיך דערמאָנט, אַז אין יענעם דאָרף האָט ער טאַקע געזען עפּעס אַ פרעמדן נייעם אַרבעטער ביי אַן אַלטן באַקאַנטן פּויער.

מ׳האָט אין ריטעווע באַלד געשפּאַנט פערד־און־וואָגן, און אונדזער לייבע־איצקע איז געווען דער וועגווייזער צו יענעם דאָרף. און מען האָט דעם „תּכשיט״, די אמתע „מציאה״, טאַקע דאָרט געפונען.

ווען מען האָט דעם שייגעץ געפרעגט, ווי קומט ער אין דעם דאָרף און פאַר וואָס ער האָט פאַרלאָזן זיין טאַטן אין אַ מאַרקטאָג, האָט ער געענטפערט, אַז ס׳האָט זיך אים פאַרוועלט אַרבעטן אין דער פרעמד... (אָדער אפשר האָט אים זיין טאַטע צו פיל געשלאָגן !...).

נאָר גיי פרעג אַ קשיא אויף אַ ליטווישן דאָרפשייגעץ, וועלכער האָט ניט געקענט אַפילו אונטערשרייבן זיין אייגענעם נאָמען, אָבער האָט געקענט, חלילה, אומגליקלעך מאַכן דאָס גאַנצע ייִדישע שטעטל ריטעווע.

יענעם פּסח האָבן שוין די ריטעוווער ייִדן זיך געפרייט ניט נאָר מיט די נסים פון היסטאָרישן יציאת־מצרים, נאָר טאַקע אויך מיט דעם אייגענעם, ריטעוווער נס, וואָס איז געקומען אַ דאַנק דעם ייִדישן בחור לייבע־איצקע מאַזע.

הרב אלחנן פערסאָן

# רבנים און ראשי־ישיבה אין קאָוונער געטאָ

אין די לעצטע טעג פון יוני 1941, ווען אַ כוואַליע פון רויב און רציחה האָט זיך אַריבערגעטראָגן איבער דעם קיבוץ ייִדן אין ליטע, זיינען באַלד פון די ערשטע קרבנות געווען די גדולי־התורה און די תלמידי־הישיבות.

בעת דעם ערשטן פּאָגראָם אויף די קאָוונער ייִדן, וואָס עס האָבן דורכגעפירט די ליטווינער אויף דער אייגענער איניציאַטיוו, ניט אָנפרעגנדיק ביי די דייטשן, אין דער נאַכט אויף דאָנערשטיק דעם 26טן יוני, זיינען אין דער ישיבה־פאָרשטאָט סלאַבאָדקע אומגעקומען דער דאָרטיקער רב הרב זלמן אָסאָווסקי און דער סלאַבאָדקער ראש־ישיבה הרב שרגא־פייוול הורוויץ. אין דער זעלבער נאַכט זיינען אומגעקומען אויך פיל ישיבה־לייט.

בעת די ערשטע מאַסן־אַרעסטן פון ייִדן, וואָס די ליטווישע כוליגאַנעס, וועלכע האָבן זיך אָנגערופן „פּאַרטיזאַנער״, האָבן דורכגעפירט, איז צווישן די אַרעסטירטע געווען דער וועלטבאַרימטער גאון ר׳ אלחנן וואַסערמאַן, באַראַנאָוויטשער ראש־ישיבה. דער גאון איז, צוזאַמען מיט נאָך אַרעסטירטע טויזנטער ייִדן, געבראַכט געוואָרן אויפן זיבעטן פאָרט *, ווו זיי זיינען אויסגעשטאַנען די שרעקלעכסטע עינויים און נאָך דעם אכזריותדיק דערמאָרדעט געוואָרן. ר׳ אלחנן זצ״ל איז אומגעקומען אין ז׳ בתמוז תש״א.

אויך אין די גרויזאַמע טעג האָט זיך אַנטפּלעקט דער שטאַרקער צובונד פון ליטווישע ייִדן צום ייִדישן מקור. אין די טעג פון סכּנה געכאַפּט צו ווערן פון די

* איינער פון די פילצאָליקע פאָרטן, וואָס די צאַרישע מאַכט האָט אויסגעבויט פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה צו פאַרטיידיקן קאָוונע. זיי האָבן אָבער קיין מאָל ניט אויסגעפירט זייער אויפגאַבע. בעת דער דייטשער אָקופּאַציע פון 1941—1944, זיינען עטלעכע פאָרטן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין ערטער פון מאַסן־הריגות, ווי צ״ב דער טרויעריק־באַרימטער ניינטער פאָרט (רעד׳).

ליטווישע פּאַרטיזאַנער און אַוועקגעפירט צו ווערן אויף די פּאָרטן, וואָס עס האָט באַטייט טויט — אָט אין די טעג האָבן קאָוונער ייִדן זיך ניט אָפּגעהאַלטן פון קומען אין בית־מדרש און אויסגיסן דאָס האַרץ פאַרן רבש״ע און זוכן אַ טרייסט אין דער הייליקער תורה.

דער נייער בית־מדרש אויף בירשטאַנער גאַס, וואָס איז געווען אַ צענטראַלער פּונקט פון דער ייִדישער קאָוונע אין פאַרלויף פון צענדליקער יאָרן, איז אַזאַ אויך פאַרבליבן ביזן לעצטן טאָג וואָס ייִדן זיינען געווען אין קאָוונע, ד״ה ביז מען האָט זיי פאַרשפּאַרט אין געטאָ. די מנינים אין נייעם בית־מדרש און אין זיינע ביישטיבלעך האָבן אָנגעהאַלטן אַפילו אין די פינצטערע טעג, ווען עס האָט געלויערט די געפאַר צוגענומען צו ווערן פון בית־מדרש אין מיטן דאַוונען, אין טלית און תפילין, ווי עס האָט ניט איין מאָל פּאַסירט. דאָ, אין בית־מדרש, איז יעדן אינדערפרי, נאָך תפילת־שחרית, געלערנט געוואָרן בציבור אַ פּרק משניות דורך הרב דויד ווערזשבלאָווסקי.

דעם 15טן אויגוסט 1941 זיינען אַלע קאָוונער ייִדן פאַרשפּאַרט געוואָרן אין געטאָ, וואָס האָט זיך געפונען אין דער פאָרשטאָט סלאַבאָדקע. ווי אויף להכעיס האָבן די דייטשן אויפגעשטעלט די געטאָ אויף דעם אָרט, וואָס האָט פאַרשפּרייט ליכט איבערן גאַנצן ייִדישן גלות אין משך פון זעכציק יאָר. פון דער סלאַבאָדקער ישיבה זיינען אַרויסגעקומען גייסטיקע מנהיגים פאַר דער גאָרער ייִדישער וועלט. און אויב סלאַבאָדקע האָט געדאַרפט זיין דאָס אָרט פיזיש צו פאַרניכטן די ליטווישע ייִדן, איז אָבער די זעלבע סלאַבאָדקע פיל בייגעשטאַנען, אַז דער בונד פון די ליטווישע ייִדן מיט דער תורה זאָל ניט ווערן איבערגעריסן.

סלאַבאָדקע, ווי אַ צענטער פון תורה און מוסר, איז געווען רייך אין בתי־מדרשים. מיטן שאַפן די געטאָ איז אָבער דער גרעסטער טייל בתי־מדרשים, צוליב דעם גרויסן מאַנגל אין דירות, פאַרוואַנדלט געוואָרן אין וווינונגען. אין דעם געטאָ־ראַיאָן, ווו ייִדן האָבן געווינט פאַרן קריג (אין געטאָ האָט דער ראַיאָן געהייסן „דער ערשטער רעוויר״), זיינען צום דאַוונען פאַרבליבן די קלויז פון „הלוית המת״ אויף דוואַראָ גאַס און איין שטאָק פון דער ישיבה „אהל משה״ אויף יעשיבאָטאָ (ישיבה גאַס). שבת פלעגט זיין אַ מנין אויך ביי ר׳ אברהם גראָדזענסקי, דעם וועלט־באַרימטן בעל־מוסר און מנהל רוחני פון דער ישיבה „כנסת ישראל״ אין סלאַ־באָדקע. ר׳ אברהם איז ביז זיין לעצטער מינוט געבליבן דער גרויסער מחנך און וועגווייזער פון די בני־ישיבה; יעדן שבת, ווי אין דער ישיבה, האָט ער געפירט זיינע טיפזיניקע שמועסן, געזאָגט מוסר, געלערנט און אָנגעצייכנט פאַר די בני־ישיבה דעם דרך־החיים. די גאַנצע צייט פון דער עקסיסטענץ פון קאָוונער געטאָ האָט ר׳ אברהם אָנגעהאַלטן זיין גרויסע השפּעה אויף די בני־תורה.

בעת דער ליקווידאַציע פון געטאָ, אין יולי 1944, האָט זיך ר׳ אברהם געפונען אין די געטאָ־וואַרשטאַטן. דעם פערטן טאָג פון דער ליקווידאַציע, דינסטיק דעם 11טן יולי, האָט די דייטשע פעלד־זשאַנדאַרמעריע, וואָס איז ספּעציעל געבראַכט געוואָרן צו ליקווידירן די געטאָ, געפונען ר׳ אברהמען. אַ דייטש האָט אים געגעבן אַ מערדערלעכן זעץ, פון וועלכן ער איז פאַרגאַנגען אין אומדערטרעגלעכע יסורים. מען האָט ר׳ אברהמען אָפּגעפירט אין געטאָ־שפּיטאָל. טראָץ די באַקומענע איינ־שפּריצונגען, זיינען זיינע ווייטיקן ניט איינגעשטילט געוואָרן. אויף מאָרגן, מיטוואָך דעם 12טן יולי, כ״א תמוז תש״ד, האָבן די דייטשן אונטערגעצונדן דעם געטאָ־שפּיטאָל, צוזאַמען מיט אַלע קראַנקע. מיט די פלאַמען פון די קדושים וטהורים איז צום הימל אַרויף די גרויסע נשמה פון וווּנדערלעכן מורה־דרך ר׳ אברהם גראָדזענסקי.

**רבקה גוטמאַן**

# דער גורל פון די קאָוונער רבנים און געטאָ־קלויזן

גלייך אין די ערשטע טעג פון דייטשן אַריינמאַרש אין קאָוונע, האָבן די ליטווישע באַנדיטן אומגעבראַכט אַ גרעסערע צאָל רבנים אין דער פאָרשטאָט סלאַבאָדקע. ביי דעם רב פון דער קאָוונער פאָרשטאָט פּאַנעמון, הרב מה־יפית, האָבן די פּאַרטיזאַנער אַרויסגעריסן אַ האַלבע באָרד און געטריבן אים איבער די גאַסן מיט אַ רויטער פאָן אין דער האַנט. דעם „באַרגער" רב (פון „גרינעם באַרג" — אויך אַ פאָרשטאָט), ר' שׂמחה גיטעלעוויץ, האָבן די פּאַרטיזאַנער אַוועקגעפירט אויפן זיבעטן פאָרט און דערשאָסן. די פאַרבליבענע רבנים האָבן געמוזט אויס־באַהאַלטן זייער רבנישן אויסזען און גיין צו דער צוואַנגס־אַרבעט גלייך מיט אַלעמען. און ביי דער אַרבעט גופא, ווען דער דייטשער „מייסטער" אָדער אַן אַנדער אויפזעער האָט געפרעגט וועגן „באַרוף", ד"ה וועגן ספּעציאַליטעט, איז געווען ממש אַ סכּנה זיך אָנצוגעבן אַלס רב, ווייל אַ ייִדישער גייסטלעכער האָט זעלטן געקענט אַרויסגיין אַ לעבעדיקער פון די דייטשע הענט.

אין געטאָ זיינען, די ערשטע צייט, געווען טעטיק עטלעכע קלויזן: „הלוית המת", „אבא יחזקאלס", „אהל משה". דער בנין פון דער סלאַבאָדקער ישיבה איז געוואָרן פאַרלייגט מיט ספרי־תורה און ספרים, וואָס מען האָט צונויפגעטראָגן פון די פאַרמאַכטע קלויזן.

די דערמאָנטע טעטיקע קלויזן זיינען געווען געפּאַקט מיט דאַוונערס. די רעלי־גיעזע ייִדן האָבן אויף קיין זאַך ניט געקוקט און, באַהאַלטנדיק דעם טלית אונטער דער פּאָלע, געגאַנגען דאַוונען. אָפט פלעגן די ייִדן אין מיטן דאַוונען, אין די דער־מאָנטע קלויזן, באַפאַלן ווערן פון דייטשן אָדער ייִדישע פּאָליציי־לייט, קריגן גוט געשלאָגן און אַוועקגעטריבן ווערן צו צוואַנגס־אַרבעט.

אַפילו יום־כיפור תש"א (1941) זיינען אין דער פרי איבערגעריסן געוואָרן די תפילות אין אַלע בתי־מדרשים און מנינים. פּאָליציי איז געקומען און אַוועקגעטריבן אַלע אַרבעטס־פעיִקע מענער צו דער אַרבעט אויפן לופטפעלד.

„אבא יחזקאלס״ קלויז איז שפּעטער פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין דער געטאָ־תּפֿיסה * פֿאַר „פֿאַרזינדיקטע״ ייִדן; און אַנשטאָט וואָס דאָרט איז געווען אַן אָרט, ווו ייִדן האָבן אויסגעגאָסן זייער האַרץ פֿאַרן רבונו־של־עולם, איז דאָ איצט געוואָרן אַ פּלאַץ אויסצוגיסן דאָס ביטערע האַרץ אויפֿן אַרבעטס־אַמט, עלטסטן־ראָט און געטאָ־פּאָליציי. אויף די ווענט און אויף די בענק זיינען אָנגעשריבן און אויסגעקריצט געוואָרן פֿאַרשיידענע אויפֿשריפֿטן פֿון די אַרעסטירטע ייִדן. אָפֿט מאָל זיינען עס געווען געזעגענונגס־ווערטער פֿון די פֿאַרמישפּטע פֿאַר זייער אַרויסגיין אין לעצטן וועג.

***

שפּעטער, ווען אין געטאָ בלייבט נאָר די איינציקע קלויז „הלוית המת״, דאַווענען דאָרט דער סלאַבאָדקער רב הרב שקאַרוטאַ, דער קאָוונער שטאָט־מגיד הרב מאָסט און דער שאַנצער רב הרב שמוקלער (שאַנץ — אַ פֿאָרשטאָט). די עלטערע ייִדן, וועלכע זיינען באַפֿרייט געווען פֿון דער צוואַנגס־אַרבעט, האָבן פֿאַרבראַכט דעם גרעסטן טייל פֿון טאָג אין קלויז, ווו עס פֿלעגט פֿאַבריצירט ווערן „די נייעס פֿון טאָג״. עס זיינען שוין געווען ספּעציעלע „נייעס־דערפֿינדערס״.

***

דער טרויעריקער סך־הכּל פֿון די קאָוונער רבנים:

אין די ערשטע טעג פֿון קריג איז הרב ביעליצקי, דער רב פֿון קאָוונער „נייעם פּלאַן״ (צענטער שטאָט — רעד׳) געלאָפֿן קיין רוסלאַנד און איז ביים שטעטל זשעזשמער אומגעקומען.

דער קאָוונער שטאָט־רב, הרב שפּירא, און דער שאַנצער רב, הרב שמוקלער, זיינען געשטאָרבן אין געטאָ גופֿא.

דער קאַרמעליטער** רב, הרב ברוידאַ, איז אַרויסגעפֿירט געוואָרן קיין ריגע (לעטלאַנד) און איז דאָרט אומגעקומען.

דער ראש־ישיבה ר׳ יחזקאל טריסניצער, מחבר פֿון ספֿר „בנין יחזקאל״; פּאַנעמונער רב, הרב מה־יפֿית; הרב שלמה מאַנצער און הרב קרימער — קומען אום בעת דער „גרויסער אַקציע״ דעם 28טן אָקטאָבער 1941.

---

* די קלויז האָט זיך געפֿונען אויף דער גאַס קריקשטשיאַקייטשיאַ נומער 23. ווען דאָ איז געשאַפֿן געוואָרן די געטאָ־תּפֿיסה, האָבן זי די ייִדן באַצייכנט בקיצור: „דריי און צוואַנציק״, וואָס איז געוואָרן אַן אַפּשרעקונגס־באַגריף פֿאַר די געטאָ־ייִדן (רעד׳).

** דער נאָמען „קאַרמעליטער״ שטאַמט פֿונעם ראַיאָן אין קאָוונע, ווו עס האָט זיך געפֿונען אַ קאַרמעליטן־מאַנאַסטיר (רעד׳).

דער שטאָט־מגיד, הרב ר׳ חיים מאַסט, גייט אַוועק מיט דער קינדער־ און זקנים־אַקציע (27טער און 28טער מערץ 1944).

דער אַלעקסאָטער (אַ פאָרשטאָט — רעד׳) רב, הרב פערלמאַן; דער סלאָבאָדקער רב, הרב שקאָרוטאַ; הרב בנימין אָזשינסקי — קומען אום אין אַ באַהעלטעניש אין בלאָק „א״ בעת דער ליקווידאַציע פון געטאָ אין 1944.

הרב סניעג* און הרב שלאָפּאָבערסקי ווערן פאַרשלעפּט אין „לאַגער איינס״, וואָס געפינט זיך צווישן קאַופערינג און לאַנדסבערג אין בייערן און איז אַן אָפּטיילונג פון לאַגער „דאַכאַו״. זיי ווערן אין 1945 באַפרייט דורך דער אַמעריקאַנער אַרמיי.

הרב זלמן פערמוט, הרב שמעון דוביאַנסקי און הרב ר׳ ישעי׳ (דעם חפץ חיימס אַן אייניקל) קומען אום אין „לאַגער איינס״.

ר׳ אברהם גראָדזענסקי קומט אום בעת דער געטאָ ליקווידאַציע, אין געטאָ־שפּיטאָל.

---

* געוועזן דער מיליטערישער ראַבינער אין דער ליטווישער אַרמיי פאַר דער סאָוועטישער אָקופּאַציע אין 1940. מען האָט אים גערופן דער „קאַזיאַנער ראַבינער״ (רעד׳).

גרשון יעקובסאָן

# די פֿאַנטאַסטישע געשיכטע פֿון יוסף נאַדעל

וויפל מאָל האָט איר שוין אין אייער לעבן באַגעגנט אַ מענטשן, וואָס איז געווען טויב־שטום און האָט זיך אויסגעהיילט? וויפל מאָל האָט איר שוין געטראָפן אַ מענטשן, וועלכער איז שוין געווען כמעט טויט און איז צוריק לעבעדיק געוואָרן? ווען האָט איר זיך באַגעגנט מיט אַ ייִדן, וועלכער האָט יאָרן לאַנג געלעבט אין אַ וועלט פֿון פֿיזישע מאַטערנישן און גייסטיקע יסורים, איז אָבער אַרויס אַ גאַנצער, געוואָרן אַ קינסטלער, גענומען ריידן, הערן, אַרבעטן און מאָלן?

איך האָב אַזאַ באַגעגנט אומדערוואַרט.

זיין נאָמען איז יוסף נאַדעל. אַ הויכער, אַ גלייכער, מיט לאַנגע האָר, וואָס זיינען שוין ווייס ביי די זייטן. ער האָט אַ סלאַווישע נאָז, אויגנשניטן ווי ביי אַ מאָנגאָל. מיר האָבן גערעדט ייִדיש, העברעיִש און אויך רוסיש.

⁂

יוסף נאַדעל איז נאָך דער מלחמה געוואָרן אַ ישׂראלדיקער קינסטלער. אָבער אין די לעצטע עטלעכע יאָר איז ער אַוועק וואַנדערן איבער דער וועלט: אייראָפּע, דרום־אַפֿריקע און אַמעריקע.

ער שטאַמט פֿון ליטע. זיין ייִדיש איז אַ ליטווישער, מיט אַלע אייגנאַרטיקע אויסדרוקן. געבוירן איז ער אין אַ שטעטעלע לעבן קאָוונע. זיין פֿאָטער איז געווען אַ רב.

ווען די דייטשן זיינען באַפֿאַלן דעם ראַטן־פֿאַרבאַנד, איז יוסף נאַדעל געווען טיף אין רוסלאַנד. זיין משפּחה איז געבליבן אין ליטע און איז אומגעבראַכט געוואָרן.

זייענדיק אַ קינסטלער און אַ מאָלער, האָט מען אים אין קראַסנאָדאַר, ווו ער איז פֿאַרוואָגלט געוואָרן און האָט זיך געפֿונען בעתן מלחמה־אויסבראָך, געמאַכט פֿאַר

אַ לערער פון קונסט. שפּעטער איז געקומען אַ סאָוועטישער קאָמיסאַר, האָט פאַרזאַמלט אַלע „אויסלענדער” און זיי געזאָגט, אַז אין אַרמיי וועט מען זיי ניט מאָביליזירן. אין דער זעלבער צייט האָט ער געגעבן אָנצוהערן, אַז ס'וואָלט געווען בעסער פאַר זיי, אויב די „אויסלענדער” וואָלטן זיך אָנגעשלאָסן צו דער אַרמיי ווי „פרייַוויליקע”. בקיצור, יוסף נאַדעל איז געוואָרן איינער פון די טויזנטער „אויסלענדישע פרייוויליקע”, וואָס זיינען גרייט געווען צו קעמפן קעגן פאַשיסטישן שׂונא.

יוסף נאַדעל איז צום אָנהייב געווען אין דער אַזוי גערופענער „ליטווישער דיוויזיע”, וועלכע די רוסן האָבן אָרגאַניזירט פון די עוואַקויִרטע אין רוסלאַנד „ליטווינער”: פינף און אַכציק פּראָצענט פון אָט די „ליטווינער” זיינען געווען ליטווישע ייִדן.

די דיוויזיע איז געשטאַנען ביי דער שטאָט גאָרקי, און די סאָוועטישע אויסרעכענונג איז געווען, אַז ווען די רויטע אַרמיי וועט האַלטן ביים אַריינטרעטן אין ליטע, וועט מען דעמאָלט אַריינשיקן אַהין די „ליטווישע דיוויזיע”. דאָס האָט געדאַרפט „באַווייזן” די ליטווינער, אַז זייערע „לאַנדסלייט” קעמפן האַנט ביי האַנט צוזאַמען מיט די רוסן. ווען די דייטשן האָבן אין 1943 דורכגעריסן דעם פראָנט ביי אָריאָל, האָט זיך די סאָוועטישע אָנפירונג געאייַלט מיט צוגאָב־כוחות, כדי אָפּצושטעלן דעם דייטשן אָנגריף. האָט מען אָנגעפרעגט ביי דעם ליטווישן גענעראַל (טאָקע אַן אמתער ליטווינער!), וועלכער האָט אָנגעפירט מיט דער „ליטווישער דיוויזיע”, צי ער איז גרייט אַריינצוטרעטן אין קאַמף. און דער גענעראַל האָט געענטפערט, אַז ער איז גרייט, כאָטש אין דער אמתן איז קיינער פון די סאָלדאַטן און אָפיצירן, ווי עס דערציילט יוסף נאַדעל, ניט גרייט געווען צו דעם. עס האָבן געפעלט אַפילו ביקסן...

...ווען דער ערשטער פּאָלק פון דער דיוויזיע איז אָנגעקומען אויפן פראָנט, איז שוין געווען אין אָוונט. דאָס איז געווען ביי דעם דאָרף אַלעקסעיעווקאַ. די דייטשן האָבן געוווּסט, אַז עס גרייט זיך קעגן זיי אַן אַטאַקע, האָבן זיי זיך גוט צוגעגרייט און דעם גאַנצן פּאָלק ממש צעמאָלן. דאַן האָט מען אַריינגעפירט דעם צווייטן פּאָלק, ווו יוסף נאַדעל האָט געדינט אַלס לייטענאַנט. אויך פון דעם פּאָלק איז כמעט גאָרניט פאַרבליבן. יוסף איז שווער פאַרוווּנדעט געוואָרן אין אַ האַנט און אין אַ פוס. אַלץ וואָס ער געדענקט פון יענע טעג איז נאָר דאָס, אַז ער איז געווען אין אַ מיליטערישן שפּיטאָל.

זיינע ווונדן האָבן קוים באַוויזן זיך אויסצוהיילן, און מען האָט אים ווידער אָפּגעשיקט צום פראָנט. דאָס מאָל ביי סמאָלענסק. נאַדעל געדענקט זייער גוט, ווי איין מאָל, ווען ער איז געשטאַנען אין אַ געוויסן פאַרטאָג אויף אַ בערגל און זיך

צוגעקוקט ווי די פֿאַרוווּנדעטע, צעקאַליעטשעטע, הינקענדיקע און פֿאַרבלוטיקטע סאָלדאַטן פֿון זײַן אָפּטײלונג האָבן זיך האַלב־לעבעדיקע געשלעפּט פֿון פֿראָנט, איז צו אים אײנער צו און גערעדט ייִדיש. דער אומבאַקאַנטער איז געווען אין גאַנצן פֿאַרבאַנדאַזשירט. פֿון די באַנדאַזשן האָט גערונען בלוט. נאַדעל האָט אים ניט געקענט, אָבער זײַנע ווערטער האָבן אים לאַנג פֿאַרפֿאָלגט.

אײן מאָל איז נאַדעל געלעגן אין אַן אָקאָפּע. פֿון אַלע זײַטן זײַנען געפֿאַלן דײַטשע באָמבעס און סנאַריאַדן. מענטשן זײַנען געפֿאַלן ווי פֿליגן. פּלוצעם האָט אַ באָמבע אויפֿגעריסן לעבן אים. דער לופֿטדרוק האָט אים אַרויסגעשלײדערט פֿון דער אָקאָפּע, אים אויפֿגעהויבן אין דער לופֿטן און צוריק אַראָפּגעוואָרפֿן. ער האָט באַקומען אַ שטאַרקן זעץ אין קאָפּ און פֿאַרלוירן דעם באַוווּסטזײַן.

ווען ער איז, אין שפּיטאָל, געקומען צו זיך, איז ער געווען טויב און שטום.

יענעם טאָג האָט זיך געענדיקט נאַדעלס מלחמה מיט די דײַטשן און ער האָט אָנגעהויבן קעמפֿן מיט דער נאַטור: צוריק ווערן אַ מענטש ווי אַלע מענטשן און קענען הערן און רײדן. די קומענדיקע דרײַ יאָר זײַנען די סאַמע פֿאַנטאַסטישסטע אין זײַן לעבן.

יוסף נאַדעל האָט געגומען אַרומוואַנדערן איבער סאָוועטישע שפּיטאָלן. אומעטום האָבן אים די דאָקטוירים געזאָגט (זײ פֿלעגן עס אים אָנשרײַבן אויף אַ שטיקל פּאַפּיר, ווײַל ער האָט ניט געהערט), אַז ער מוז שלום מאַכן מיט זײַן גורל, וואָרעם ער וועט שוין אויף שטענדיק בלײַבן טויב און שטום. נאַדעל האָט אָבער זיך אָפּגעזאָגט אויפֿצוגעבן די האָפֿענונג. ניט קוקנדיק וואָס ער האָט זיך געקענט באַוועגן בלויז אויף קוליעס, האָט ער אָבער מיט דער גאַנצער עקשנות געזוכט אַ דאָקטער צי אַ שפּיטאָל, ווו מען וועט אים קענען אויסהײלן. אַזוי האָט ער באַגעגנט אַ ייִדישע דאָקטערשע, וועלכע האָט באַשלאָסן אים צו העלפֿן. זי האָט אים געזאָגט, אַז אין גאַנץ רוסלאַנד איז פֿאַראַן בלויז אײן שפּיטאָל, אין וועלכן מען הײלט דערפֿאָלגרײַך (דאָס איז געווען אין ברען פֿון דער מלחמה) זײַן מחלה. אָבער דער שפּיטאָל געפֿינט זיך אין לענינגראַד און בלויז הויכע סאָוועטישע אָפֿיצירן און אויסלענדישע ראַטגעבערס ווערן אַהין אַרײַנגענומען.

„אויסלענדישע ראַטגעבערס" האָט געמײנט אַמעריקאַנער און בריטישע פֿאָר־שטײער, וואָס האָבן זיך געפֿונען אויף די סאָוועטישע פֿראָנטן און געהאָלפֿן די רוסן אַבסאָרבירן דאָס נײַע געווער, וואָס די אַלײַירטע האָבן געשיקט. „הויכע סאָוועטישע אָפֿיצירן" האָט געמײנט, אַז מען מוז זײַן אַ מיטגליד פֿון דער סאָוועטישער הויפּט־קאָמאַנדע. נאַדעל, פֿאַרשטײט זיך, האָט ניט געקענט אַרײַנגערעכנט ווערן ניט אין דער ערשטער און ניט אין דער צווייטער קאַטעגאָריע. זײַנע אויסזיכטן אַרײַנגענומען

צו ווערן אין דעם דערמאָנטן שפּיטאָל זיינען דעריבער געווען ווייניקער ווי מינימאַלע. אָבער די ייִדישע דאָקטערשע האָט געהאַט אויף אים רחמנות און, ווי דורך אַ נס, אַ דאַנק איר, איז יוסף אַריינגענומען געוואָרן אין דעם שפּיטאָל.

ווי אַזוי האָט עס פּאַסירט? דער איינציקער אויסזיכט פון דער דאָקטערשע איז געווען, אַז די שפּיטאָל־דאָקטוירים וועלן זיך שטאַרק ניט גריבלען אין די רשימות פון די קראַנקע. און אַזוי איז טאַקע געווען. ווען נאַדעל איז אָנגעקומען קיין לענינגראַד מיט אַ גאַנצן עשאַלאָן פּאַרווונדעטע און אַ מיליטערישער אַמבולאַנס האָט אים צוגעפירט צום שפּיטאָל, האָט ער באַמערקט, אַז דאָרטן הערשט אַ צעטומלעניש און אַן אומאָרדענונג. די קראַנקן־שוועסטערס און דאָקטוירים האָבן ניט געפרעגט קיין פראַגעס, זיי האָבן בלויז געקוקט אין דער רשימה פון די פּאַרווונדעטע. דערזעענדיק, אַז נאַדעלס נאָמען פיגורירט צוזאַמען מיט די נעמען פון גענעראַלן און מאַרשאַלן, איז ער, אַן וויטערע פראַגעס, אַריינגענומען געוואָרן אין שפּיטאָל.

נאַדעלס צושטאַנד איז געווען אַ שרעקלעכער: חוץ וואָס ער איז געווען טויב־שטום, האָט אים געוואָרפן אין קאָנוווּלסיעס, אָבער זיין מוח האָט געאַרבעט קלאָר און ער האָט געוווּסט, אַז די איינציקע האָפענונג זיינע איז דער שפּיטאָל.

נאָך עטלעכע טעג האָט מען נאַדעלן אַריינגעפירט צו דער הויפּט־דאָקטערשע. זי איז געזעסן אין אַ האַלב־טונקעלן קאַבינעט, וווּ ס'האָט געהערשט אַ מאָדנע אַטמאָספער. נאַדעל האָט איר אָנגעשריבן זיין „קראַנקן־געשיכטע". די דאָקטערשע האָט דאַן גענומען דורכפירן אויף אים פאַרשיידענע פּסיכאָ־אַנאַליטישע טעסטן. שפּעטער האָט זי אים גענומען היילן מיט היפּנאָז. נאָך זעקס סעאַנסן האָט נאַדעל גענומען שטאַמלען. און נאָך זעקס חדשים האָט ער דערפילט, אַז עס קערט זיך צו אים צוריק דער כוח צו ריידן און הערן. אָבער זיין נשמה איז געבליבן צעבראָכן און זיינע נערוון אָפּגעטעמפּט.

אין לענינגראַד האָט מען פאַר אים מער גאָרניט געקענט טאָן. די דאָקטערשע, וועלכע האָט אים געהיילט מיט היפּנאָז, האָט אים געזאָגט: „מיר האָבן געטאָן דאָס אוממעגלעכע, מער אָבער, ליידער, קענען מיר ניט טאָן".

— ווו אָבער קען מען מיך יע אויסהיילן? — האָט נאַדעל געפרעגט.

— אין ווין. דאָרט איז דאָ אַ דאָקטער, וועלכער איז דער איינציקער וואָס גיט זיך אָפּ דערפאָלגרייך מיט ענלעכע פאַלן. אויב איר קענט זיך דערשלאָגן קיין ווין, וועט מען אייך דאָרטן אפשר העלפן.

נאַדעל האָט באַשלאָסן צו פאָרן קיין ווין. אָבער ווי אַזוי? איז געקומען צו הילף די הויפּט־דאָקטערשע פון לענינגראַדער שפּיטאָל (ס'האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זי איז אויך געווען אַ ייִדישע טאָכטער). זי האָט אים פאַרבונדן מיט אַ ייִדישן דאָקטער

און מיט נאָך אַ רוסישן ייִדן, וועלכע האָבן ביי אים צוגענומען זיינע קוליעס און זיי פֿאַרביטן אויף אַנדערע. מען האָט אים געגעבן אַן אַדרעס פֿון אַ ייִדישן דאָקטער אין מאָסקווע און אים סודותפֿול אָנגעזאָגט, אַז קומענדיק אין מאָסקווע, זאָל ער ווייזן דעם דאָקטער די קוליעס...

נאַדעל האָט בכלל ניט פֿאַרשטאַנען וואָס דאָ קומט פֿאָר. ער האָט בלויז געהאַט איין זאַך אין זינען: וואָס גיכער אָנצוקומען קיין ווין, ווו ער האָט געזען די איינציקע מעגלעכקייט צו ווערן אַ מענטש מיט לייטן גלייך.

ווען נאַדעל האָט אין מאָסקווע אָנגעקלאַפּט אין טיר פֿון דאָקטער, האָט אים יענער אויפֿגענומען מיט אָפֿענע אָרעמס. דער דאָקטער האָט שוין געוווּסט ווער נאַדעל איז און אַז זיין ציל איז צו דערגרייכן עסטרייך. ער האָט צוגענומען ביי נאַדעלן איינע פֿון זיינע קוליעס, אַראָפּגענומען פֿון איר די גומענע פּיסלעך און אַרויסגעשרויפֿט עפּעס אַ שרויף. צו זיין גרויסער איבעראַשונג האָט נאַדעל דערזען ווי פֿון דער קוליע האָבן זיך גענומען שיטן גאָלדענע „צענערלעך"!

ערשט איצט האָט ער באַגריפֿן צוליב וואָס מען האָט אים אין לעניגראַד איבערגעביטן די קוליעס. דער מאָסקווער דאָקטער האָט אים אויפֿגעקלערט, אַז דאָס גאָלד וועט ער, נאַדעל, דאַרפֿן, אויב ער וויל באמת אָנקומען קיין ווין.

נאַדעל האָט פֿאַרשטאַנען, אַז די לעניגראַדער דאָקטערשע שטייט אין פֿאַר־בינדונג מיט אַ ייִדישן אונטערגרונט, וואָס האָט געאַרבעט אין געהיים, אָן ווערטער און דורכגעפֿירט אַלץ גיך און אַנטשלאָסן.

דער מאָסקווער דאָקטער האָט אים געגעבן אינסטרוקציעס:

— פֿאָרט קיין ווילנע, באַזוכט אויך קאָװנע. דאַן קלייבט זיך אַריבער קיין פּוילן, טשעכאָסלאָוואַקיע און דאַן — קיין עסטרייך. ביז איר וועט עס באַווייזן צו טאָן, האָף איך, וועט שוין דער קריג זיין פֿאַרענדיקט.

נאַדעל האָט אים געפֿאָלגט. ער איז אָנגעקומען מיט זיינע קוליעס קיין ווילנע און דאַן געפֿאָרן קיין קאָװנע. ערשט אין קאָװנע האָט זיך נאַדעל דערוווּסט, אַז כמעט אַלע ייִדן זיינען אויסגעשאָכטן געוואָרן. פֿון קאָװנע איז ער צוריקגעפֿאָרן קיין ווילנע און דאַן קיין לאָדזש (קיין אָפֿיציעלע גרענעץ צווישן פּוילן און ראַטן־פֿאַרבאַנד איז נאָך דעמאָלט ניט געווען — רעד׳). אין לאָדזש האָבן „מאַכערס" אים פֿאַרקויפֿט „פּאַפּירן" צו פֿאָרן קיין טשעכאָסלאָוואַקיע. אין טשעכאָסלאָוואַקיע האָט אים אַ שווינדלער אָפּגענאַרט: אַנשטאָט „אמתע פּאַפּירן" צו פֿאָרן קיין עסטרייך, האָט ער אים פֿאַרקויפֿט „פּאַפּירן" צו פֿאָרן קיין רומעניע. פֿון רומעניע האָט נאַדעל געמוזט צוריקפֿאָרן קיין טשעכאָסלאָוואַקיע און ערשט פֿון פּראַג האָט ער זיך קוים דערשלעפּט קיין ווין.

פינף טעג האָט ער אין ווין אַרומגעזוכט דעם דאָקטער, וועגן וועלכן מען האָט אים דערציילט אין לענינגראַד. ערשט אויפֿן זעקסטן טאָג האָט ער זיך דערוווּסט, אַז דער דאָקטער איז געשטאָרבן. אין רוסלאַנד האָט מען וועגן אים געהאַט ידיעות פֿון פֿאַר דער מלחמה, אָבער די מלחמה האָט געענדערט אַ סך זאַכן... ער האָט זיך אָבער דערוווּסט וועגן דעם דאָקטערס אַ תּלמיד. נאָדעל האָט אים געפֿונען און אַוועק צו אים, דערציילט וועגן זיך און וועגן זיין פֿאַנטאַסטישער רייזע. דער דאָקטער האָט אים אויפֿגענומען און דריי מיט אַ האַלבן חודש זיך אָפּגעגעבן מיט אים. דער דאָזיקער פּראָפֿעסאָר האָט אים געהיילט מיט פֿאַרשיידענע מעטאָדן און נאָך דריי חדשים אים געראָטן צו פֿאָרן אין אַ שטילן איטאַליענישן דאָרף, ווו ער וועט צוריק ווערן אַ מענטש און קומען צו זיינע כּוחות.

אין איטאַליע, אינעם שטעטל פּאַדאָוואָ, האָט זיך נאָדעל פֿאַראינטערעסירט מיט ישׂראל. ער האָט געגומען זוכן אַ ברודער, וועלכער איז עולה געווען נאָך פֿאַר דער מלחמה. און ער האָט טאַקע דעם ברודער געפֿונען אין אַ קיבוץ; נאָדעל אַליין איז אין 1946 עולה געווען.

דאָס לעבן אין קיבוץ איז נאָדעלן ניט געווען צום האַרצן. זיינע צעשרויפֿטע נערוון האָבן ניט אויסגעהאַלטן די דיסציפּלין מיט דער גאַנצער קיבוץ־אָרדענונג. ער גייט אַריבער קיין תּל־אָביב און ווערט אַ בוי־אַרבעטער.

ווען דער באַפֿרייונגס־קריג איז אויסגעבראָכן, האָט זיך נאָדעל געפֿונען אין צה״ל.

אין יאָר 1957 פֿאָרט נאָדעל שטודירן קיין פֿראַנקרייך, ווו ער באַקענט זיך מיט אַ געוויסן פּראָפֿעסאָר באַרוק, וועלכער אַנטפּלעקט פֿאַר אים די לערע פֿון קבלה. זינט דאַן לערנט יוסף נאָדעל קבלה און געפֿינט אין איר מיסטיציזם אַן ענטפֿער אויף אַ סך פּראָבלעמען, וואָס האָבן אים געמאַטערט. ער פּרוּווט אַפֿילו מאָלן אויף קבליסטישע טעמעס. פֿריִער האָט ער געמאָלן כּמעט נאָר אויף טעמעס, וואָס האָבן אַ שייכות צו ייִדישקייט.

נאָדעל האָט זיך איין מאָל געהאַט אויסגעדריקט, אַז פֿאַר אים איז ייִדישקייט — „ניט בלויז צוויי לייכטער מאַכן שבת, נאָר די אַטמאָספֿער פֿון מעלאַנכאָלישער שטילקייט, די שבתדיקע רו, די שטימונג, וואָס האָט געהערשט אין דער היים — דאָס איז פֿאַר מיר ייִדישקייט און דאָס האָב איך פּרובירט אַרויסברענגען אין מיינע מאָלערייען״.

ער האָט געקאָנט מאָלן, ניט עסנדיק און ניט שלאָפֿנדיק, פֿיר און צוואַנציק שעה אָן אָפּשטעל. דאַן, זייענדיק פֿאַרמאַטערט, האָט ער אויך געקענט שלאָפֿן אַ גאַנצן מעת־לעת. אין דער פֿרייער צייט לייענט ער ביכער.

קוקנדיק צוריק אויף זיין לעבן, האָט ער אַ זאָג געטאָן ווי צו זיך אַליין:
„עס פאַרדריסט מיך ניט וואָס איך בין איינזאַם, עס טוט נאָר וויי...״ און „איך וואָלט דורכגעגאַנגען נאָך אַ מאָל אַלץ, כדי צוצוקומען צו דעם שטאַפל, ווו איך בין איצט... עס האָט זיך געלוינט!״

**סעם עליאַשעוויטש** ז״ל געשטאָרבן אין מאָנטרעאַל, אין עלטער פון 22 יאָר.

# אַ רוף צום געווער

איבערזעצט דורך ה.ר.

פון באַשיצנדיקע הייכן,
ניט צו ווײַט אַוועק פון ים —
כ׳האָב געקוקט אויף דער מדינה,
וווּ ס׳איז אונדזער היים פאַראַן.

ס׳לעבט אַ פאָלק אין דער מדינה,
מענטשן אַלט און מענטשן יונג,
זייער עלטער איז ניט וויכטיק.
וויכטיק: זייער מוט און שווונג.

אויף אַ באָדן הוילע זאַמדן
בליען גערטנער וווּנדערשיין,
ס׳וואַקסן היינט די שטעט־גיגאַנטן,
וווּ נאָמאַדן פלעגן גיין.

איצטער קומט די שעה פון אמת,
צו באַווייזן: ניט אומזיסט.
באַלד וועט בלוט זיך פריי צעשטראָמען
ווי אַ וואַסער־שטראָם, וואָס פליסט.

כאָטש דאָס בלוט פאַר אונדז איז הייליק,
טייער, ליב אונדז יעדער איינער,
מוזן זיי דער וועלט באַווייזן,
אַז טויט איז בעסער ווי די אימה.

רוף איך די, וואָס ליבן פרייהייט,
וווּ זיי זאָלן איצט ניט גיין,
העלפט אונדז קעגן די באַדריקערס,
העלפט באַשיצן אונדזער היים!

# A CALL TO ARMS

**By Sam Eliasewicz**

From the shelter of a mountain,
Not too distant from the sea,
I stood staring at a country
That means home to you and me.

In this country lives a people,
Many young and many old.
But their ages hold no meaning,
For they're all so brave and bold.

They have built a shining garden
From a land of shifting sands,
They have built gigantic cities
Where once dwelt Nomadic bands.

Now the time of truth is nearing,
We must show twas not in vain,
Soon the blood will flow as freely
As the water in the rain.

Though this blood to us is sacred,
And the people very dear,
They must fight to show the world
We'd rather die than live in fear.

Now I ask all men of freedom
In whatever land they roam,
Help us fight off the oppressors
From this country that's our home.

From the soldier on the border
To the farmer in the field,
Take up arms and come to join us,
For we've sworn we'll never yield.

Soon we'll stand in large batallions,
Where once other soldiers fell,
We will go to war remembering
That we fight for Israel.

פון סאָלדאַט, וואָס אויף דער גרענעץ,
ביז צום פויער אויף זיין בייט,
מ׳נעמט ס׳געווער און זייט אַלע עדות:
פאַר פרייהייט קעמפן מיר זיינען גרייט.

דאָרט ווו העלדן פלעגן פאַלן,
וועלן קומען נייע גאָר אַ סך,
און אַלע וועלן מירן געדענקען,
אַז פאַר ישׂראל איז די שלאַכט.

June 2, 1967 דעם 2טן יוני, 1967



שלמה־סעם עליאַשעוויטש.

**יעקב ראַבינאָוויטש**

# עפּיזאָדן פון די מלחמה־יאָרן

אַרום אַכט טויזנט ייִדן האָבן די ליטווינער צונויפגעטריבן אויפן זיבעטן פאָרט * אין די ערשטע פאַר וואָכן נאָכן מלחמה־אויסבראָך. די מענער האָבן גאַנצע טעג געמוזט ליגן אויף דער ערד מיטן פנים אַראָפּ. פאַר דער קלענסטער באַוועגונג האָט מען באַקומען אַ קויל. די היץ, דער הונגער און דער דורשט זיינען געווען אומדער־טרעגלעך. מענטשן זיינען ממש אויסגעגאַנגען פון דורשט. ניט ווייט איז דורכ־געגאַנגען אַ טייכל, האָבן די ליטווינער עטלעכע מאָל דערלויבט אייניקע ייִדן, וואָס האָבן באַצאָלט מיט גראָבע געלטער, ברענגען וואַסער. קומענדיק צוריק, האָט מען עטלעכע פון זיי דערשאָסן.

בן־ציון מויערער, אַ פּאַסוואַלער יונגער מאַן, האָט איינגעשטעלט זיין לעבן פאַר אייניקע קראַנקע און שוואַכע מענטשן און איז געגאַנגען, אָן אַ דערלויבעניש, ברענגען פאַר זיי אַ ביסל וואַסער. מען האָט אים אויפן אָרט דערשאָסן...

***

אויף די קאָוונער גאַסן איז אַ געיעג נאָך ייִדן. אין דער זעלבער צייט ווערט אַ באַקאַנטער ייִדישער טוער פון די פּראָפּ׳ פּאַראייניגן געזוכט דורך דער ליטווישער פּאָליציי. אויף איינער פון די גאַסן ווערט פאַרהאַלטן זיינער אַ ברודער, וואָס איז זייער ענלעך צו אים. דער ברודער לאָזט זיך אַרעסטירן, גיט ניט אַרויס זיין אמתע אידענטישקייט און ווערט פאַרשלעפּט אויפן זיבעטן פאָרט, פון וואַנען ער האָט זיך מער ניט אומגעקערט.

***

אויפן זיבעטן פאָרט האָט מען איין טאָג געגעבן עפּעס אַ ביסל וואַסער, וואָס די באַנדיטן האָבן אָנגערופן „זופּ״. שטייט איינע אַ פרוי מיט אַ זעקל, אין וועלכן ס׳זענען

* זע באַמערקונג צו זייט 37.

געווען זילבערנע לעפל, גאָפּלען און מעסערס. בעט ביי איר איינער אַ ייִד זי זאָל אים לייען אַ לעפל, כדי ער זאָל קענען עסן דאָס ביסל „זופּ". די פרוי האָט ניט געליִען. פאַר נאַכט האָט אַ ליטווינער זי דערהרגעט...

***

די געטאָ ווערט ליקווידירט. מען פירט אַרויס דאָס ביסל ייִדן קיין דייטשלאַנד. אַ טייל ייִדן פּרובירט אַנטלויפן פון געטאָ און זיך אויסבאַהאַלטן ביי ליטווינער. אַנדערע פאַרשטעקן זיך אין מאַלינעס. נאַדיאַ פינבערג־ליגום האָט אַ געלעגנהייט זיך צו ראַטעווען, זי וויל אָבער ניט איבערלאָזן אירע עלטערן. אין עטלעכע טעג אַרום איז זי צוזאַמען מיט דער גאַנצער משפחה געלעגן אַ פאַרברענטע אין זייער מאַלינע.

***

בעת דער „גרויסער אַקציע" אויפן „דעמאָקראַטן פּלאַץ", האָט זיך זונדל שטרייכמאַן, דער באַקאַנטער קאָוונער עסקן און געוועזענער פאָרזיצער פון חברה־קדישא, געפונען צווישן די מיטגלידער פון עלטסטן־ראַט, וועלכע זיינען געשטאַנען אָן אַ זייט און געווען פאַרזיכערט ניט אַרויסגעפירט צו ווערן. זיינען צו צו אים זיינע געוועזענע באַלעבאַטים און אים געזאָגט: „אַ גאַנץ לעבן זייט איר געווען אונדזער מנהיג, טאָ פאַרלאָזט אונדז ניט אויך איצט, אין אַן עת־צרה". ר' זונדל האָט זיי געענטפערט, אַז זיי זיינען גערעכט און איז אַוועק מיט זיי. דאָס איז געווען זיין לעצטער וועג... בחייהם ובמותם לא נפרדו!

***

אין איינעם אַ פרימאָרגן האָבן די דייטשן צונויפגעכאַפּט 350 ייִדן און זיי באַפוילן אַריבערצוטראָגן 700 שטולן פון סלאַבאָדקע קיין פאַנעמון, אַ מהלך פון אַרום 10 קילאָמעטער. יעדער איינער האָט געמוזט נעמען 2 שטולן אויפן קאָפּ און מאַרשירן. כדי צו געבן דער שטאָטישער באַפעלקערונג אַן אומזיסטע און פרייליכע פאָרשטעלונג, האָט מען די ייִדן געטריבן דורכן צענטער פון שטאָט, ווו טויזנטער ליטווינער און דייטשן האָבן זיך נייגעריק צוגעקוקט צו דער פּראָצעסיע און זי באַגלייט מיט אָפּשפּאָטנדיקע באַמערקונגען...

***

איינער אַ יונגער בחור, מעק, האָט זיך פאַרנומען מיטן אויסאַרבעטן פאַלשע

דאָקומענטן צו אַנטלויפן קיין דענעמאַרק אָדער שוועדן. אין איינער אַ נאַכט, ווען ער האָט געוואָלט זיך דורכשמוגלען דורכן געטאָ-צוים, האָט אים באַמערקט אַ דייטש און געפּרוווט פאַרהאַלטן. מעק האָט צו אים געשאָסן. נאָך אַ געיעג, איז מעק געכאַפּט געוואָרן. מען האָט אים מערדערלעך געפּייניקט, ער האָט אָבער ניט אַרויסגעגעבן זיינע ייִדישע און ליטווישע חברים, וועלכע האָבן צוזאַמען מיט אים זיך פאַרנומען מיטן פּראָדוצירן די פאַלשע דאָקומענטן.

אויפן באַפעל פון די דייטשן, האָט די געטאָ-מאַכט צונויפגענומען ביי אַ דרייסיק ערובניקעס, לרוב אַלטע לייט. אויך מעקס מאַמע און שוועסטער זיינען געווען צווישן זיי.

דער געטאָ האָט געדראָט אַ גרויסע סכנה. מען איז אָבער צום סוף דורכגעקומען מיט די דייטשן און מען האָט די „פרעמדע" ערובניקעס ניט געטשעפּעט. אין געטאָ האָט מען אויפגעשטעלט אַ תליה און מען האָט אַרויסגעטריבן די ייִדן אָנקוקן די עקזעקוציע.

מעק איז דרייסט געגאַנגען צום עשאַפאָט און האָט געפרעגט: „וואָס מאַכט מיין מאַמע"? מען האָט אים געענטפערט, אַז זי לעבט און עס וועט איר גאָרניט געשען. אין דער אמתן אָבער האָט מען זיין מאַמען און שוועסטער אומגעבראַכט אין ערשטן טאָג פון זיין אַרעסט...

⁂

איינער אַ ליטווינער, סאַוויצקאַס, האָט געהאַט אַ געליבט ייִדיש מיידל. ווען ס'איז געשאַפן געוואָרן די געטאָ, איז סאַוויצקאַס דאָרט אַריין מיט איר און געליטן צוזאַמען מיט אַלע ייִדן. עס האָט אָבער לאַנג ניט געדויערט און די דייטשן האָבן אים דערהרגעט...

⁂

זייענדיק אין געטאָ, האָט מען געזוכט אַ גייסטיקן אָנשפּאַר, אַ שטיקל רוחניותדיק ברויט, אַ מיסטישן אַנטלויף פון די טאָג-טעגלעכע ליידן און צרות; מען האָט געוואָלט הערן אַן ענטפער און אַן אויסטייטש אויף דעם, וואָס עס געשעט דעם ייִדישן פאָלק. איז געווען אין געטאָ דער באַרימטער עלוי מרדכי פּאָגראַמאַנסקי, וועלכער פלעגט פירן שמועסן וועגן גאולה, משיחיזם, קדושה און אַנדערע טעמעס. באַאַמטע פון דער געטאָ-אַדמיניסטראַציע און פיל אינטעלעקטואַלן פלעגן אים קומען הערן. דער ייִדישער אַרבעטס-אַמט האָט אים באַפרייט פון דער צוואַנגס-אַרבעט און מען האָט אים געהאָלפן מיט שפּייז. ער פלעגט אָבער שטענדיק קאָנ-

טראַלירן פאַר וועלכן געלט מען האָט עס געקויפט. קוים האָט זיך געהאַנדלט וועגן געלט, וואָס מען האָט אָפּגענומען פאַר פאַרקויפטע בגדים פון דערהרגעטע ייִדן, האָט ער די שפּייז ניט אָנגענומען. בעתן ליקווידירן די געטאָ האָט מען אים געהאָלפן זיך ראַטעווען. ער איז נפטר געוואָרן אין פּאַריז.

⁂

בעת דער קינדער־אַקציע האָט אַסיאַ סעדלעצקי ניט אָפּגעגעבן איר קינד. צווישן איר און די באַנדיטן איז אַנטשטאַנען אַ ביטערער געראַנגל. זי האָט די מערדער געביסן מיט די ציין און געבריקעט מיט די פּיס. פון איר קאָפּ איז גערונען בלוט און די הינט האָבן איר צעביסן די פּיס. צום סוף האָבן די מערדער זי צוזאַמען מיטן עופעלע אַריינגעוואָרפן אין אויטאָ. עלף באַנדיטן האָבן ניט געקענט צעשיידן דער מאַמען פון איר קינד!

⁂

אַ מאַמע האָט צוויי מיידעלעך. זיי ווערן געכאַפּט. די מאַמע באָט אָן געלט און גאָלד. זי רוקט עס דעם דייטש אין די הענט און בעט זיך מיט טרערן מען זאָל איר אָפּגעבן די קינדער. דער דייטש איז מסכים איר אָפּצוגעבן נאָר איין קינד. ווען די קינדער האָבן עס דערהערט, האָט יעדע אָנגעהויבן זיך בעטן און שרייען צו דער מאַמען: „מאַמע, נעם מיך, נעם מיך". די מאַמע האָט עס ניט געקענט אויסהאַלטן און איז געפאַלן אין חלשות. דער אויטאָ מיט די קינדער איז אַוועק־געפאָרן...

⁂

ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די קינדער־אַקציע, האָבן די דייטשן אַוועקגעפירט די ייִדישע געטאָ־פּאָליציאַנטן אויפן ניינטן פאָרט. מען האָט געפאָדערט פון זיי אַרויסצוגעבן די מאַלינעס און דעם ייִדישן אונטערגרונט. עס ווערן זיי צוגעזאָגט די בעסטע באַלוינונגען און לעבן־גאַראַנטיעס. דער רוב האָט זיך אָבער ניט געלאָזן פאַנגען פון די דייטשע הבטחות. דאַן ווערן זיי געפּייניקט און דערמאָרדעט. נאָר אייניקע שוואַכלינגען האָבן ניט אויסגעהאַלטן און זיינען געוואָרן מוסרים. צווישן זיי: אושפּיק, טראַבינאָוויטש, ווילענטשוק. די דייטשן ברענגען זיי אין געטאָ, וווּ זיי ווייזן אָן וווּ עס געפינען זיך מאַלינעס. די מערדער שלעפּן פון דאָרט איבערגעשראָקענע קינדערלעך, אַלטע לייט און וואַרפן זיי אין צוגעגרייטן אויטאָ אַריין...

איינעם אַ מיידעלע האָבן די עלטערן געמאַכט אַן איינשפּריצונג צו שלאָפֿן און עס באַהאַלטן אין בעט און פֿאַרדעקט מיט קישנס. די אוקראַיִנער האָבן אויסגעזוכט אין אַלע ווינקעלעך, אונטערן בעט, אין קעלער, אויפֿן בוידעם, אָבער אין בעט האָבן זיי ניט געזוכט. די עלטערן האָבן זיך שטאַרק געפֿרייט. ווען זיי זיינען אָבער צו צום בעט און אַראָפּגענומען די קישנס, האָבן זיי דערזען, אַז זייער טעכטערל איז דערשטיקט געוואָרן...

⁂

פֿרוי פּערקול האָט זיך געראַנגלט מיט אַן אָנגערייצטן הונט. זי האָט אַריינגערוקט אין זיין אָפֿן פּיסק איר טעכטערלס ליאַלקע. דער הונט האָט זיך גענומען שטיקן. אַ מערדער האָט איר דערלאַנגט מיטן ביקס איבערן קאָפּ און זי איז געפֿאַלן. דאַן האָבן זיי אַרויסגענומען פֿון אירע הענט דאָס קינד און אַוועקגעפֿירט...

⁂

דער זיידע ליפּניצקי איז געלעגן באַהאַלטן מיט זיינע צוויי אייניקלעך אויף אַ בוידעם. אַן אוקראַיִנער האָט זיי געפֿונען. ליפּניצקי איז געווען אַ ייִד, וואָס האָט געקענט געבן אַ זעץ. האָט ער לאַנג ניט געוואַרט און דערלאַנגט דעם אוקראַיִנער אַ קנאַק, אַז ער האָט זיך איבערגעקוליעט און צעמזיקט דעם פּנים. אויף זיינע געוואַלדן, איז אָנגעלאָפֿן אַ דייטשער אָפֿיציר און געפֿרעגט ליפּניצקין וואָס עס קומט דאָ פֿאָר. דער אוקראַיִנער האָט קיין דייטש ניט געקענט, האָט ליפּניצקי געזאָגט צום דייטש, אַז יענער בעט ביי אים געלט פֿאַרן באַפֿרייען די קינדער. דער דייטש איז געוואָרן אויפֿגעקאָכט און האָט אַרויסגעפֿירט דעם אוקראַיִנער אין דרויסן, כדי אים איבערצוגעבן אין די הענט פֿון געשטאַפּאָ. די אייניקלעך האָבן זיך אָריענטירט און זיינען אַנטלאָפֿן. דער אַלטער ליפּניצקי איז אַריינגעטריבן געוואָרן אין אויטאָבוס...

⁂

דריי דורות זיינען אַוועק פֿון דער וועלט; עס זיינען געגאַנגען אַ זיידע מיט אַ באָבען און אַ טאָכטער מיט אירע קינדער. אַלע האָבן זיך געהאַלטן רויִק, ניט געווען היסטעריש, נאָר פֿאַרשטיינערט. די יונגע מאַמע האָט געטרייסט די אומגליקלעכע קינדער און זיי געטוליעט צו זיך. די הינטישע דייטשן און די דייטשע הינט האָבן זיי איבערגענומען ביים אויטאָבוס. דריי דורות זיינען אָפּגעווישט געוואָרן פֿון דער וועלט. קיין קדיש וועט קיינער נאָך זיי ניט זאָגן און קיין ליכט ניט אָנצינדן.

בעת דער קינדער־אַקציע זיינען אומגעבראַכט געוואָרן די מערהייט געטאָ־פּאָליציסטן. אין געטאָ הערשט כאַאָס און הפקרות. ייִדישע אונטערוועלט־טיפּן נעמען ראַבעווען פון די ליידיקע הייזער. עס איז ניטאָ ווער עס זאָל זיי אָפּהאַלטן. דאַן אָרגאַניזירן ייִדן אָרדענונג־היטער, וועלכע פאַרהאַלטן, נאָך אַ געשלעג, די גנבים. מען שטעלט זיי פאַר אַ מישפּט, וואָס דויערט אַ גאַנצע נאַכט. אין דער גרופּע גנבים זיינען פאַראַן אויך אייניקע פרויען. מען בינדט אַלעמען די הענט און מען האַלט זיי ביז אין דער פרי אין אַ קעלער. דאַן קומט געשטאַפּאָ און פירט זיי אַוועק אויפן ניינטן פאָרט...

⁂

אין אַ בונקער אונטער אַ הויז זיינען, בעת דער געטאָ־ליקווידאַציע אין די הייסע זומער־טעג פון 1944, געזעסן 63 מענטשן, צווישן זיי אייניקע קינדער. דער בונקער איז געווען אויסגערעכנט מאַקסימום פאַר 25 מענטשן און דער אַריינגאַנג אין אים איז געווען דורך אַן אויוון. שפּייז, וואַסער און מעדיקאַמענטן האָט מען געהאַט. עס האָט אָבער געפעלט לופט.

צווישן די קינדער האָט זיך געפונען דאָס פיר־יאָריקע ייִנגעלע קוקלע לאָפּ־יאַנסקי — זייער אַ באַוועגלעכער, אַ גרויסער שרייער און וויינער. די עלטערן האָבן געהאַט צוגעגרייט איינשפּריצונגען אים צו פאַרשלעפערן.

ביי נאַכט פלעגט מען אַרויסגיין כאַפּן אַ ביסל לופט. איין מאָל האָט מען באַמערקט ווי עס קומען אָן דייטשן. מען האָט גענומען לויפן צוריק אין דער מאַלינע. קוקלעס מאַמע האָט גלייך גענומען זוכן די נאָדל, כדי צו מאַכן אים די איינשפּריצונג. אין דער פינצטער האָט זי עס אָבער ניט געקענט געפינען. דערווייל האָבן זיך דערהערט פון אויבן טריט. מען איז געווען זיכער, אַז דאָס זיינען דייטשן. קוקלע שרייט און מען קען אים ניט איינשטילן. וואָס טוט מען? זיין מאַמע זאָגט: „וואַרפט אויף אים אַרויף קישנס, דערשטיקט אים!“ מען האָט אַזוי געטאָן. קוקלע איז דער־שטיקט געוואָרן, כדי די איבעריקע זאָלן זיך ראַטעווען...

ווען ס׳איז שטיל געוואָרן, האָט מען באַשלאָסן צו פאַרלאָזן די מאַלינע, מורא האָבנדיק, אַז אין דער פרי וועלן קומען די דייטשן און אויפרייסן דעם אַנטדעקטן בונקער. ווען מען איז אַרויף אויבן, האָט מען געפונען אַן עלטערע פרוי, וועלכע האָט געהאַט פאַרשפּעטיקט אַריינצוקריכן אין דער מאַלינע און שפּעטער איז זי אַרומגעקראָכן און געזוכט דעם געהיימען אַריינגאַנג, וועלכן זי האָט, ליידער, ניט געפונען. קוקלע איז אַזוי אַרום געווען אַן אומזיסטער קרבן...

פרוי כץ, אַ געוועזענע לערערין פון פּאָניעוועזש, איז צוזאַמען מיט איר נײַנצן־יאָריקער טאָכטער געזעסן אין אַ מאַלינע. איר מאַן איז אַרויסגעפירט געוואָרן מיטן טראַנספּאָרט. פרוי כץ האָט געליטן פון צוקער־קראַנקייט און דער הונגער האָט זי שרעקלעך געפּייניקט. זי האָט זיך געבעטן מען זאָל זי אַרויסלאָזן פון דער מאַלינע. זי האָט געטענהט, אַז זי האָט פאַרלאָרן איר מאַן און צוויי קינדער און דעריבער וויל זי מער ניט לעבן. זאָל די טאָכטער זיך אַליין ראַטעווען. די טאָכטער האָט אָבער ניט געלאָזן דער מוטער אַליין אַרויסקריכן פון דער מאַלינע. זיי זיינען ביידע אַרויסגעקראָכן אין דרויסן און די מענטשן אין דער מאַלינע האָבן דורך אַ שפּאַלט געזען, ווי מען האָט זיי ביידן געכאַפּט און אַריינגעוואָרפן אין די פלאַמען פון אַ ברענענדיק הויז...

**כאַצקל קויפמאַן**

# טרויעריקע דערמאָנונגען פון קאָוונער געטאָ

## א

געווען איז עס אין אַ האַרבסטיקן טאָג, אין 1941, ווען איך האָב געאַרבעט אין די פאַנעמונער קאַזאַרמעס, צוזאַמען מיטן טייערן חבר, הירשל גלעזער הי״ד. פאַרן אַרויסגיין באַגינען פון געטאָ, האָבן מיר געהערט קלאַנגען, אַז דעם טאָג וועט זיין זייער אַ שטרענגע קאָנטראָל ביים טויער. מען האָט געזאָגט, אַז יעדער, ביי וועמען מען וועט עפּעס געפינען, וועט דערשאָסן ווערן.

מיר זיינען ביידע געווען יוגנט־חברים פון 13 יאָר אַלט און מיר האָבן אונדזער גורל אונטער די דייטשן געטיילט צוזאַמען. מיר האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען ביי דער אַרבעט און צוזאַמען געביטן ביי ליטווינער זאַכן אויף פּראָדוקטן, וואָס מיר האָבן פאַרשטעקט אין אונדזערע בגדים און דערמיט דערהאַלטן ביים לעבן אונדזערע הונגעריקע פאַמיליעס.

דעם טאָג האָט אונדז דער ליטווינער געבראַכט סאַכאַרין, ווייל צוקער איז געווען גלייך מיט גאָלד און מען האָט עס אין געטאָ ניט געקאָנט באַקומען. מיר האָבן געוווסט, אַז ביים געטאָ־טויער, אויב מען כאַפּט אונדז, וועט אונדזער סוף זיין אַ ביטערער. מיר האָבן אָבער ניט געקאָנט ביישטיין דעם נסיון פון אַרויסוואַרפן דעם סאַכאַרין. איך האָב שטענדיק געגלויבט אין וואַרפן גורל, האָב איך אים פאַר־געלייגט, אַז מיר זאָלן וואַרפן גורל. און אַזוי האָבן מיר געטאָן. מיר האָבן גענומען צוויי העלצלעך, אַ לענגערן און אַ קירצערן. דער לענגערער האָט געזאָלט זיין, אַז מיר זאָלן נעמען מיט זיך דעם סאַכאַרין, און דער קירצערער, אַז מען זאָל ניט ריזיקירן. הירשל האָט אַרויסגעצויגן דעם לענגערן העלצל און מיר האָבן גענומען דעם סאַכאַרין און באַהאַלטן אין די זאָקן. קומענדיק צום געטאָ־טויער האָבן מיר געפונען, אַז אַלע בריגאַדעס שטייען אין אַ לאַנגער ריי ביזן סלאַבאָדקער בריק און יעדער ווערט אונטערזוכט פון דייטשן און ליטווינער. מיר זיינען אָפּגעשטאַנען דריי שעה מיט קלאַפּנדיקע הערצער, ביז מיר האָבן דערוואַרט אונדזער ריי. מען האָט אונדז

דורכגעטאַפּט אַלע בגדים, פון קאָפּ ביז די פיס, אָבער דעם סאַכאַרין האָבן זיי ניט דערטאַפּט און מיר זיינען דורך בשלום, געראַטעוועטע פון טויט. דאָס איז איין עפּיזאָד פון אונדזערע טרויעריקע און בלוטיקע דריי יאָר אין קאָוונער געטאָ, אונטער דער הערשאַפט פון די מערדערישע דייטשן און ליטווינער.

ב

די קאָוונער געטאָ איז שוין ליקווידירט. אַ טייל ייִדן זיינען אַרויסגעפירט געוואָרן קיין דייטשלאַנד אין פראַכט־וואַגאַנען, אַ טייל מיט באַרזשעס און אַ טייל איז אומגעבראַכט געוואָרן אין קאָוונע, פאַרן אַרויספירן. די באַהאַלטענע אין די מאַלינעס, אין קעלערן, אין דאָפּלווענט און אין אַנדערע באַהעלטענישן, האָבן דורך פאַרשיידענע וועגן געוווּסט די נייעס פון פראָנט. מאַנכע האָבן געהאַט ראַדיאָס און די פריילעכע נייעס, אַז די רוסן האָבן שוין פאַרנומען ווילנע און זיינען אינגאַנצן 90 קילאָמעטער פון קאָוונע, האָט געבראַכט אַ שטראַל פון האָפענונג. יעדער האָט געמאַכט דעם חשבון, אַז זיי קאָנען פאַרנעמען קאָוונע אין איין טאָג. מיר האָבן דאָך אַלע געזען, ווי די „העלדישע” דייטשע אַרמיי איז געלאָפן אין כאַאָס און ווי צעקלאַפּט זי איז געווען. מיר האָבן געפילט, אַז די באַפרייונג איז אונטערן נאָז, כאָטש דער חלף איז אויפן האַלדז. די האָפענונג איז אָבער געווען אַ פּוסטע. די סאָוועטישע אַרמיי האָט זיך ניט גערירט פון ווילנע און די ייִדן אין קאָוונער געטאָ זיינען ניט געראַטעוועט געוואָרן. אין די גענויע 3 וואָכן האָבן די דייטשן באַוויזן צו ליקווי־דירן די געטאָ און זי פאַרברענען מיט איבער צוויי טויזנט ייִדן. די דייטשן האָבן געטאָן זייער אַרבעט זייער זאָרגפעלטיק און פּינקטלעך.

די געטאָ־פירער האָבן געפּרווּט פאַרהאַנדלען מיטן דייטשן געטאָ־הויפּט, געקע, אַז ער זאָל ניט אַרויספירן די ייִדן. מען האָט אים פאַרזיכערט, אַז מען וועט ראַטעווען זיין לעבן און מען האָט אים אָנגעבאָטן אַ ריזיקן סכום פון געלט און ווערטזאַכן. עס האָט אָבער גאָרניט געהאָלפן.

מיין פאַמיליע, אין באַשטאַנד פון 22 פּערזאָן, איז געווען באַהאַלטן אויף באַיאָרו־גאַס 13, נעבן געטאָ־צוים, אין אַ פאַרמאַסקירטן באָדצימער. 7 טעג זיינען מיר דאָרטן געלעגן בעתן ליקווידירן די געטאָ. ביי נאַכט פלעגט מען איינציקווייז זיך אַרויסכאַפּן נאָך אַ ביסל פרישע לופט און זוכן שפּייז אין די גערטנער. דאַן פלעגן מיר זען שוידערלעכע סצענעס, ווי ייִדן האָבן זיך געוואָלט ראַטעווען דורכן צוים און זיינען דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט. גאָר דערציטערט זיינען מיר געוואָרן, ווען מיר האָבן פּלוצעם דערזען אַ פייער אין געטאָ און דערהערט שרעקלעכע געשרייען. מיר האָבן גלייך פאַרשטאַנען, אַז די דייטשן האָבן אָנגעצונדן די געטאָ.

די ליטווינער, מיט שפּירהינט, זיינען אַרומגעלאָפן און האָבן געכאַפּט ייִדן, וואָס זיינען געלאָפן פון פייער, און זיי דערשאָסן אויפן אָרט.

צווישן אונדז איז אַנטשטאַנען אַ פּאַניק. מיר האָבן אַלע געפילט, אַז דאָס איז דער ביטערער סוף. איך האָב גענומען אַ סדור און געוואָרפן גורל און עס איז געבליבן, אַז מיר מוזן אַרויס צו די דייטשן. דאָס פייער האָט זיך דערנענטערט צו אונדז און מיר זיינען אַרויס פון אונדזער מאַלינע מיט אַ געבעט צו גאָט און מיט צווייפלדיקער האָפענונג.

פון די 22 אין מיין פאַמיליע זיינען געבליבן לעבן: איך, מיין ברודער יאַנקל, זיין פרוי און טאָכטער. צווישן די אומגעבראַכטע זיינען געווען מיינע אומפאַרגעס־לעכע פרוי און 2 טייערע קינדער, מיין מאַמע און אַנדערע קרובים.

אַזוי איז פאַרענדיקט געוואָרן די קאָוונער געטאָ און אַזוי איז אָפּגעווישט געוואָרן אַן עיר ואם בישראל, וואָס איז געווען באַקאַנט אין דער ייִדישער וועלט מיט אירע 40 טויזנט ייִדישע תושבים.

**ביניש עפשטיין**

# דער לעצטער רב אין קאָוונע

אונדזער איצטיקער דור מאַכט דורך אַ פּראָצעס פון גערעאַנגל מיט זיך אַליין בנוגע דעם עצם קיום פון אונדזער אומה, איר מהות, כאַראַקטער און איר המשכדיקער געשטאַלטונג. דער עבר איז ווי איינגעהילט געוואָרן אין אַ נעפּלדיקן שלייער אָן אַ ממשותדיקן פּרצוף. די רעאַליסטישע געשטאַלט פון דעם „אַמאָל" שיינט פאַר אונדז אַרויס פון דעם שוין פאַרנעפּלטן „נעכטן" בלויז דורך אַ פאָרבילד פון די גדולים און מנהיגים פון דעם דור, וואָס איז טראַגיש פאַרשניטן געוואָרן. אַזאַ איינער, וואָס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט די טיפסטע און העכסטע אייגנשאַפטן פון יענעם ייִדנטום, איז געווען דער לעצטער קאָוונער רב, הגאון ר' אברהם־דובער שפּירא זצ"ל. ער איז געשטאָרבן אין קאָוונער געטאָ אין כ"ב אדר תש"ג.

***

קאָוונע איז ניט געווען צווישן די עלטסטע ייִדישע קהילות אין דער אַמאָליקער רוסלאַנד, אויך ניט די גרעסטע און רייכסטע. אָבער זינט דער צווייטער העלפט פון פאָריקן יאָרהונדערט איז קאָוונע געוואָרן אַ שם־דבר און איז באַטראַכט געוואָרן אַלס „עיר ואם בישראל". דאָס איז געווען אַ דאַנק די רבנים, וועלכע האָבן פאַרנומען דעם כסא־הרבנות אין דער שטאָט. אָנגעהויבן האָט עס זיך מיט ר' לייבעלע שפּירא ז"ל (אַ סברא, אַז ער איז געווען דער ערשטער קאָוונער רב; טשיקאַווע, אַז אויך דער לעצטער רב האָט געהייסן שפּירא). נאָך ר' לייבעלען איז געווען רב אין קאָוונע ר' יהושע לייב דינסקין ז"ל, וועלכער איז נפטר געוואָרן אין ירושלים, ווו זיין השפּעה איז געווען אַ שטאַרקע אין אָנהייב פון דער חובבי־ציון־באַוועגונג.

די העכסטע תקופה פון קאָוונער רבנות איז געווען די צייט, ווען ר' יצחק אלחנן ז"ל האָט פאַרנומען איר כסא־הרבנות. פון זיין צייט אָן איז קאָוונע באַטראַכט

געוואָרן אַלס אַ מין גליל־שטאָט, וווהין רבנים ווענדן זיך פון אַנדערע ערטער וועגן אַ פסק־הלכה און באַלעבאַטים קומען בנוגע אַלגעמיינע כלל־ענינים.

קאָוונע מיט איר כולל פון מוסמכים, וואָס האָבן זיך געגרייט צו פאַרנעמען רבנות־שטעלעס, מיט אירע אָנגעזעענע באַלעבאַטים, מיט אַ געמיש פון פרומער גבירישקייט און וועלטלעכע כלל־טוער איז געווען אין דער אַמאָליקער רוסלאַנד אַ צענטראַלע לאַבאָראַטאָריע פאַר די כלל־ענינים פון רוסישן ייִדנטום. מען האָט זיך געווענדעט אַהער סיי ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן דער פראַגע פון שמיטה פאַר דער יונגער ייִדישער קאָלאָניזאַציע אין ארץ־ישׂראל, סיי וועגן אַ גרויסער אסיפה אויסצובעסערן די ייִדישע מערכה כלפּי דער צאַרישער רעגירונג. אַלע אויגן זיינען געווען געריכטעט קיין קאָוונע, אַפילו אויך פון די אָנגעזעענע שתדלנים פון פּעטערבורג.

די קאָוונער רבנות איז דערפאַר באַטראַכט געוואָרן מיט אַ באַזונדערער חשיבות, וואָס לא כל רב האָט געקענט זוכה זיין דערצו. צו זיין קאָוונער רב האָט איינער געדאַרפט זיין ניט בלויז אַ גאון אין תורה, נאָר אויך אַ גאון אין „מילי דעלמא״; ער האָט געדאַרפט באַזיצן די אייגנשאַפטן פון אַ מנהיג, האָבן טאַקט, תקיפות און גלייכצייטיק האָבן די תכונה פון אַ וועלטמענטש.

נאָך ר׳ יצחק אלחנן איז זיין זון, ר׳ הירשל, געוואָרן קאָוונער רב און ער האָט מיט גרויס ווירדע און אָנזען פאַרנומען זיין פאָטערס שטול. קאָוונע האָט שטאָלצירט מיט אים.

נאָך זיין פּטירה איז ניט גרינג געווען פאַר די קאָוונער באַלעבאַטים צו געפינען אַ פּאַסנדן ממלא־מקום פאַר זייער כסא־הרבנות. זייער אויסוואַל פון הרב דובער שפּירא אַלס אבֿ״ד איז ווי אָנגעמאָסטן געווען פאַר דער ראָלע, וואָס זייער קהילה האָט פאַרדינט אין דער ייִדישער וועלט.

הגם הרב שפּירא איז געווען אַ רב אין אַ קליין שטעטל, סמאָלאָוויטש, אין מינסקער גובערניע, איז אָבער זיין אויסוויילונג אַלס קאָוונער רב געווען פאַרשטענד־לעך. ווי עס זאָגט דער העברעיִשער אויסדרוק, איז „זיין נאָמען געגאַנגען פאַר אים״, צוליב זיין חיבור „דבר אדם״, וואָס האָט אַרויסגערופן גרויס אָנזען אין דער לומ־דישער וועלט; און זיין ספר „שאלות און תשובות״ האָט אַנטדעקט ניט בלויז די גרויסע לומדות פונעם מחבר, זיינע בקיאות און חריפות, נאָר אויך זיין געדאַנקען־גאַנג, זיין סטיל און מוטיקייט.

זייענדיק אַ תלמיד פון דער וואָלאָזשינער ישיבה און אַ זון פון אַ גאון, אַ באַ־ווּסטער ראש־ישיבה, ר׳ זלמן סענדער ז״ל, דער קרינקער רב, אַן אור־אייניקל פון ר׳ חיים וואָלאָזשינער, האָט הרב שפּירא געבויט זיינע הלכות אויף דעם וואָלאָזשינער

שטייגער, מיט גראַדליניקער הבנה און לאָגישער סברא. ער האָט באַוויזן, אַז ער האָט דעם כוח צו פאַרמעסטן זיך אַפילו מיט אָנגעזעענע אויטאָריטעטן, ווען לויט זיין אויפפאַסונג זיינען זיי ניט גערעכט.

אויסער זיין גרויסע לומדות, איז הרב שפירא אויך געווען אַ רב אַ מנהיג מיט וועלטלעכער קענטשאַפט. זיין שרייבן העברעיִש איז געווען פון אַ רבנישן משׂכּיל, מיט אַ געהעריקן טאַלאַנט און סטיל. ער האָט באַהערשט רוסיש און דייטש. זיינע דרשות זיינען געווען קלאָרע, לאָגיש געבויטע און מיט אַ טיפן אינהאַלט. זיין רבנישע האַלטונג איז געווען אין דער בעסטער טראַדיציע פון אַ ליטווישן רב, וועלכער איז געווען ניט בלויז אַ פּוסק, נאָר אויך אַ מנהיג, אַן עסקן, אַן עצה־געבער און אַ פריינט פאַר דער קהילה און פאַר יעדער משפחה אין איר. ער איז ניט געווען פון די, וועלכע פלעגן זיך אָפּשליסן אין די ד׳ אמות פון הלכה. ער האָט גענומען אַ טעטיקן אָנטייל כמעט אין אַלע כּלל־ענינים. אין איינקלאַנג מיט דער וואָלאָזשינער טראַדיציע, איז ער געווען שטאַרק אַריינגעטאָן אין ישוב ארץ־ישׂראל.

נאָך אַלס תלמיד אין דער ישיבה איז ער געווען טעטיק אין אַ ישיבהשער אָרגאַניזאַציע „נצח ישראל". דאָס איז געווען אין די יאָרן פון חובבי־ציון אויפבליִונג, וואָס האָט געהאַט זיין וויגעלע אין וואָלאָזשין. שפּעטער, אַלס קאָוונער רב, איז ער צוגעשטאַנען צו דער „אגודת־ישׂראל". אָבער ווען די „אגודה" האָט אַרויסגעוויזן ווייניק אינטערעס אין בנין ארץ־ישׂראל און זיך קאָנצענטרירט אויפן באַקעמפן דעם ציוניזם, האָט הרב שפירא זיך צוריקגעהאַלטן פון אַקטיווער באַטייליקונג אין דער „אגודה".

די ערשטע וועלט־מלחמה האָט געמאַכט אַ סוף צו קאָוונעס ראָל אַלס פירנדיקע קהילה פון רוסיש־פּוילישן ייִדנטום. אין 1915, נאָכן גירוש קאָוונע, איז דער רב אַוועק מיט זיין קהילה קיין מינסק, ווו ער האָט געזאָרגט פאַר די פּליטים. נאָכן צוריקקומען אין קאָוונע, אונטער דער הערשאַפט פון דער ליטווישער מדינה, איז ער געוואָרן אַ פירנדיקע פיגור אין דער ייִדישער ליטע, האָט זיך אַפילו אויסגעלערנט ליטוויש און געווען דער וואָרטזאָגער פון די ליטווישע ייִדן ביי די נייע מושלים.

ליטע, אַ קליינע מדינה, איז געווען אָפּגעריסן פון שכנישן פּוילן, וואָס האָט איינגעשלונגען אַ גרויסע צאָל ייִדישע קהילות. אָבער די אויטאָריטעט פון קאָוונער רב האָט זיך געפילט אויך אויף יענער זייט גרענעץ און אויך אין אַמעריקע, וועלכע ער האָט צוויי מאָל באַזוכט און איז דאָ אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס כבוד.

אין 1939, ווען ס׳איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה, איז דער קאָוונער רב, דעמאָלט שוין אַ קראַנקער מענטש, געווען אין דער שווייץ, ווו ער האָט דורכגעמאַכט אַן אָפּעראַציע. זיינע קינדער, אין ארץ־ישׂראל און ניו־יאָרק, האָבן אים

געבעטן קומען צו זיי. זיין ענטפער איז געווען: „אַ קאַפּיטאַן פאַרלאָזט ניט די שיף און אַ רב פאַרלאָזט ניט זיין קהילה". ער האָט זיך צוריקגעקערט קיין ליטע, וועלכע האָט זיך דאַן געפונען אונטער דער סאָוועטישער אָקופּאַציע און איז כּלומרשט געווען נייטראַל. ער האָט זיך גלייך אַריינגעוואָרפן אינעם העלפן די טויזנטער יידישע פּליטים פון פוילן, וועלכע האָבן זיך געראַטעוועט פון די נאַצישע נעגל. ער האָט מיט מסירת-נפש אָנגעפירט מיט דער הילפס-טעטיקייט, ביז די מלחמה האָט דער-גרייכט אויך ליטע.

צוזאַמען מיט דער גאַנצער קאָווגער קהילה איז הרב שפּירא אַריינגעטריבן געוואָרן אין געטאָ. די קהילה האָט, ניט קוקנדיק אויף די פּורעניות, געשיצט איר רב, וואָס איז געלעגן אויפן קראַנקנבעט, און אים אָפּגעגעבן גרויס כּבוד. פאַר זיין פּטירה האָט ער אַרויסגערופן די פירער פון דער קהילה און געבעטן ביי זיי מחילה, ווייל ער האָט באַטראַכט די שכירות, וואָס זיי האָבן אים געצאָלט, אַלס ניט-פאַרדינטע: ער האָט דאָך, אין אַזאַ שווערער צייט, ניט געקענט העלפן זיין עדה. די צרות פון כּלל, האָט ער געזאָגט, מאַכן אים פאַרגעסן די יסורים פון זיין קראַנקייט. ער האָט אָבער געהאַט עגמת-נפש, וואָס אים איז ניט באַשערט געווען צו לעבן אין ארץ-ישראל און קומען צו קבורה אין דער הייליקער ערד.

צום סוף איז כדאי איבערצוגעבן אַ באַמערקונג פון הרב שפּירא, וואָס איז געווען פאַרעפנטלעכט אין אַ ישראל-זשורנאַל, אין שייכות מיט דעם, וואָס זיין שנור האָט אים געהאַט געשריבן פון תל-אביב, וועגן דער דראָענדיקער סכנה פאַר די יידן אין ליטע מצד די דייטשן. הרב שפּירא זאָל האָבן דאַן געענטפערט: „איך ווייס ניט צי מיר זיינען טאַקע פאַרמישפּט אומגעבראַכט צו ווערן; אָבער אויב דאָס איז אונדזער גורל, האָף איך, אַז דער כּלל ישראל וועט אונדז ניט פאַרגעסן. אויב אָבער יידן וועלן אונדז טאַקע פאַרגעסן, איז אַ סברא, אַז מיר פאַרדינען דעם פּסק". קיין פּירושים אויף דעם דאַרף מען ניט!...

**יעקב ראַבינאָוויטש**

# אַ דאַנק אייך, ניעמאַן און ווילִיע!

ערב־פּסח 1944 איז אין קאָוונער געטאָ און אין די אַרומיקע ייִדן־לאַגערן פאָרגעקומען די קינדער־אַקציע. כמעט אין זעלבן טאָג פון ערב־פּסח 1946 איז אין קאָוונע פאָרגעקומען אַ שרעקלעכע פאַרפּלייצונג, בעת וועלכער ס'זיינען אומגעקומען הונדערטער ליטווישע קינדער און דערוואַקסענע.

מיט דער זעלבער כמורנער האַסטיקייט פליסטו, שטאָלצער ניעמאַן, און מיט דער זעלבער שטילער רוּיִקייט און סאַמעטענער גלאַטקייט קווערסטו דורך ליטע, געלאַסענע ווילִיע, און ביידע שניידט איר זינט טויזנטער יאָרן אייער קלאָרן וועג. פאַר דער צייט האָט זיך אויסערלעך גאָרניט געביטן... די זעלבע שטעט און שטעטלעך, די זעלבע אַלעקסאָטער און סרעדניקער בערג שפּיגלען זיך אין אייערע וואַסערן און די זעלבע דאַמפּערס און פישער־שיפלעך גלעטן און שניידן אייער אויבערפלאַך.

אָבער נאָר פרעמדע, ניי־באַקאַנטע און ניט־גוטע פריינט קענען אייך ניט פאַרשטיין און מיטפילן אין אייער אומעט און טרויער, אין אייער צאָרן און ווייטיק. אָבער ווער נאָך אַזוי, ווי איר, שפּירט, אַז עס פעלן די אַלע, וואָס האָבן זיך אין אייערע קלאָרקייטן געשווענקט און אין אייערע שויסן זיך געטונקט. עס הילכן ניט מער יענע זיסע קולות פון ייִדישער יוגנט אין קאַלאַטאָווע און פאַנעמון; פאַרשטומט איז די שפּראַך פון יורבורג און ווילקי.

זיכער האָט איר ניט גערוט און געברויזט, ווען מען האָט אייערע ברעגן מיט ייִדיש בלוט באַפאָרבן, ווען מען האָט אייך געצוווּנגען צו טראָגן אויף אייערע רוקנס טויטע ייִדישע קערפּערס. איר זייט דאָך דערצו ניט געווינט געווען — שטענדיק פלעגט איר טראָגן לעבעדיק־שמייכלענדיקע ייִדישע ייִנגלעך און מיידלעך. מען

האָט אייך, ניט פרעגנדיק, אַלס שותפים צו אַ בלוטיקער שפּיל גענומען און געמיינט, אַז איר וועט די סודות אין אייערע טיפע אָפּגרונטן באַהאַלטן...

אין איינעם אַ טאָג זייט איר עדות געווען, ווי מען האָט אַלטע לייט און ייִדישע קינדערלעך פון זייערע היימען און מאַמעס אָפּגעריסן. איר האָט זייערע קולות פאַרנומען און ווייטער געפלאָסן שווייגנדיק. דאָס איז געווען אין די טעג פון 27טן און 28טן מערץ 1944. ווי עס שיינט, האָט זיך די דאַטע טיף און שניידנדיק אין אייער זכרון איינגעקריצט. דאָס איז פאַר אייך, מסתמא, געווען דער אויפציטערנ־דיקסטער און אויפטרייסלענדיקסטער אַקט, וואָס האָט ווען ביי אייערע ברעגן פּאַסירט.

און אָט זייט איר ביידע ריידעוודיק געוואָרן און האָט אייער שטומען און איינ־געהאַלטענעם צאָרן אויסגעלאָדן. נקמה האָט איר גענומען און ווייטער אייער שטילן און צילבאַוווּסטזיניקן וועג געפלאָסן...

און פּונקט צו דער צווייטער יאָרצייט נאָך דער קינדער־אַקציע אין סלאַבאָדקער געטאָ, זייט איר אין מערץ 1946 פון אייערע ברעגן אַרויס און אַ שפּאַציר געמאַכט איבער אונדזער אַמאָליקער קאָוונע און סלאַבאָדקע. דער שפּאַציר האָט אייך געלוינט, ווייל איר האָט אַ שיינעם פאַנג געהאַט...

און אַזוי ווי מיר האָבן עס פון דער ווייטן פאַרשטאַנען און אָפּגעשאַצט, אַזוי האָבן עס אויך ביי אייך די גלחים אָנגערופן: „די נקמה פון ניעמאַן און ווילִיע פאַר די ייִדישע קינדער און אַלטע לייט אין מערץ 1944“. זיי, די גלחים, האָבן גערופן צו תשובה; מיר רופן נאָך ביז היינטיקן טאָג צו נקמה!

ניעמאַן און ווילִיע! מיר, די ווייניקע, וואָס געדענקען אייך און דערמאָנען זיך יענע צייטן, ווען מיר האָבן זיך אין אייערע שׂויסן געטוליעט, וועלן אייך שטענדיק דאַנקבאַר זיין פאַרן זעטיקן, כאָטש אין אַ קלענער מאָס, אונדזערע נקמה־געפילן. און אונדזער ווונטש איז, אַז איר זאָלט יעדעס יאָר געדענקען און אָפּהיטן די יאָרצייט!

אַ דאַנק אייך, ניעמאַן און ווילִיע!

**ד״ר ע. שוחט**

# אַ מצבה פאַר אַ קהילה — אַ מצבה פאַר אַ לאַנד

נאָר ווייניק קהילות, וועלכע זיינען פאַרניכטעט געוואָרן אין דער צייט פון אומקום, האָבן זוכה געווען צו אַזאַ מצבה, ווי עס איז אויפגעשטעלט געוואָרן פאַר דער קהילה פון שאַוול *.

באַשטימטע סיבות האָבן גורם געווען דערצו, אַז פון אַלע קהילות אין ליטע האָבן בלויז צוויי עקסיסטירט ביז יולי 1944 : קאָוונע און שאַוול. אַלע איבעריקע ייִדישע קהילות אין ליטע זיינען פאַרניכטעט געוואָרן אין די ערשטע עטלעכע חדשים פון דער דייטשער אָקופּאַציע.

אין קאָוונע און אין שאַוול זיינען די ייִדן, ווי באַוווּסט, פאַרשפּאַרט געוואָרן אין געטאָס מיט „ייִדן־ראַטן" אין דער שפּיץ. און אָט האָט דער „ייִדן־ראַט" אין שאַוול געפונען פאַר נייטיק פאַרצולייגן געוויסע מענטשן צו פאַרצייכענען די געשעענישן און איבערלעבענישן פון יענער צייט.

דער מחבר פונעם פּינקס, וועגן וועלכן מירריידן איצט, איז ד״ר א. ירושלמי, אַ געוועזענער לערער אין דער שאַוולער העברעיִשער גימנאַזיע. ער האָט גענומען אויף זיך די פאָרגעשלאָגענע אויפגאַבע און זיך אָפּגעגעבן איר מיט אַזאַ ענערגיע, וואָס איז ווערט אָנערקענט צו ווערן. ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס די זאַך איז געווען פאַרבונדן מיט גרויס געפאַר, האָט ער אויסגעהערט און פאַרשריבן באַריכטן פון עדות און פאַרצייכנט, אין זיינע העפטן, כמעט יעדן טאָג, די געשעענישן, אָנהייבנדיק פון 23טן נאָוועמבער 1941 ביזן 30טן מאַי 1944.

דער מחבר האָט פאַרצייכנט יעדן פּרט, וואָס איז צו אים דערגאַנגען, און ער האָט זיך באַמיט, ווי ווייט מעגלעך, עס איבערצוגעבן אַזוי ווי עס איז פאָרגעקומען

---

* „פּנקס שאבלי, יומן גיטו ליטאי" (1941—1944), מאת אליעזר ירושלמי; מוסד ביאליק ויד־ושם, ירושלים, תשי״ח.

אין דער ווירקלעכקייט. אין זיין טאָגבוך האָט ער אויך אַריינגענומען דאָקומענטן, פּראָטאָקאָלן, אויסשניטן פון דער ליטווישער און דייטשער פּרעסע, בריוו, וואָס זיינען צופעליק אָנגעקומען פון די אַרומיקע שטעטלעך; צעטעלעך פון ווילנער ייִדן, וועלכע זיינען דורכגעפירט געוואָרן מיט באַנען דורך שאַוול; קלאַנגען, וואָס זיינען דערגאַנגען קיין שאַוול, וועגן דעם וואָס עס טוט זיך אין קאָוונע, ריגע, דווינסק און אַנדערע ערטער.

אין ד״ר ירושלמיס טאָגבוך געפינען זיך אויך 2 צוויי־וואָכיקע באַריכטן פון קאָוונע, וועלכע דער קאָוונער „ייִדן־ראַט" האָט צוגעשטעלט דער דייטשער מאַכט אין מערץ 1943, און זיי זיינען, ווי עס ווייזט אויס, די איינציקע פון דעם מין באַריכטן, וואָס זיינען געבליבן פון קאָוונער געטאָ.

אין דעם דאָזיקן טייל פון בוך, ד״ה אינעם טייל, וואָס אַנטהאַלט די טאָג־טעגלעכע נאָטיצן, וועלן געפינען אַן אינטערעס ניט נאָר די לעבן־געבליבענע שאַוולער ייִדן, נאָר אויך מענטשן פון אַנדערע קהילות, וועלכע זיינען פאַראינטערעסירט צו וויסן וואָס ס׳האָבן דורכגעלעבט זייערע משפּחות און קרובים אין יענע טרויעריקע טעג. דער פאָרשער פון דער אומקום־תּקופה וועט אינעם פּינקס געפינען אַ וויכטיקן היסטאָרישן מקור אויפצוקלערן פאַרשיידענע פּראָבלעמען, סיי ווען עס האַנדלט זיך וועגן די באַציִונגען פון די דייטשן און ליטווינער צו די ייִדן און סיי וועגן דעם געזעלשאַפטלעך־ווירטשאַפטלעכן און גייסטיקן מצב אינעם געטאָ. ער וועט דאָ געפינען דערקלערונגען פאַר דערשיינונגען, וואָס זיינען ספּעציפיש פאַרן שאַוולער געטאָ, און מער אַלגעמיינע דערשיינונגען.

אַלס הקדמה צו זיינע טאָג־טעגלעכע רשימות האָט דער מחבר געגעבן אַ סך־הכּל פון די געשעענישן אין שאַוול ביז דעם 23טן נאָוועמבער 1941, און אַלס פאַרענדיקונג האָט ער געשריבן אַ צוגאָב, אין וועלכן עס איז געבראַכט געוואָרן אַ סך־הכּל פון די עיקרדיקע איבערלעבונגען אין געטאָ ביז איר ליקווידאַציע. דער דאָזיקער צוגאָב איז, ווי עס זעט אויס, געשריבן געוואָרן פון זכּרון אין אַ שפּעטערדיקער תּקופה, אַ קורצע צייט נאָך דער מלחמה.

אויסער דעם דערמאָנטן צוגאָב ווערן געבראַכט אין בוך נאָך פיר צוגאָבן: איינער וועגן „פּאַלאַנגען־לאַגער" — אַ שילדערונג פון מחברס זון וועגן דעם, וואָס עס איז געשען מיט די ייִדישע קינדער, וועלכע האָבן זיך געפונען אויף זומער־אָפּרו אין פּאַלאַנגען און זיינען אַריינגעפאַלן צו די נאַציס אין די הענט; אַ צווייטער — וועגן דעם יאָנישקער לאַגער; און די רעדאַקציע פון „יד־ושם" האָט צוגעגעבן נאָך צוויי צוגאָבן: „לידער פון שאַוולער געטאָ" און אָפיציעלע דאָקומענטן פון געביטס־קאָמיסאַריאַט אין שאַוול. אין זיי געפינען מיר, צווישן אַנדערן, אַ דערקלערונג אויף

דער פראַגע, פאַר וואָס די ייִדן אין שאַוול זיינען ניט ליקווידירט געוואָרן תיכף נאָכן אַריינמאַרש פון די דייטשן אין 1941.

דער דאָזיקער פינקס איז אייגנטלעך נאָר אַ רעשטל פון קאָלאָסאַלן אַרכיוו־מאַטעריאַל פון שאַוולער געטאָ. פּראָטאָקאָלן, באַריכטן פון די געטאָ־אינסטיטוציעס צו דער דייטשער מאַכט, פאַרשיידענע עדות און אַנדערע מאַטעריאַלן זיינען בעת דער אָקופּאַציע באַהאַלטן געוואָרן אין בלעכענע פּושקעס און, קורץ פאַר דער ליקווידאַציע, באַגראָבן געוואָרן אין דער ערד. דאָס אָרט פון דער באַהעלטעניש איז אָנגעטרויט געוואָרן אַ ליטווישן קאָמוניסט, און ווען די דייטשן זיינען פאַרטריבן געוואָרן פון שאַוול, איז דער גאַנצער מאַטעריאַל אַריבערגעפירט געוואָרן צום אַנטיפאַשיסטישן קאָמיטעט אין מאָסקווע. בעת די נירנבערגער פּראָצעסן איז דאָס דערמאָנטע טאָגבוך געבראַכט געוואָרן אַלס באַשולדיקונג־מאַטעריאַל מצד דער סאָוועטישער אָנקלאַגע און איז דאָרט פאָטאָגראַפירט געוואָרן דורך ד״ר י. ראָבינזאָן, וועלכער איז געווען דער יורידישער ראַטגעבער פון דער אַמעריקאַנער אָנקלאַגע, און דורך ד״ר י. סטאַן, וואָס איז געווען דער פאָרשטייער פון ייִדישן וועלט־קאָנגרעס.

***

אין שאַוולער געטאָ, ווו עס האָבן זיך לעצטנס געפונען אַרום פינף טויזנט נפשות, זיינען ניט פאָרגעקומען קיין גרויסע אינערלעכע רייבונגען און עס זיינען אויך ניט געווען קיין שאַרפע קלאַסן־קעגנזאַצן. די ייִדישע פאָרשטייערשאַפט און די ייִדישע פּאָליציי האָט אַלץ געטאָן וואָס ס׳איז נאָר מעגלעך געווען, כדי צו ראַטעווען, וואָס ס׳האָט זיך נאָר געלאָזן. אַוודאי איז געווען אוממעגלעך, אַז אין די שרעקלעכע באַדינגונגען פון דער נאַצישער אָקופּאַציע זאָל אַלץ דורכגיין גלאַט און פּשוט. אויך דאָ זיינען געווען טיפּן, וואָס האָבן פּאַראַזיטעוועט די אייגענע ברידער; אויך די געטאָ־אַדמיניסטראַציע האָט געטאָן זאַכן, וואָס דריקן אויף אונדזער געמיט. אָבער אין דער מערהייט פאַלן איז עס געטאָן געוואָרן ניט צוליב מאַכט־אַמביציע, נאָר ווייל מען האָט קיין ברירה ניט געהאַט. אפשר האָט ניט קיין קליינע ראָל אין דער דאָזיקער מאָראַלישער שטעלונג געשפּילט דער פּחד פאַרן „בית־דין פון דער געשיכטע״, פאַר וועלכן די ייִדישע פאָרשטייערשאַפט האָט געשטרעבט זיך צו באַווייזן אין אַ העלער ליכט. דער פאַקט וואָס די ייִדישע פאָרשטייערשאַפט האָט געוווּסט, אַז אַלע אירע טאַטן „ווערן פאַרשריבן אין בוך״, וואָס זי אַליין האָט געזאָרגט אַז עס זאָל געשריבן ווערן, האָט אפשר אויך געדינט אַלס מאָראַלישער סטאַביליזאַטאָר.

שניאור טאַבריס

# דער „שוואַרצער פרייטיק“ אין שאַוולער געטאָ

דער 5טער נאָוועמבער פון 1943 איז אַריין אין דער געשיכטע פון שאַוולער געטאָ אַלס דער „שוואַרצער פרייטיק“.

שוין מיט איייניקע וואָכן פריִער האָט מען געפרעגט אין געטאָ און מען האָט זיך ניט געקענט דערגריבלען צו דער סיבה פאַר וואָס די דייטשן האָבן אָנגעהויבן געבן גרעסערע פּאָרציעס עסן: מער ברויט, קאַרטאָפל, מילך פאַר קינדער (!) און אַפילו... קאָנפעקטן. אמת, מען האָט שוין געוווסט פון דערפאַרונג, אַז פאַר אַן „אַקציע“ פלעגן די מערדער שטענדיק כמעט געבן מער עסן די פאַרשפּאַרטע ייִדן. אָבער דאָס מאָל האָט עפּעס אַלץ אויסגעזען אַנדערש, ניט געווען יענע שפּאַנונג און מורא, וואָס איז אַזוי גוט באַקאַנט געווען די געטאָ־ייִדן. מען האָט צווישן זיך געמורמלט, זיך געשושקעט, אָבער אָפן אַרויסריידן דאָס בלוטיקע וואָרט „אַקציע“ האָט מען ניט געוואַגט, ווייל „אַקציע“ האָט באַטייט פאַרניכטונג, טויט.

די יעניקע, וואָס האָבן יע פאָרויסגעזען אַ נייעם אומגליק, האָבן גענומען זוכן פאַר זיך און פאַר זייערע משפּחות באַהעלטענישן ביי באַקאַנטע קריסטן. אָבער ווו געפינט מען אַזעלכע קריסטן, וואָס זאָלן וועלן אויסבאַהאַלטן ייִדן? און אַז מען האָט שוין געפונען אַזאַ מין קריסט, האָט יענער געפאָדערט, אַז די ייִנגלעך דאַרפן זיין ניט געמלט, די מיידלעך דאַרפן זיין אומבאַדינגט בלאָנדע און זאָלן קענען גוט ריידן ליטוויש. ליידער האָבן אַזוינע קינדערלעך אין שאַוולער געטאָ זיך כמעט ניט איינגעפונען.

⁂

פרייטיק, דעם 5טן נאָוועמבער, ווען אַלע זיינען, ווי געוויינלעך, אויפגעשטאַנען פאַר טאָג, כדי צו גיין צו דער עבודת־פרך און מען איז צוגעקומען צום געטאָ־טויער,

איז אַלעמען געוואָרן פינצטער אין די אויגן: די גאַנצע געטאָ איז געווען אַרומגערינגלט מיט לעטן, אוקראַיִנער און עס־עס־לייט, אַלע באַוואָפנטע מיט מאַשין־געווער. די דייטשע פּאָליציי־וואַך ביים געטאָ טויער האָט אַלעמען געטריבן צוריק אין די הייזער. פאַר וואָס מען לאָזט ניט אַרויס פון געטאָ, האָבן די ייִדן ניט געוווּסט.

בליץ־שנעל האָט זיך איבערן געטאָ פאַרשפּרייט די ידיעה, אַז מען איז אַרומגערינגלט מיט אַ פאַרשטאַרקטער וואַך און מען לאָזט קיינעם פון געטאָ ניט אַרויס. אינסטינקטיוו האָבן מאַמעס גענומען אויפרייסן זייערע עופעלעך פון שלאָף, זיי שלעפּן אין קעלערס און אויף בוידעמער, פאַרשטעקן אין קאַסטנס און ווו איינער האָט נאָר געקענט אין דעם מאָמענט צוטראַכטן. די געטאָ איז פול געוואָרן מיט היסטערישע געשרייען.

פלוצעם האָט זיך ביים געטאָ־טויער באַוויזן אַן אויטאָ. דער געטאָ־קאָמענדאַנט פערסטער, ימח שמו, איז פון אים אַרויס, זיך געשטעלט ביים טויער און זיך גענומען כלומרשט בייזערן הלמאי מען לאָזט ניט אַרויס די ייִדן צו דער אַרבעט. אויף אַ געוויסן מאָמענט האָט מען פרייער אָפּגעאָטעמט.

מען הייסט גיין צו דער אַרבעט. פערסטער אַליין קאָנטראָלירט וויפל אַרבעטער עס גייען אַרויס. די ייִדישע געטאָ־פּאָליציי לויפט פון הויז צו הויז אָנזאָגן, אַז אַלע זאָלן אַרויס צו דער אַרבעט, אַז אַלע זאָלן גיין, כדי די דייטשן זאָלן זען, אַז מען אַרבעט...

ביידע געטאָ־טויערן זיינען געווען באַלאַגערט מיט ייִדן. אַלע האָבן זיך געשטופּט און געריסן וואָס גיכער צו פאַרלאָזן די געטאָ. די געדאַנקען זיינען, ווייזט אויס, ביי די מענטשן געווען פאַרנעפּלט, ווי עס איז געווען פאַרנעפּלט דער באַגינען פון דעם שוואַרצן פרייטיק; ווייל ווי אַנדערש קען מען פאַרשטיין די מעשׂים פון די ייִדן, וועלכע האָבן זיך געריסן צום געטאָ־טויער, איבערלאָזנדיק אין געטאָ טאַטע־מאַמע, פרויען, קינדערלעך, עלטערע לייט... אַלץ איז פאָרגעקומען ווי אין אַ קאָשמאַר.

ווען אַלע זיינען שוין געווען אַרויס צו דער אַרבעט, האָט דער געטאָ־טויער אויפגעפּראַלט, און אַ באַנדע פון אַ פינף הונדערט לעטן, אוקראַיִנער און עס־עס־לייט איז אַריינגעפאָרן אין געטאָ מיט געדעקטע לאַסט־מאַשינען. זיי האָבן זיך אַ לאָז געטאָן איבערן געטאָ. מיט דער הילף פון אַ הילכער זיינען אַלע, וואָס זיינען פאַרבליבן אין געטאָ, אויפגעפּאָדערט געוואָרן תיכף־ומיד זיך צונויפקלייבן ביים געטאָ־טויער. ווער עס וועט ניט פאָלגן וועט דערשאָסן ווערן אויפן אָרט.

שלאָגנדיק אכזריותדיק, האָבן די צעווילדעוועטע מערדער גענומען אַרויסשלעפּן פון די הייזער עלטערע לייט און קינדער, וועלכע האָבן ניט באַוויזן אַזוי גיך אַרויס־

צוגיין. מען האָט זיי געשליידערט אין די געדעקטע אויטאָס, וואָס זיינען באַלד פאַרשוווּנדן.

געווען מאַמעס, וועלכע האָבן באַהאַלטן זייערע עופעלעך אונטערן בעטגעוואַנט, אַז די מערדער זאָלן זיי ניט געפינען. פיל פון זיי זיינען דערשטיקט געוואָרן צוליבן אויספעלן פון לופט.

עלטערע קינדער, וועלכע האָבן דערפילט די געפאַר און געלאָפן זיך ערגעץ ווו באַהאַלטן, זיינען דערשאָסן געוואָרן. מאַמעס, וועלכע האָבן ניט געוואָלט אָפּגעבן זייערע קינדער, זיינען אויך אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן און די קינדער זיינען אַריינגעשליידערט געוואָרן אין די אויטאָס. שפּעט אין אָוונט, ווען אַלע אויטאָס זיינען שוין געווען אָנגעפּאַקט מיט אומשולדיקע קרבנות, איז נאָך פערסטער געשטאַנען ביים געטאָ־טויער און אָפּגעקליבן די שוואַכערע פון צווישן די דערוואַקסענע, וועלכע האָבן, לויט אים, ניט געטויגט צו דער אַרבעט, און זיי אויך אַריינגעפּאַקט אין די אויטאָס. די פאַרבליבענע האָט ער געשיקט צוריק אין זייערע פינצטערע און אויסגעליידיקטע היימען.

ווען אהרון כּץ און בערל קאַרטון* האָבן אין אַ געוויסן מאָמענט געפרעגט פערסטערן ווּהין מען פירט די קינדער מיט די אַלטע לייט, האָט פערסטער, אַפילו ניט געבנדיק קיין פינטל מיטן אויג, געענטפערט, אַז כּץ און קאַרטון קענען מיטפאָרן מיטן טראַנספּאָרט און זיך איבערצייגן, אַז מען פירט די קינדער אין אַ קינדערהיים און די עלטערע לייט אין אַן אַנשטאַלט פאַר עלטערע מענטשן אין דייטשלאַנד...

ביי נאַכט, ווען די דערוואַקסענע זיינען צוריקגעקומען פון דער עבודת־פּרך און ניט געפונען דעם טאַטן, די מאַמען, די קינדערלעך — האָבן די קולות דערגרייכט עד לב השמים. יענע נאַכט האָבן זיך די ווענט אין די הייזער געשאָקלט, הימלען האָבן זיך געקענט שפּאַלטן פון קלאַפּן זיך קאָפּ אין דער וואַנט; אָבער אין קול ואין עונה.

איך, דער מחבר פון די דאָזיקע שורות, האָב, קומענדיק אַהיים, ניט געפונען מיין טאַטע־מאַמע, שוועסטער און צוויי פּלימעניקלעך.

אויף מאָרגן, ווען דאָס קליינע הייפעלע איבערגעבליבענע שאַוולער ייִדן איז אַרויס צו דער אַרבעט, האָט איינער דעם אַנדערן ניט דערקענט: נאָך גאַנץ יונגע מענטשן זיינען איבער נאַכט גרוי און פאַרפינצטערט געוואָרן...

⁂

דער אַלגעמיינער בלוטיקער סך־הכל איז, אַז פון פופצן טויזנט שאַוולער ייִדן,

* מיטגלידער פון דער געטאָ־אַדמיניסטראַציע (רע״ד).

וועלכע האָבן געלעבט דאָרט ביז דער מלחמה, זיינען געבליבן ביים לעבן קוים זעקס הונדערט (600)! זעקס הונדערט צעבראָכענע גופים פון אַ שפרודלדיקער קהילה פון פופצן טויזנט נפשות.

יתגדל ויתקדש שמיה רבה!

**אַ פאָטאָגראַפיע, וואָס מען האָט געפונען, אין 1949 אין קעניגסבערג, אין אַן אַלבום פון אַ געוועזענעם היטלעריסטישן אָפיציר. אין אַלבום איז געווען אַ צושריפט: „אַ גרופע שאַוולער יידן פאַרן דערשיסן".**



הרב אייזיק ראַבינאָוויטש, איידעם פון שאַוולער רב, הרב באַקשט, שטייט צווייטער פון רעכטס.

# דער לעצטער בריוו פון אַ משפחה וואָס איז געפירט געוואָרן צום טויט

**„מיר ווילן לאָזן באַקאַנט אונזערע נעמען פאַר די קומענדע דורות"**

אונטן ברענגען מיר אַ קלישע מיטן טעקסט פון אַ בריוו, וועלכן ס'האָט אָנ־געשריבן דער ראש פון אַ ייִדישער משפחה, קורץ פאַר דעם ווי זיי זיינען אַלע דעפּאָרטירט געוואָרן פון שאַוולער געטאָ. דער טראַגישער דאָקומענט, וועלכער געפינט זיך אין די אַרכיוון פון „יד ושם" אין ירושלים, לייענט זיך אומגעפער אַזוי:



**„מיר שטעלן פעסט, אַז דעם 7טן יולי 1944 איז אַרויס דער גזר פון עוואַקוּאירן דעם שאַוולער געטאָ.**

מיר ווילן לאָזן באַקאַנט אונזערע נעמען פאַר די קומענדע דורות:

1) **שמואל מינצבערג**, דער זון פון שמעון פון שטאָט לאָדז, פּוילן, מיט זיין פרוי; 2) **רייזעלע**, געוו. זאַקס פון ווייגאַווע; 3) **פייגעלע זאַקס**, איר שוועסטער, און 4) **פרידעלע ניסעלעוויטש** פון ווייגאַווע, די טאָכטער פון נחום צבי.

**מיר ווייסן נישט ווו מען פירט אונז. אין געטאָ וואַרטן 2000 ייִדן אויפן באַפעל צו גיין. דער גורל איז אַן אומבאַקאַנטער. די שטימונג איז אַ שרעקליכע.**

**ב"ב מלכות ישראל**

(אונטערגעשריבן) **שמואל מינצבערג"**

# אַ דערמאָנונג־טאָג

## צו דער יאָרצייט נאָך דער גרויסער־אַקציע אין קאָוונער געטאָ (28טער אָקטאָבער 1941)

אַ סך יאָרן זיינען פאַרלאָפן זינט יענעם טרויעריקן דינסטיק, ווען די גאַנצע קאָוונער געטאָ איז, אין אַ קאַלטן און נאַסן האַרבסט־טאָג, ברוטאַל צוזאַמענגעטריבן געוואָרן אויפן פרייען פעלד, וואָס האָט זיך גערופן דעמאָקראַטן־פּלאַץ.

ס׳איז געווען דער פינצטערסטער און ביטערסטער טאָג אין אונדזער געטאָ־לעבן; מען האָט אונדז סאָרטירט און געקליבן — ווער אויף לינקס — צום טויט, ווער אויף רעכטס — צום לעבן.

מיט אַ סאַרקאַסטישן, טייוולאָנישן געלעכטער האָבן די חיה־מענטשן זיך צו־געקוקט צו די האַרצרייסנדיקע סצענעס, ווען משפּחות זיינען צעטיילט געוואָרן, ווען עלטערן זיינען אָפּגעריסן געוואָרן פון קינדער, קינדער פון עלטערן, מאַן פון ווייב, ברודער פון שוועסטער...

טרויעריק איז געווען דער סך־הכל פון דעם טאָג — בערך עלף טויזנט יידן זיינען אַוועקגעטריבן געוואָרן צום ניינטן פאָרט — צו דעם פאַרניכטונג־פּלאַץ, ווו ס׳זיינען אומגעבראַכט געוואָרן איבער פופציק טויזנט יידן: סיי פון ליטע און סיי פון אַנדערע לענדער.

מיר, די לעבן־געבליבענע ברידער און שוועסטער פון יענע טראַגיש־אומגע־קומענע קרבנות, בייגן, פון דער ווייטנס, אונדזער קאָפּ אויף זייערע מאַסן־קברים. זייערע גופים זיינען פאַרברענט און פאַרשוווּנדן, אָבער זייער הייליקער אָנדענק איז איינגעקריצט אין אונדזערע הערצער, דער צאָרן־געפיל ברענט נאָך אין אונדז און איז נאָך ניט פאַרלאָשן. מיר וועלן שטענדיק געדענקען זייערע לעצטע געשרייען און רופן נקמה צו נעמען פון די ליטווישע און דייטשע מערדער.

ווי גליקלעך וואָלטן מיר געווען, ווען מיר זאָלן זיי קענען שטעלן אַ מצבה. אָבער ווו? אויף יענער ערד, ווו אַפילו דער שחיטה־אָרט ווערט געשענדעט און געלעסטעט? דאָרטן ווו היינט גייט נאָך אַרום אומזיכער דאָס קליינע רעשטל גע־

ראַטעוועטע? ניין, מיר וועלן שטעלן אַ מצבה אויף אונדזער אייגענער ערד, ווו זייערע נשמות וועלן שטענדיק געהיט און געערט ווערן, ווו אַלץ איז ייִדיש. און די מצבה וועט זיין אַ לעבעדיקע — פון דער קליינער שארית־הפליטה פון ליטווישן ייִדנטום.

דאָס אומשולדיק פאַרגאָסן בלוט שטאַרקט אונדז אין אונדזער ריכטיקייט פון אונדזער קאָמפּראָמיסלאָזן קאַמף פאַר אַן אייגענער אומאָפּהענגיקער און שטאַרקער מדינה. זייער בלוט איז אַ וואָרענונג פאַר דורות!

הייליק זייער אָנדענק!

י. ר.

**יעקב ראַבינאָוויטש**

# די אַלטע היים

די אַלטע היים — דאָס קליינע ליטווישע שטעטל, איז טיף איינגעבאַקן אין אונדזערע הערצער. יעדער איינער פון אונדז וואָלט גליקלעך געווען, ווען ער וואָלט עס נאָך איין מאָל געקענט זען; ווען ער וואָלט געקענט אַ קוק טאָן, כאָטש פון דער ווייטן, אויף די מקומות, ווו ער האָט זיין יוגנט פאַרבראַכט, ווו ער איז אין חדר געגאַנגען, ווו ער האָט זיך געשפּילט און געשטיפט; ווו יעדער כון אונדז האָט, אויף אָזיערעס און טייכן, אין וועלדלעך און אין תבואה־פעלדער, זיסע חלומות געוועבט און גאָלדענע פאַנטאַזיעס געשפּונען.

וואָס זיינען פאַר אונדז די פראַנצייזישע און איטאַליענישע ריוויערעס לגבי דער שעשופּע און ווילִיע? וואָס איז רוים און ניו־יאָרק לגבי טעלזש און סלאַבאָדקע?

און ווער געדענקט עס ניט וויפל חן און צויבער, רייץ און טעם אַ יִדישער יום־טוב און אַ שבת האָט אין שטעטל געהאַט! צי קען נאָך זיין אַ גרעסערער גייסטיקער גענוס? ס׳דערמאָנט זיך אַן ערב־שבת; אָט איז דער מאַרק: עס פאָרן אָן הונדערטער פּויערים מיט כל־טוב און פאַרנעמען אַ האַלבע שטעטל מיט זייערע שווער־אָנגעלאָדענע פורן. זיי פאַרפאָרן אין יִדישע הייפן און שפּירן זיך דאָ ווי ביי זיך אין דער היים. זיי ווייסן, די פּויערים, אַז עס איז ערב־שבת ביי יִדן, ברענגען זיי פרישע פיש, לעבעדיקע גענדז, אָנגעבלאָזענע אינדיקעס, שטילע הינער, ליאַרעמ־דיקע קאַטשקעס, פּרוכט און קאַרטאָפל און אַלץ וואָס דאָס האַרץ גלוסט. לאָזן זיך טאַקע די באַלעבאָסטעס ניט בעטן און מען לויפט מיט קאָשיקעס כאַפּן מציאות לכבוד דעם אָנקומענדיקן שבת.

און ווען דו גייסט, נאָך האַלבן טאָג, פאַרביי אָפענע פענצטער, פאַרשמעקט דיר דער ריח פון געפעפערטע פיש און אָקאָרשט געבאַקענע חלה. עס דערטראָגן זיך צו דיין אויער זיסע קולות פון יִדישע טעכטער, וועלכע זינגען זיך אונטער ביים וואַשן די דילן אָדער ביים צוואָגן זיך די קעפּ. און אָט לויפט מען שוין מיטן טשאָלנט צום בעקער; מען איילט זיך צו זיין צווישן די ערשטע, בכדי דאָס טעפּל זאָל, חלילה,

ניט בלייבן אין די הינטערשטע רייען, מחמת דאָן ברוינט זיך דער טשאָלנט ניט דורך ווי עס באַדאַרף צו זיין און מען קען, זאָל גאָט אָפּהיטן, נאָך האָבן אַ פאַרשטערטן שבת...

קוים נידערט אַרונטער די זון הינטער דער ווינטמיל, ווייסט מען שוין, אַז מען דאַרף די קראָמען פאַרמאַכן. טאָמער פאַלט אָבער אַ קרעמער אַריין אין התלהבות מיט אַ פאַרשפעטיקטן קונה, פון וועלכן מען קען אַריינכאַפּן אַ פּדיון און האָט אין דער אונטערגייענדיקער זון פאַרגעסן, קומט דער שמש מיט אַ הילצערנעם האַמער און דערמאָנט עס אים מיט אַ זעץ אין דער טיר אָדער אין לאָדן.

קראָמען פאַרמאַכן זיך. דאָס שטעטל וואַרפט אַראָפּ פון זיך דעם וואָכעדיקן בגד און ציט אַרויף אַ שבתדיקן מלבוש. עס האָבן זיך אין יידישע הייזער כּישופדיק שבת־ליכט צעצונדן און דורך די באַלויכטענע פענצטער זאָגן זיי אָן דער וועלט, אַז עס איז שבת ביי יידן.

און ווי היימיש מען האָט זיך עס אין בית־מדרש געשפּירט! ביזטו אַ שוואַכער דאַוונער געווען, האָסטו זיך צוגעשטעלט צו דיין גלייכן און אונטערגעשטעלט אַן אויער צו כאַפּן אַ ביסל נייעס. האָסטו זיך געוואָלט אַראָפּריידן פון האַרצן, האָסטו זיך ביים וואַרעמען אויוון צוגעזעצט, וווּ דו האָסט נאָך פון אַ שמעק טאַבאַק גענאָסן און ווו אַלע עוולות פון רייכע באַלעבאַטים זיינען אַרומגערעדט געוואָרן. דאָ, אין בית־מדרש, זיינען אַלע קהלשע ענינים באַהאַנדלט געוואָרן. דער רב און דער שמש פלעגן פּאַטשן אין טיש, צי אין די שטענדערס, אַז שטיל זאָל זיין.

אַנדערש האָבן זיך געפירט די באַלעבאַטים פון „מזרח". זיי האָבן געדאַרפט „האַלטן שטאַט" און האָבן נעבעך געמוזט בייקומען דעם יצר־הרע; פלעגן זיי טאָקע וואַרפן קנאהדיקע בליקן צום טיש ביים אויוון, וווּ מען האָט גענאָסן פון אַ שמעק טאַבאַק און באַרעדט די וועלט...

און שבת, נאָכן עסן, האָסטו געשפּירט אין שטעטל די נשמה־יתירה. אין די פענצטערס רוקן זיך פאַנאַנדער די פאַרהענגלעך און עס קוקן אַרויס פאַרחלומטע און לעבנסלוסטיקע מיידלשע אויגן. שבתדיק אויסגעפּוצט גייט אַרויס די מער וועלטלעכע יוגנט שפּאַצירן הינטערן שטעטל. עס באַגעגענען זיך שעמעוודיקע בליקן... דער עלטערער דור גייט כאַפּן אַ דרעמל...

דוכט זיך, אַז גאָרניט לאַנג צוריק איז עס אַלץ געווען. היינט איז עס מער ניטאָ. פאַרשווונדן און אָפּגעווישט אויף אייביק איז דאָס ליטווישע שטעטל מיט איר יידישער אייגנאַרטיקייט. און מיר וועלן עס מער אין דערווירקלעכקייט ניט זען. מיר קענען נאָר פאַרמאַכן די אויגן און זיך דערמאָנען אָן דער זיסער פאַרגאַנ־גענהייט...

**יעקב ראַבינאָוויטש**

# אַ חתונה אין געטאָ

געווען איז עס אין די טרויעריקע טעג פון סוף 1942, ווען יעדן טאָג פלעגט די געטאָ אַלץ אָרעמער ווערן אין מענטשן. די דייטשע בעסטיע פלעגט יעדן טאָג זיך זעטיקן מיט נייע קרבנות. די האָפענונג און דער גלויבן זיך צו ראַטעווען פון גיהנום זיינען אַזוי קליין געווען, אַז יעדער האָט געקוקט אויפן צווייטן ווי אויף אַ לעבעדיקן מת.

אין איינעם אַ פינצטערן און כמורנעם נאָוועמבער־אָוונט גיי איך איבער דער אַלטער סלאַבאָדקע, פאַרביי דער אַמאָליקער ישיבה, וואָס שטייט איינזאַם און פאַרלאָזן, איינגעהילט אין טרויער נאָך אירע אַמאָליקע רומפולע יאָרן, ווען צווישן אירע ווענט פלעגן זיך זיס און האַרציק צעזינגען, ביי די גמרות, דריי הונדערט ייִדישע זין. היינט איז אינעווייניק פוסט און וויסט. אַרויסגענומען איז דער אָרון־קדוש צוזאַמען מיט די ספרי־תורה, ניטאָ די יונגע לייט מיט די רבנים — אַלץ איז אומגעבראַכט, פאַרניכטעט. דערפאַר האָבן די דייטשן דעם זאַל פון דער ישיבה דערלויבט צו פאַרוואַנדלען אין אַ קאָנצערט־זאַל; זיי האָבן עס „געזאָרגט" וועגן אַ „קולטורהויז" פאַר די הונגעריקע און צום טויט פאַרמישפטע ייִדן אין געטאָ...

איך בין געגאַנגען צו אַ קראַנקן פריינט. אַ באַקאַנטער יורבורגער יונגער מאַן ק., מיט וועלכן איך האָב טאָג־טעגלעך צוזאַמען געהאָרעוועט אין דער „אָקס־בריגאַדע"* ביים לאָדן צעבראָכענע טאַנקן און האַרמאַטן, האָט, מיך דערזעענדיק, איינגעלאַדן אָנקוקן אַן אויסטערלישע חתונה פון זיינער אַ שכנה, וואָס איז פאָרגעקומען אין הויף פון מיין קראַנקן פריינט. און ק. איז טאַקע געווען דער „הויפּט־מחותן", ווייל אים האָט אָפּגעגליקט ביים געטאָ־טויער און ער האָט אַריינגעשמוגלט פון שטאָט פיש און משקה. איך האָב אים אָנגעקוקט און געשטוינט:

---

* אַן איינהייט וואָס האָט באַשעפטיקט ייִדישע שקלאַפן־אַרבעטער (רעד׳).

ווי קען עס זיין, אַז אין אַזאַ צייט, ווען מען ווייסט ניט דעם גורל פונעם מאָרגנדיקן טאָג, זאָל מען גיין גאָר פראַווען חתונות? אין געטאָ זיינען אָבער פאָרגעקומען פיל זאַכן, וועלכע מען קען מיטן פּשוטן שׂכל און לאָגיק ניט פאַרשטיין און ניט באַגרייפן...

*****

איך קום אַריין אין אַן אַלטן נידעריקן שטיבל, ווו מען קען מיטן האַנט דער־גרייכן דעם סופיט. די געסט זיינען שוין דאָ. מען זיצט, זויבער אָנגעטאָנענע, ביי שיין געדעקטע טישן, אויף וועלכע עס שטייען זאַכן, וואָס מען האָט שוין לאַנג ניט געזען. אַן אָנגענעמע וואַרעמקייט און ליכטיקייט הערשט אינעם קליינעם שטיבל. איך שעם מיך אַ ביסל מיט מיין הילוך און קוק אויף מיינע שמוציקע שטיוול, וועלכע איך האָב, נאָך אַ שווערן אַרבעטסטאָג, ניט באַוויזן אָפּצורייניקן.

צווישן די געסט דערקען איך גלייך דעם סלאָבאָדקער רב שקאָרוטאַ, וועלכער איז זייער באַליבט געווען ביי דער געטאָ־באַפעלקערונג. די שטימונג איז אַ גע־דריקטע, יעדער גיט זיך אָפּ אַ חשבון ווו מען האַלט אין דער וועלט. עס איז טרויעריק אויפן האַרצן. דאָך געפינט הרב שקאָרוטאַ דעם מוט און כוח צו שאַפן אַ שטיקל שטימונג אין דער געדריקטער אַטמאָספער. ער רעדט מיט האַרץ וועגן אונדזער שרעקלעכן און טראַגישן גורל, וועגן די פאַרלוירענע לעבנס און גייסטיקע ווערטן און פירט אויס, אַז „דווקא אין זיך פאַרמערן איז שטענדיק געלעגן אונדזער כוח״.

אויף אַ טישל, באַדעקט מיט שוואַרצן, שטייט אַ קעסטעלע. פוןביידע זייטן ברענען צוויי ליכט. אין מיטן צימער איז אַ שטיק וואַנט פאַרהאַנגען. איך קוק, טראַכט, אָבער פאַרשטיי ניט דעם באַטייט פון די ביידע זאַכן.

די אַכצן־יאָריקע כלה, וואָס איז געבליבן ביים לעבן איינע פון איר גאַנצער פופצן־קעפּיקער משפּחה, שטעלט זיך אויף און דערציילט ווי אַזוי עס זיינען אומ־געקומען אירע אייגענע און ווי אַזוי זי האָט זיך געראַטעוועט. בעתן סלאָבאָדקער פּאָגראָם פון 26טן יוני 1941, וועלכן עס האָבן דורכגעפירט די ליטווינער, זיינען דערמאָרדעט געוואָרן אַרום אַכט הונדערט ייִדן, צווישן זיי איר גאַנצע משפּחה. פאַר אירע אויגן האָט מען דערשטאָכן אירע עלטערן, ברידער, שוועסטערלעך און דריי פּלימעניקעס. איר האָבן די מערדער געפּייניקט און געמוטשעט, ביז זי איז געבליבן ליגן אָן באַוווסטזיין צווישן אירע אומגעבראַכטע נאָנטסטע. די מערדער האָבן געמיינט, אַז זי איז טויט און זיינען אַוועק. ווען זי איז געקומען צו זיך, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זי איז די איינציקע לעבעדיקע פון דער גאַנצער משפּחה. אויפן וואַנט האָט זי דערזען אַן אויפשריפט פון איר ברודער, געשריבן מיט זיין אייגן בלוט: „נעמט נקמה פאַר אונדזער פאַרגאָסן בלוט״. דאָס דערציילנדיק, גייט

צו די כּלה צום פֿאָרהאַנג, הויבט אים אויף און מיר דערזעען די בלוטיקע אותיות אויף דער וואַנט (דאָס מיידל האָט אין געטאָ געלעבט אין הויז פֿון אירע עלטערן). יעדער פֿון די אַנוועזנדיקע לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ און פֿאַרזינקט אין טרויעריקע מחשבות.

די כּלה דערציילט ווייטער: „נאָכן אַרויספֿירן די אומגעבראַכטע משפּחה־מיטגלידער צו קבורה, האָט זי געפֿונען אַ פֿינגער פֿון איר פֿאָטער". זי עפֿנט דאָס קעסטעלע, וואָס שטייט צווישן די ברענענדיקע ליכט, און וויקלט אויס פֿון וואַטע דעם פֿינגער... עס גייט מיר דורך אַ שוידער און ציטער איבערן גאַנצן לייב.

די כּלה פֿאַרענטפֿערט זיך, אַז זי האָט איין און איינציקן פֿריינט, וועלכער האָט אַ סך מאָל איינגעשטעלט פֿאַר איר זיין לעבן, און דאָס איז איר חתן, מיט וועלכן זי פֿאַרבינדט איר אומבאַוווסטן עתיד.

ווי האַרצרייסנדיק און פֿיינלעך ס'איז געווען דער ערשטער טייל, אַזוי היימלעך און לעבעדיק איז געוואָרן, ווען מען האָט זיך גענומען צו דער משקה. ווי דאָס גאַנצע טרויעריקס וואָלט שוין געהערט צו דער ווייטער פֿאַרגאַנגענהייט. ווי עס וואָלט נאָר געווען אַ דערמאָנונג פֿון אַמאָליקע פֿינצטערע און ביטערע טעג האָט עס אויסגעזען, ווען מען איז געזעסן ביז שפּעט אין דער נאַכט און זיך פֿאַרשיכּורט און באַרוישט.

אינעם קאַלטן ווינטער־אָוונט איז אין קליינעם שטיבעלע הייס געווען; די קלאַנגען פֿונעם „אָרקעסטער" האָבן זיך אויסגעמישט מיט די הייטערע און מונטערע לידער פֿונעם עולם, וואָס האָט שטיל געזונגען, אַז קיין ניט געוווּנטשענע לייט זאָלן חס ושלום ניט דערהערן. די מעלאָדיעס האָבן דערמאָנט אין די ניט־ווייטע פֿאַרגאַנגענע טעג, אין אַ לעבן, וואָס איז געווען און מער ניטאָ; גלייכצייטיק האָבן זיי געמונטערט און גערייצט די פֿאַנטאַזיע וועגן אַ ליכטיקן און פֿרייען מאָרגן...

ווען איך בין שפּעט ביי נאַכט אַרויס און זיך געלאָזן פֿאַרזיכטיק, אַז קיינער פֿון דער געטאָ־וואַך זאָל מיר ניט זען, איבער די פֿינצטערע געסלעך, האָב איך זיך דערמאָנט אָן דער „שוואַרצער חופּה", וואָס מען האָט אַ מאָל אויפֿן בית־הקברות געשטעלט...

# רירנדיקע בריוו צו קרובים אין אַמעריקע, געשריבן פון אַ יידישן פּאָטער און זון פאַרן דערשאָסן ווערן דורך די נאַציס

אַ ליטווישע פּרוי פון אַ דאָרף, וועלכער געפינט זיך ניט ווייט פונעם שטעטל מאַלאַט (ליטע), האָט געפונען אַ באַהאַלטענעם בריוו, וואָס איז געשריבן אין יידיש. דער בריוו איז געווען אַריינגעלייגט אין אַ קאָנווערט און אַדרעסירט: ניו־יאָרק, ברוקלין, בעדפאָרד עוועניו 198, מר. אברהם סעגאַל.

דעם בריוו שרייבן, פאַרן דערשאָסן ווערן, בערל נאָטעלעוויטש און זיין אַכצן־יאָריקער זון יודל.

בערל נאָטעלעוויטש ווענדעט זיך צו זיינע שוועסטערס און שוואָגערס אין ניו־יאָרק און באַשרייבט וועגן מאַסנמאָרד און אומקום פון די מאַלאַטער יידן, וואָס זיינען דערשאָסן געוואָרן ז׳ באלול תש״א (1941). ווייטער שרייבט ער, אַז דאָס איז זיין „לעצטער געזעגענונגס־בריוו פאַרן טויט״. דעם בריוו לאָזט ער איבער אין דאָרף אוזשובלאַן, ביי אַ גוטן מענטשן, ביי אַ ליטווינער, יאָנאַס קעריס*, וועלכער וועט נאָך דער מלחמה אים איבערגעבן צו זיינע שוועסטערס און שוואָגערס.

פונעם בריוו דרינגט אַרויס, אַז בערל נאָטעלעוויטש און זיין זון יודל האָבן געזען ווי מען האָט דערשאָסן אַלע יידן פון שטעטל. זייביידע און אַבא שניפּעליסקיס משפּחה פון אַכט מענטשן זיינען פון דער שחיטה אַנטלאָפן. שפּעטער האָט מען שניפּעליסקיס משפּחה געכאַפּט און אויך דערשאָסן.

בערל און זיין זון באַשרייבן ווי פון ח׳ באלול ביז י׳ בטבת (איבער זעכצן וואָכן) זיינען זיי געלעגן באַהאַלטן, האַלב נאַקעטע, אין אַ גרוב, געליטן הונגער און קעלט. אין דעצעמבער 1941 האָט מען זיי געכאַפּט, געשלאָגן און אָפּגעפירט אין אוטיאַנער טורמע, ווו זיי וואַרטן יעדע מינוט דערשאָסן צו ווערן. בערל שרייבט, אַז עס וועט

---

* ווייזט אויס, אַז דער דערמאָנטער ליטווינער האָט, צוליב פאַר אונדז אומבאַוווסטע סיבות, ניט געהאָט די מעגלעכקייט איבערצושיקן דעם בריוו צום אַדרעסאַט און דעריבער איז ער שפּעטער אַריינגעפאַלן אין די הענט פון דער ליטווישער פּאָליציי (רעד׳).

קומען אַ צייט, ווען די מערדער וועלן באַשטראָפט ווערן און זיינע שוועסטערס פון ניו־יאָרק וועלן קענען קומען באַזוכן די קברים פון זייערע עלטערן, ברידער, שוועסטערס און אַלע מאַלאַטער הרוגים־קדושים. בערל נאָטעלעוויטשעס לעצטע ווערטער זיינען דאַטירט דעם 27טן דעצעמבער 1941 און פאַרענדיקן זיך: „...דאָס זיינען אונדזערע לעצטע מינוטן... באַלד גייט מען אַריין אונדז אַרויספירן שיסן... דאָס וועט זיין דער טאָג פון אונדזער יאָרצייט...״

צו בערלס בריוו איז בייגעלייגט זיין זונס יודלס פאָטאָגראַפיע און אַ קורץ בריוול. אָט איז דער פולער טעקסט פון דעם רירנדיקן געזעגענונגס־בריוו פונעם אַכצן־יאָריקן בחור:

„צו מיין ליבער מומען און אָנקל, טייערע מומע און פעטער! די לעצטע געזעגענונגס־בריוו שרייב איך אייך פון טורמע, אַ פאַרמישפּטער צום טויט, אַ פאַרמישפּטער פון אַ מערדערלעכער באַרבאַרישער האַנט. אומשולדיקע קרבנות זיינען געפאַלן, טויזנטער און טויזנטער מענטשן. דאָס בלוט פון די הרוגים זאָל ניט שווייגן די באַרבאַרן פאַר דעם. עס זשאַלעוועט זיך צו לאָזן די שיינע ליכטיקע וועלט. נישט אָנהייבנדיק צו לעבן, זיינען מיר געפאַלן... מען וועט ניט וויסן ווו עס וואַלגערן זיך אונדזערע קערפּערס... איך ענדיק שרייבן, לעבט גליקלעך, געניסט פון דער וועלט דער שיינער... אייער איבערגעגעבענער פּלימעניק, דער אומגעקומענער פּלימעניק, דער אומגעקומענער יודל נאָטעלעוויטש. מאַלאַט, 21טער דעצעמבער 1941, פון טורמע, עטלעכע טעג פאַרן טויט״.

אברהם־ביניש גוטערמאַן

# צו דער יאָרצייט פון דער קינדער־אַקציע אין קאָוונער געטאָ

דאָס איז אַ יאָרצייט פון שוידער און גרויזאַמקייט. אַ יאָרצייט נאָך ייִדישע קינדער, וועמען די מערדער האָבן געטייט. דאָס איז אַ יאָרצייט פון פאַרגאָסענעם אומשולדיקן קינדערישן בלוט. אַ יאָרצייט, פון וועלכן די אַרומיקע פעלקער האָבן זיך געמאַכט ניט הערן און ניט זען!

אין דעם טאָג (ג׳ בניסן תש״ד) האָבן די דייטשן, צוזאַמען מיט זייערע אוקראַיִנישע משרתים, דורכגעפירט די אַזוי גערופענע „קינדער־אַקציע״. די דערוואַקסענע האָט מען, ווי שטענדיק, אַרויסגעפירט באַגינען צו דער אַרבעט. געבליבן זיינען אין געטאָ קינדער, אַלטע לייט און די, וואָס האָבן געדאַרפט גיין אַרבעטן ביי נאַכט.

אין דער פרי איז די געטאָ אַרומגערינגלט געוואָרן מיט אַ פאַרשטאַרקטער וואַך. אין געטאָ זיינען אַריין דייטשן, אוקראַיִנער מיט הינט און עס זיינען אַריינגעפאָרן אויטאָבוסן, וועמענס פענצטער עס זיינען געווען פאַרשמירט מיט פאַרב... אַ הילכער האָט גערופן אַלעמען זיין אין די הייזער; ווער עס וועט ניט פאָלגן, וועט דערשאָסן ווערן.

די פאַניק איז געוואָרן אומבאַשרייבלעך. פון קליין ביז גרויס האָט גענומען זוכן אַ באַהעלטעניש. די דייטשן מיט זייערע העלפערס האָבן גענומען גיין איבער די הייזער און זוכן קינדער און אַלטע לייט. די געפונענע קינדער האָבן זיי פאַר די האָר געשלעפּט און אין די אויטאָבוסן געשליידערט. כדי צו פאַרטויבן די געוואַלדן פון די קינדער און די דערוואַקסענע, האָבן די דייטשן דורך די הילכערס טאַנצמוזיק געשפּילט.

אין איין אָרט האָבן זיי דערזען שטיינער. די דייטשן האָבן אונטער די שטיינער געפונען אַ ברעט און אונטערן ברעט אַ גרוב, אין וועלכן עס איז געלעגן אַ מאַמע

מיט אַ קינד. זיי האָבן דאָס קינד פון דער מאַמעס הענט אַרויסגעריסן און די מוטער אויפן אָרט דערשאָסן.

אין אַ צווייט אָרט זיינען די דייטשן אַריין אין אַ שטאַל, וווּ עס איז געשטאַנען אַ פערד, וואָס האָט געגעסן היי פון אַ זאַק. זיי האָבן אַראָפּגענומען פונעם פערד דעם זאַק און געפונען דאָרט אַ יִינגעלע...

גרעסערע קינדער האָבן פאַרשטאַנען די סכּנה און זיינען געלעגן שטיל אין די באַהעלטענישן. אָבער שווער איז געווען מיט די קליינטשינקע קינדערלעך. זייערע געוויינען האָבן אַ סך באַהעלטענישן פאַרראַטן. טייל קינדער האָט מען איינגעגעבן שלאָף־פּילן, פון וועלכע אַ סך האָבן זיך מער ניט אויפגעכאַפּט. געווען אויך פיל פאַלן, ווען פּיצלעך קינדער זיינען דערשטיקט געוואָרן ביי די מוטערס אין די אָרעמס, אָדער אין באַהעלטענישן אונטער קישנס.

די דייטשן און אוקראַיִנער האָבן געגישטערט אַ גאַנצן טאָג איבערן געטאָ און געזוכט באַהעלטענישן. יעדעס אָרט, וואָס ס'האָט ביי זיי אַרויסגערופן אַ חשד, אַז עס קענען דאָרט זיין קינדער, האָבן זיי מיט דינאַמיט אויפגעריסן. זיי האָבן זיך אויך ביי נאַכט ניט באַרויִקט און געגנישטערט. זייער בלוטיקע אַרבעט האָבן זיי געענדיקט אויף צו מאָרגנס.

עלף הונדערט קינדער זיינען דאַן פון געטאָ אַרויסגעפירט געוואָרן און זייערע שפּורן זיינען פאַרשוווּנדן. צוזאַמען מיט די קינדערלעך זיינען אומגעקומען אַ סך באָבעס און זיידעס. קאָוונער געטאָ איז געוואָרן „פריי" פון קינדער און אַלטע לייט.

זלמן לעווי

# פלונגיאַן

יעדעס שטעטל אין דער אַלטער היים, אין ליטע, אַ גרעסערס צי אַ קלענערס, האָט געהאַט זיין אייגענעם פּרצוף, כאַראַקטער און אָריגינאַליטעט און איז געווען דער היפּוך פון די דרום־אַפריקאַנער שטעטלעך, וועלכע האָבן אַלע איין פּנים און נאָר דער נאָמען זייערער באַווייזט, אַז מען האָט צו טאָן מיט פאַרשיידענע שטעטלעך. די אייגנאַרטיקייט פון יעדן שטעטל האָט זיך באַהאַלטן אין דעם אונטערבאַוווסטזיין פון יעדן עמיגראַנט און, ווייזט אויס, אַז דאָס איז, מסתמא, די סיבה, אָדער איינע פון די סיבות, פאַר וואָס דאָס ליטווישע שטעטל האָט זיך אַזוי איינגעקריצט אין זכרון ביי יעדן אָפּשטאַמיקן פון ליטע.

פלונגיאַן איז איינע פון די עלטסטע שטעט אין ליטע און, לויט דעם פּינקס, איז זי אַלט איבער 700 יאָר און איז איינע פון די גרעסערע ליטווישע שטעטלעך אין צפון־מערב ליטע. זי ליגט גענויע פערציק קילאָמעטער פון דער מיזרח־פּרייסישער גרענעץ. דאָ האָבן געלעבט אַרום פינף הונדערט יידישע משפּחות און איז געווען פון די ווייניקע שטעטלעך, וואָס האָט געהאַט אַ יידישע מערהייט. דעריבער איז ניט קיין וווּנדער, וואָס אַ סך יאָרן האָט פלונגיאַן געהאַט אַפילו אַ יידישן בירגער־מייסטער. (זיין נאָמען איז געווען ברוך גאָלדוואַסער; ער איז קורץ פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה געקומען צו זיינע קינדער קיין דרום־אַפריקע און שפּעטער דאָ נפטר געוואָרן).

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען ליטע איז געוואָרן אַן אומאָפּהענגיקע מלוכה, האָט פלונגיאַן געהערט צום טעלזשער קרייז, אָבער האָט געהאַט אַ גרעסערע יידישע באַפעלקערונג ווי טעלז גופא, וואָס האָט געהאַט די וועלט־באַרימטע ישיבה און דעם יבנה־סעמינאַר, ווו ס'האָבן זיך געלערנט הונדערטער בחורים ניט בלויז פון ליטע נאָר אויך פון אַנדערע לענדער.

פלונגיאַן האָט געהאַט אַ גרויסע יידישע יוגנט, וועלכע האָט זיך גרופּירט אַרום

די ציוניסטישע פּאַרטייען און האָט גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין דעם דעמאָלט שפּרודלדיקן ייִדישן לעבן.

געווען דאָ אַ גרויסער בית־מדרש, אַ גרויסע פיינע שול מיט אַן אייגנאַרטיקער אַרכיטעקטור (בעת דער אָקופּאַציע האָבן עס די דייטשן פאַרוואַנדלט אין אַ שטאַל פאַר פערד), אַ שמשים־קלויז, חיי־אָדם־קלויז, אַ גמילות־חסדים־קלויז, אַ שניי־דערשע קלויז. און ווי עס פּאַסט פאַר אַ קהילה פון אַזאַ פאַרנעם, זיינען דאָ אויך געווען גענוג אַנדערע אַנשטאַלטן, ווי די ייִדישע פאָלקסבאַנק, וואָס האָט אַרויס־געהאָלפן דעם ייִדישן קרעמער און בעל־מלאכה, וועלכע האָבן אָן קרעדיט ניט געקענט עקסיסטירן.

פלונגיאַן האָט געהאַט דעם זכות צו האָבן אַלס רב, אַ לענגערע צייט, דעם באַרימטן ר׳ שמואל אביגדור פייזולזאָן, וועלכער איז, מיט זיין לומדות און פּיקחות, געווען גוט באַקאַנט אויך אויסער די גרענעצן פון ליטע. נאָך זיין פּטירה (דוכט זיך, אַז אין יאָר 1924) האָט דעם כסא־הרבנות איבערגענומען זיין איידעם הרב הגאון ר׳ לוי שפּיץ — אויך איינער פון די באַרימטסטע רבנים־לומדים אין ליטע.

אין פלונגיאַן זיינען געווען אַ רעכט ביסל רייכע ייִדן, וועלכע האָבן עקספּאָרטירט אין די מערב־לענדער פלאַקס, זאָמען און פאַרשיידענע תבואות. עס איז אויך אָנגעגאַנגען אַן עקספּאָרט פון די באַרימטע זאַמוטער קליין־געוויקסיקע פערד קיין דע־נעמאַרק.

אָנהייב צוואַנציקער יאָרן האָט מען געמיינט, אַז דאָס איינגעוואָרצלטע ייִדישע לעבן איז אַ פּערמאַנענטער און וועט זיך אַזוי ציִען עד סוף כל הדורות. אָבער אין יאָר 1925 האָט זיך די עקאָנאָמישע לאַגע פאַרשאַרפט און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אויסוואַנדערונג פון די שטעטלשע ייִדן, בעיקר קיין דרום־אַפריקע. אָבער ניט קוקנדיק אויף דעם, איז נאָך אַלץ אָנגעגאַנגען אַן אַקטיווער ייִדישער לעבן מיט אַלע נאַציאָנאַלע אַטריבוטן, ביז ס׳איז געקומען דער שוחט פון 1941...

ווי געזאָגט, ליגט פלונגיאַן נאָנט צו דער דייטשער גרענעץ. דעריבער זיינען שוין די היטלערישע האָרדעס געווען אין שטעטל דעם ערשטן טאָג פון דער מלחמה, ד״ה דעם 22טן יוני 1941, און, צוזאַמען מיט זייערע ליטווישע גענאָסן, זיך גלייך גענומען שעכטן די ייִדן: אַ טייל האָט מען אויסגעשאָסן גלייך און די מערהייט איז אומגעקומען אין אַ שיינעם, זוניקן יולי־פרימאָרגן פון 1941 עטלעכע קילאָמעטער פון שטעטל, וווּ עס געפינט זיך דער גרויסער מאַסן־קבר.

י. געל

# מיין שטעטעלע קראַקענאָווע

אַ שיינער, פּליסיקער טייך, די נעוויאַזשע, שניידט דורך דאָס שטעטל. אַרום שטעטל — גרינע פעלדער און וועלדער: דער היגער וואַלד, דער פּרייבער וואַלד, דער ראַמיגאַלער וואַלד, וואָס זיינען זומערצייט שטענדיק געווען פול מיט פּאָזעמקעס, מאַלינעס, שוואַרצע אָדער בלויע יאַגדעס, ברוקנעס, וועלישע און טערקישע ניס. יעדער איינער האָט עס געקענט קלייבן וויפל זיין האַרץ האָט געגלוסט. זומער האָט דאָס גאַנצע שטעטל זיך געבאָדן אין נעוויאַזשע. מען האָט געבאָדן אויך די פערד, אַריינגעשטעלט וועגענער איבער שבת זיי זאָלן זיך אַ ביסל דורכווייקן, כדי זיי זאָלן ניט סקריפּענען אָדער זיך צעפאַלן. ווינטער האָט חברה זיך געגליטשט אויפן אייז. ווייבער און גויעס פלעגן דאָ וואַשן וועש און בכלל איז שטענדיק געווען וואָס צו טאָן מיטן טייך.

קראַקענאָווע האָט פאַרמאָגט אַ דריי הונדערט יידישע פאַמיליעס, וועמענס אָנדענק עס איז ביי אונדז זייער טייער. דאָ איז געווען אַ בית־מדרש, אַ שול, אַ קלויז און שטיבלעך. אַפילו אַ ישיבה מיט פופציק ישיבה־בחורים איז דאָ געווען; און פאַרשטייט זיך, אַז אויך אַ רב, אַ חזן, אַ שוחט, אַ דאָקטער, צוויי אַפּטייקן, אַ באָד, אַ הקדש און אַ פאָזשאַרנע קאָמאַנדע.

היינט חברות: חברה־לומדי־תורה; חברה־עין־יעקב; חברה־מנורת־המאור; חברה־קדישא; חברה־לינת־הצדק; חברה־תפארת־בחורים; חברה־משניות; חברה־תהילים; חברה־גמילות־חסד; חברה־הכנסת־כלה; חברה בונדיסטן, ציוניסטן, מיט פאַרזיצערס און קאָמיטעט־לייט און מען איז געווען פאַרנומען אַ גאַנצע וואָך מיט שטעטלשע אַרבעט.

די גרעסטע צרות האָט דאָס שטעטל געהאַט פון די חברה גנבים. און דער גרעסטער „גנב" איז געווען רייזע יאַנקלס ציג. און ווייניק וואָס זי איז געווען אַ גנב, איז זי נאָך געווען אַ גזלן אויך. ווי נאָר זי פלעגט עפענען די אויגן, האָט זי גענומען

„הייבן״ וואָס זי האָט נאָר געקענט. אין מאַרק איז אַ ייִדענע געשטאַנען מיט בייגל, איז די ציג שוין געווען דערביי און געכאַפּט אַ בייגל. אויב איר האָט געוואָלט עס צונעמען פון איר, אָדער זי אַוועקטרייבן, פלעגט זי זיך שטעלן אויף די הינטערשטע פיס און געווען גרייט אייך אַוועקצוהרגענען.

מען האָט קיין זאַך ניט געקענט טאָן מיט רייזע יאַנקלס ציג, ווייל זי איז געווען איר גאַנצע ברויט־געבערין. דאָס מילך מיט דער סמעטענע האָט רייזע יאַנקלס געהאַט פאַר זיך און אויך גענוג צו פאַרקויפן. נאָר דער השם יתברך פאַרלאָזט ניט קיין גאַנצע שטעטל ייִדן. אין אַ שיינעם זומערדיקן פאַר נאַכט הערט מען גוואַלדן: געוואַלד, ייִדן! ביי רייזע יאַנקלס ברענט. פייער! ראַטעוועט!

די פאָזשאַרנע קאָמאַנדע, מיט איר נייער מאַשין און צוויי באָטשקעס וואָסער, מיט לאַנגע קישקעס, מעשענע היטלען, ברייטע גאַרטלען, מיט העק אין די הענט איז געלאָפן צו רייזע יאַנקלס הויז. ווי נאָר מען איז אַריין אין שטוב, האָט זיך אַנטפּלעקט אַ בילד: די ציג ליגט אויסגעצויגן אויף דער ערד און רייזע ליגט איבער איר און טענהט: „ייִדן, ראַטעוועט! אַ פייער האָט מיך געטראָפן; מיין ברויט־געבערין גייט אויס״.

עס האָט לאַנג ניט גערויערט און די ציג האָט אויסגעהויכט איר לעצטן אָטעם. די פאָזשאַרנע קאָמאַנדע האָט אַרויפגעלייגט די ציג אויף דער נייער מאַשין און מיט פאַראַד זי אָפּגעפירט צו דויד דעם שקורעלופניק. און אַזוי איז מיין שטעטעלע קראַקענאָווע פּטור געוואָרן פון איר שטעטלשן „גנב״ — רייזע יאַנקלס ציג.

און נאָך עפּעס: כמעט ניט געווען קיין ייִד אין שטעטל, וועלכער האָט ניט געהאַט קיין צונאָמען. אָט זיינען אייניקע פון זיי, וועלכע מען האָט פאַרבונדן אַפילו אין דער פאָרם פון אַ „גערדיכט״:

יאַנקל דער פאַפּס
יאָשע די נאָז
שייע די קאַץ.
אָרציק דער קייזער
איטשע דער סאָלדאַט
און גרונע קראַץ.

בערקע דער סאָטאַניק
ישראל־שמולקע דער לייכטער
און אַבעלע באָו.

אברמקע דער ממזר
עלקע דער פויער
און שמולקע די שאַו.

לייבע די פילווע
דויד די פיפקע
און גרשון דער ציגענער עק.
שיפרה די פאַווע
שלמה די אלמנה
און אָרציק דער גרעק.

לייזער דער ברויטגעבער
ליפקע דער קאָמעט
און פסח דער פאָזשאַרניק.
קנאַלע דער פאַפוז
דויד דער פאַסטעך
און מאיר דער אוראַדניק.

צאַלקע דער פאַרך
אידל דער חכם
און מאָטע־שלמה דער קאָזאַק.
אברהם דער קאָנפעטירניק
משה־שלום דער לייטער
און איצקע דער בורלאַק.

**א. אַלפערין**

# געווען אַ מאָל אַ יידישע שטאָט קאָווגע

אַזאַ סצענע, פון וועלכער איך בין געווען אַן עדות, פאַרגעסט מען ניט אַ גאַנץ לעבן. אין דעצעמבער 1946, אין דער שווייצאַרישער שטאָט באַזעל, איז פאָרגעקומען דער ערשטער ציוניסטישער קאָנגרעס נאָך דער מוראדיקער קאַטאַסטראָפע פונעם אייראָפּעיִשן ייִדנטום. דאָס איז געווען אַ קאָנגרעס פון טיפער אבלות און גרויל און דער טראַגישסטער פון אַלע ציוניסטישע קאָנגרעסן.

אויף יעדן שריט און טריט — דראַמאַטישע באַגעגענישן פון געראַטעוועטע מיט געראַטעוועטע, וואָס זעען אויס ווי גייסטער, צוריקגעקומענע פון יענער וועלט. אין לאַנגן קאָרידאָר פון דער קאָנגרעס־געביידע שטויסן זיך אָן צוויי שאָטנס פון מענטשן: די אויסגעדאַרטע און פאַרשמאַכטע ראובן רובינשטיין און לייב גאָרפונקעל. ביידע פון דער אַמאָליקער קאָוונע, ווען די שטאָט האָט נאָך געהאַט איר שיינע, אידעלע און גרויס־ייִחוסדיקע ייִדישע קהילה און זיי ביידע זיינען געווען צווישן אירע מנהיגים.

ראובן רובינשטיין, דער רעדאַקטאָר פון דער אַמאָליקער גרויסער ייִדישער טאָגצייטונג אין קאָוונע „אידישע שטימע”, דער פירער פון די אַלגעמיינע ציוניסטן, איז געקומען קיין באַזעל פון אַ לאַגער אין ראַטן־פאַרבאַנד, פון וואַנען ער האָט זיך על־פּי־נס געראַטעוועט. פון אַן אַנדער לאַגער, אין דייטשלאַנד, האָט זיך דערשלאָגן קיין באַזעל לייב גאָרפונקעל, דער לידער פון „פועלי־ציון” אין ליטע, פאַרדינסט־פולער פּאָליטישער טוער, דעפּוטאַט פון ליטווישן פאַרלאַמענט (סיים). ביידע האָבן זיך אין דעם טונקעלן קאָרידאָר פון דער געביידע אין באַזעל באַגעגנט, צום ערשטן מאָל, נאָך אַלע זייערע פּייניקונגען, וואָס זיי זיינען אויסגעשטאַנען אין די מלחמה־יאָרן. איינער האָט אַ קוק געטאָן אויפן צווייטן און זיינען אַרויפגעפאַלן איינער דעם אַנדערן אויפן האַלדז, זיך צעקושט און זיך צעוויינט.

לאַנג לאַנג האָבן זיי געוויינט, זיך ניט געקענט אָפּרייסן איינער פון אַנדערן

און זיך ניט געקענט איינשטילן. איך בין געשטאַנען אין אַ ווינקל אַ דערשיטערטער, זיך ניט געקענט רירן פון אָרט און געהערט זייער געוויין, וואָס איז געוואָרן שטאַרקער מיט יעדער רגע און האָט זיך געצויגן לאַנג, אָן אַ סוף.

⁂

אין יאָרן אַרום האָט „יד ושם" אין ירושלים אַרויסגעגעבן אין העברעיִש גאַרפונקעלס בוך וועגן חורבן פון דער ייִדישער קאָוונע „קובנה היהודית בחורבנה". וועגן זיך אַליין שרייבט דער מחבר אין דער הקדמה צום ספר, אַז ער איז געבוירן געוואָרן, דערצויגן געוואָרן און האָט דעם גרעסטן טייל פון זיין לעבן פאַרבראַכט און געאַרבעט אין קאָוונע. מיט קאָוונע און מיט איר ייִדישן ציבור איז ער געווען פאַרבונדן מיט אַלע פעדעם פון זיין נשמה. אין דער טראַגישער שעה פאַר דער ייִדישער קאָוונע איז אויסגעפאַלן אויף זיין גורל די פאַראַנטוואָרטלעכע אויפגאַבע צו פירן די ענינים פון דער עדה אין געטאָ... און ער האָט אויסגעטרונקען דעם כּוס פון ביטערן סם ביז צום סוף — ער איז געפּייניקט געוואָרן, צוזאַמען מיט אַלע ייִדן פון קאָוונע, מיט די שרעקלעכסטע ענויים סיי אין געטאָ, סיי אין קאָנצענטראַציע־לאַגער אין דייטשלאַנד. דורך נסים איז ער, צוזאַמען מיט אַ קליין הייפעלע אַנדערע ייִדן פון דער קאָוונער קהילה, געראַטעוועט געוואָרן.

ד"ר יעקב ראָבינסאָן, אַן אינטערנאַציאָנאַלער יוריסט פון הויכן קלאַס, אַליין אַ מנהיג פון ליטווישן ייִדנטום פאַר דער מלחמה, גיט צו עטלעכע וויכטיקע פּרטים וועגן מחבר פון בוך: „ניט ווי די מערסטע מיטגלידער פון פאַרשיידענע „יודען־ראַטען", איז גאַרפונקעל געווען כמעט דער איינציקער, וועלכן זיינע ברידער־ייִדן האָבן אַליין אויסגעקליבן פאַר דעם דאָזיקן טראַגישן פּאָסטן. דאָס איז געשען נאָך צוואַנציק יאָר פון זיין ייִדיש־געזעלשאַפטלעכער און ציוניסטישער טעטיקייט, זייענדיק אַ מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע פון ייִדישן נאַציאָנאַל־ראַט אין ליטע; אַ מיטגליד פון פּרעזידיום פון די קהילות־צוזאַמענפאָרן; אַ מיטגליד פון ליטווישן פּאַרלאַמענט; אַ מיטגליד פון געהיימען קאָמיטעט צו באַשיצן די רעכט פון די ייִדן אין די לעצטע יאָרן פון דעם רעאַקציאָנערן סמעטאָנאַ־רעזשים; אַ מיטגליד פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער פּאַרטיי".

לייב גאַרפונקעל גיט אין זיין בוך אַ פול און אַלזייטיק בילד פון דעם חורבן פון דער ייִדישער קאָוונע, מיט אַלע טראַגישע פּרטים בעת דער נאַצי־אָקופּאַציע ביז צו דער דעפּאָרטאַציע אין די טויטלאַגערן אין דייטשלאַד. און דאָס וואָס ער האָט אָנגעשריבן אין זיין ספר וועט זיכער פאַרבלייבן ווי אַן אָנדענק נאָך דער קאָוונער קהילה לדור דורות, ווי עס איז די „מגילה איכה" ביז היינטיקן טאָג.

דער מחבר דערמאָנט אין זיין ספר עטלעכע ביכער, וועגן דער טראַגעדיע פון די קאָוונער ייִדן: יוסף גאַרס „אומקום פון דער ייִדישער קאָוונע"; ד"ר אהרון פרץ־פערציקאָוויטשעס „דעם גורל אַנטקעגן"; הרב אפרים אשריס „חורבן ליטע". אַליין הייבט ער אָן זיין בוך מיט אַן אַלגעמיינער קורצער געשיכטע פון די ייִדן אין קאָוונע ביז דער דייטשער אָקופּאַציע און דער קאַטאַסטראָפע, וואָס האָט זיך דאַן אַראָפּגעלאָזן אויפן ליטווישן ייִדנטום, ווי אויף אַלע איבעריקע אַלטע ייִדישע ייִשובים אין מיזרח־אייראָפּע.

און ווען לייב גאַרפונקעל קומט צו צום חורבן, דערציילט ער, וואָס ער אַליין האָט צוגעזען און דורכגעמאַכט, זייענדיק אויפן טראַגישן פּאָסטן פון וויצע־פּאָרזיצער פון „עלטסטן־ראַט" אין געטאָ. פּאָרזיצער איז געווען ד"ר אלחנן עלקעס, אַ באַ־ווּסטער דאָקטער אין קאָוונע, אַ הייסער ייִד און ציוניסט, וועלכער איז געווען אויף דעם טרויעריקן אַמט די גאַנצע דריי יאָר פון דער געטאָ־עקסיסטענץ. ער איז געשטאָרבן אין נאַציאָנאַלן קאָנצענטראַציע־לאַגער אין דייטשלאַנד.

29,760 נפשות זיינען פאַרשפּאַרט געוואָרן אין סלאַבאָדקע, וואָס די דייטשן האָבן באַשטימט פאַרן געטאָ (אויפן דאָזיקן שטח האָבן פריִער געלעבט אַרום 5,000 מענטשן). דאָס איז געווען אין אויגוסט 1941, נאָך די ערשטע רציחות פון קאָוונער ייִדן, וואָס זיינען אויסגעפירט געוואָרן דורך די ליטווינער און בעת וועלכע עס זיינען אויסגעהרגעט געוואָרן עטלעכע טויזנט מענטשן. באַלד האָבן זיך אָנגעהויבן די „אָרגאַניזירטע" הריגות אין געטאָ גופא. נאָך די „אַקציעס" אין „קליין געטאָ" און אין „גרויס געטאָ" זיינען אין נאָוועמבער 1941 פאַרבליבן אין געטאָ 17,412 ייִדן.

לייב גאַרפונקעל גיט איבער אין זיין בוך אַ ריי אומבאַקאַנטע, אינטימע פּרטים, וואָס כמעט בלויז ער אַליין האָט געקענט וויסן וועגן דעם, אַ דאַנק זיין טראַגישן אַמט, וועלכן ער האָט דאַן פאַרנומען. ער דערציילט, צום ביישפּיל, ווי אַזוי ער, צוזאַמען מיטן פאָרזיצער פון „עלטסטן־ראַט" ד"ר אלחנן עלקעס און מיטן מיטגליד פון ראַט יעקב גאָלדבערג, זיינען אין די לעצטע חדשים פון געטאָ געווען אַרעסטירט דורך די נאַציס און שרעקלעך געפּייניקט געוואָרן. אַלע דריי האָבן זיי, אגב, געהאַט באַהאַלטן ביי זיך ציאַנקאַלי, כדי צו מאַכן אַ סוף צו זייער לעבן, ווען זיי וועלן שוין מער ניט קענען אויסהאַלטן די פּייניקונגען.

***

לייב גאַרפונקעל ווידמעט צוויי קאַפּיטלען אין זיין בוך דער קאָמפּליצירטער פּסיכיק פון די מענער, פרויען און קינדער אין קאָוונער געטאָ, וועלכע זיינען טאָג־טעגלעך געפּייניקט געוואָרן און האָבן דאָך ניט פאַרלאָרן די האָפענונג ביז דער

לעצטער רגע. מען קען זיך גאָרניט פאָרשטעלן וואָס פאַראַ גייסטיקע און פיזישע יסורים עס האָבן געהאַט אויסצושטיין די ייִדן אין געטאָ. די סכּנה פון טויט און אומקום, וואָס איז געשטאַנען יעדע מינוט פאַר די אויגן, וואָלט געקענט און, לויט אַלע כּללים פון דער פּסיכאָלאָגיע, האָט געדאַרפט איינברעכן דעם שטאַרקסטן בשׂר ודם. און דאָך האָבן די ייִדן ניט פאַרלאָרן זייער גייסטיקן גלייכגעוויכט און זיך ניט אונטערגעגעבן דעם יאוש. און איינע פון די מערקווירדיקסטע דערשיינונגען אין געטאָ איז געווען די, וואָס די גאַנצע דריי יאָר האָבן כּמעט ניט פּאַסירט קיין פאַלן פון זעלבסטמאָרד, כאָטש קיין סיבות צו מאַכן אַ סוף צום לעבן האָבן ניט געפעלט. עס זיינען אויך געווען זייער ווייניק פאַלן פון ווערן גייסטיק צערודערט און אַראָפּגיין פון זינען. אַחוץ אין די צייטן פון די „אַקציעס" האָט מען ניט געפילט קיין געפאַלנקייט ביי דער געטאָ־באַפעלקערונג. להיפוך — עס האָט דאָמינירט דער שטאַרקער גייסט פון אָפּטימיזם; אַלע כּמעט זיינען באַהערשט געווען פון אַן אומנאָרמאַלן ווילן — ביי די שווידערלעכסטע באַדינגונגען — צו לעבן און הנאה צו האָבן פון לעבן.

עס איז געווען אַ טענדענץ צו פאַרשענערן דאָס בידנע און באַליידיקטע לעבן. מען האָט זיך געמיט אויסצופּוצן און האַלטן זויבער די אָרעמע און ענגע געטאָ־דירות. עס איז אויך געווען אַ דראַנג זיך אויסצולעבן גייסטיק: מען האָט געלייענט ביכער; מען איז געגאַנגען הערן רעפעראַטן אויף ליטעראַרישע, געזעלשאַפטלעכע און וויסנשאַפטלעכע טעמעס; מען האָט זיך אינטערעסירט מיט ספּאָרט, שאַך, מוזיק. חנוכּה און פּורים האָט מען מיט גרויס שׂימחה דערמאָנט די נסים פון אַמאָל און שטאַרק געהאָפט אויף נייע נסים, וואָס וועלן זיכער קומען און אויף וועלכע מען האָט אַרויסגעקוקט יעדן טאָג.

איינער פון די אויסטערלישסטע איינפאַלן אין קאָוונער געטאָ איז געווען דאָס גרינדן אַ סימפאָנישן אָרקעסטער. אין געטאָ האָבן זיך נאָך דאַן געפונען גוטע ייִדישע מוזיקער, וועלכע האָבן פאַר דער מלחמה געשפּילט אין דער ליטווישער אָפּערע. געשטאַפּאָ האָט געגעבן איר צושטימונג דערויף, און דער אַלטער בנין פון דער סלאַבאָדקער ישיבה איז צוגעפּאַסט געוואָרן פאַר אַ קאָנצערטזאַל.

צווישן די מנהיגים אין געטאָ האָט זיך דאַן צעפלאַקערט אַ שאַרפער וויכוח אַרום דעם גאַנצן ענין. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געטענהט: „ווי אַזוי קען מען גאָר האָבן די העזה און אַרויסברענגען דעם געדאַנק וועגן שפּילן מוזיק אויף די קברים פון די קדושים אין דער מוראדיקער קאַטאַסטראָפע פון ייִדישן פאָלק"? זיי האָבן געדראָט, אַז זיי וועלן ניט דערלאָזן, אַז אַזעלכע קאָנצערטן זאָלן פאָרקומען. אַנדערע האָבן געזאָגט, אַז דורך מוזיק קען מען אויסדריקן ניט נאָר פרייד, נאָר אויך טרויער און ווייטיק. די אָנהענגער פון גרינדן דעם אָרקעסטער האָבן דערקלערט,

אַז די קאָנצערטן וועלן באַשטיין בלויז פון ערנסטער מוזיק, וואָס וועט שטאַרקן דעם גייסט פון די געפאַנגענע אין געטאָ. דער סוף איז געווען, אַז נאָך לאַנגע דיסקוסיעס און ראַנגלענישן איז באַשלאָסן געוואָרן צו גרינדן דעם אָרקעסטער.

אין אויגוסט 1942 האָט דער סימפאָנישער אָרקעסטער פון קאָוונער געטאָ געגעבן זיין ערשטן קאָנצערט אין דער געביידע פון דער געוועזענער ישיבה. דער קאָנצערט האָט זיך געעפנט מיט שפּילן „כּל־נדרי" און באַלד, ביי די ערשטע טענער, איז אויסגעבראָכן אין זאַל אַ שרעקלעך געוויין. עס האָבן געוויינט אַלע — סיי די צוהערער און סיי די מוזיקאַנטן. איין פרוי האָט געחלשט (דאָס איז געווען אַ דייטשע פרוי, אַ קריסטין, וועלכע האָט פאַר דער מלחמה חתונה געהאַט מיט אַ ייִדישן דאָקטער און איז מיטגעגאַנגען מיט אים אין געטאָ). עס איז אַ גרויסער ספק, צי ווען עס איז נאָך ערגעץ ווו אין דער וועלט פאָרגעקומען אַזאַ טראַגישער קאָנצערט.

אַ צווייט מאָל האָט דער אָרקעסטער געשפּילט דעם ניגון פון „בשוב ה' את שיבת ציון". אין ב' בתמוז 1943 איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ קאָנצערט־אָוונט צו דער יאָרצייט פון ד"ר הערצל און ח.נ. ביאַליק. דער זאַל איז דאַן געווען איבערפולט. אין געטאָ איז דאַן געווען שטאַרק די האָפענונג, אַז די גאולה איז שוין נאָענט, ווייל די היטלעריסטישע אַרמייען אויף די פראָנטן האָבן געליטן איין ווייסטע מפּלה נאָך דער אַנדערער. אַן אומגעוויינלעכע און אומנאַטירלעכע באַגייסטערונג האָט אַרומ־געכאַפּט דעם עולם אויף יענעם קאָנצערט. און ווען דער אָרקעסטער האָט גענומען שפּילן די „התקוה", האָט מיטגעזונגען אויף דעם העכסטן קול אויך דער גרויסער המון, וואָס איז געשטאַנען אין דרויסן. איין רגע האָט עס אויסגעזען, ווי די גאַנצע געטאָ האָט זיך פאַראייניקט אין דעם מעכטיקן געזאַנג פון נאַציאָנאַלן ליד און האָפענונג. מען האָט ניט געזונגען, נאָר געשריען; אויסגעשריען די פרייד פון דער האָפענונג אין דעם דראַנג נאָך דער אויסלייזונג. און דאָס אַלץ — אויפן שוועל פון אָפּגרונט און אומקום.

לייב גאָרפונקעל פאַרענדיקט זיין ספר מיט אַוועקשטעלן אין דער גאַנצער שאַרפקייט די פראַגע: פאַר וואָס זיינען די ייִדן פון קאָוונער געטאָ ניט אַרויס אין אַן אויפשטאַנד קעגן די נאַצי־רוצחים און האָבן ניט אויסגעקליבן דעם טויט פון כּבוד און גבורה, איידער פירן אַ לעבן פון פּיין, באַליידיקונגען און דערנידעריקונגען אָן אַ גרענעץ? פאַר וואָס האָבן די קאָוונער ייִדן ניט נאָכגעטאָן דעם העראָישן ביישפּיל פון די העלדן פון וואַרשעווער געטאָ? דער ענטפער פון דעם מקונן פון קאָוונער געטאָ איז אַז עס דאַרף זיין אַ גרויסער ספק, צי עס איז בכלל מעגלעך צו מישפּטן די ייִדן אין די געטאָס אין יענע פינצטערע און שרעקלעכע טעג. דער מענטשלעכער שׂכל קען איצט גאָרניט משיג זיין דאָס, וואָס עס איז געווען און וואָס

ס׳האָט פּאַסירט „דאָרט“ און „אין יענער צייט“, ווייל קיין מאָל, אין דער גאַנצער געשיכטע פון ייִדישן פאָלק און פון דער גאַנצער מענטשהייט, איז נאָך אַזוינס ניט געשען.

אויב די ייִדן אין קאָוונער געטאָ האָבן ניט אָרגאַניזירט קיין אָפענעם מאַסן־אויפשטאַנד קעגן די היטלעריסטישע רוצחים, האָבן זיי אָבער געקעמפט און זיך געראַנגלט מיט די נאַציס יעדע שעה און יעדע רגע, אויף פאַרשיידענע וועגן און מיט פאַרשיידענע מיטלען. זיי, די ייִדן, האָבן געפירט אַן אומאויפהערלעכע סאַבאָטאַזש־אַרבעט, ווו זיי האָבן נאָר געהאַט אַזאַ מעגלעכקייט. און אויך פאַר אָט די „קליינע מעשׂים“ איז געווען נייטיק אַ סך מוט און העלדישקייט. אַחוץ דעם זיינען עטלעכע הונדערט יונגע מענטשן פון געטאָ אַוועק אין די וועלדער און געקעמפט אין די פאַרטיזאַנער־רייען. און ביי דעם אַלעם דאַרף מען וויסן, אַז דעם אמת פון דער לאַגע אין געטאָ קען פאַרשטיין און באַגרייפן נאָר דער, וועלכער האָט דאָס אַלץ אַליין צוגעזען און אויף זיין אייגענער הויט עס אַלץ אַריבערגעטראָגן און איבערגעלעבט. דעריבער איז אַ גרויסער ספק, צי עמעצער אַנדערש קען גאָר בכלל מישפטן וועגן דעם.

**הרב זאב ספראי**

# דער „אַלטער“ פון סלאַבאָדקע

כאָטש עס זיינען שוין פאַריבער איבער פופציק יאָר נאָך זיין פטירה, רופט נאָך ביזן היינטיקן טאָג אַרויס זיין נאָמען אַ הייליקן ציטער און אַ טיפע גייסטיקע איבער־לעבונג ביי זיינע צאָלרייכע תלמידים און פאַרערער אין דער גאָרער וועלט. און כדי צו שילדערן זיינע היסטאָרישע אויפטוען אויפן געביט פון הרבצת תורה און איבער־געבן די הייליקייט און גרויסקייט פון דער תורה צו די קומענדיקע דורות, כדי צו שילדערן זיין אויסערגעוויינלעכע פערזענלעכקייט, פאָדערט זיך אַ גאַנץ ווערק, וווּ עס זאָלן צונויפגעזאַמלט ווערן די אַלע היסטאָרישע פאַקטן און זיינע טעטיקייטן.

זיין הייליקע אַרבעט האָט ער, ר׳ נתן־צבי פינקעל, אָנגעהויבן נאָך אַלס יונגער מאַן. ניט פאַרמאָגנדיק קיין זאַך אויסער זיין הייליקן אידעאַל און טיפער חכמה, אָן קיינע מיטהעלפער, האָט ער אַליין גענומען אויף זיך די ריזיקע אויפגאַבע אויפ־צושטעלן תורה פאַרן כלל ישראל אויף אַ שטאַרקן פונדאַמענט, דורך שאַפן אַ נייעם טיפ פון אַ בן־תורה.

אין יענער צייט איז נאָך אייראָפּע געווען פול מיט תורה און שטאַרקער פרומקייט. אין אַלע בתי־מדרשים האָט מען געלערנט תורה. ישיבות און קיבוצים זיינען געווען צעשפּרייט איבער שטעט און שטעטלעך פון פוילן און ליטע. און אויסגעהאַלטן האָבן זיי זיך אויף אַ מערקווירדיקן אויפן פון „עסן טעג“. יעדער באַלעבאָס האָט איינגעלאַדן אַ בן־תורה אויף אַ טאָג צו זיך אין הויז און האָט אים געגעבן דאָס בעסטע און דאָס שענסטע וואָס ער האָט פאַרמאָגט; עס איז דאָן באַטראַכט געוואָרן פאַר אַ גרויס כּבוד צו האָבן ביי זיך אין הויז אַ בן־תורה, מינדעסטנס אויף איין טאָג.

אין אָט דער גאָלדענער תקופה, ווען ישיבות האָבן זיך אויפגעהאַלטן בכבוד און ווען דער כּבוד־התורה איז געווען אַזוי שטאַרק, האָט דער „אַלטער“ זצ״ל געזען,

אַז דאָס וועט לאַנג ניט קענען אָנהאַלטן און עס וועט ביסלעכווייז פאַלן דער רעספּעקט צום תלמיד־חכם. אויך דער בן־תורה אַליין וועט ניט פאַרמאָגן מער דעם געהעריקן שטאָלץ וואָס ער דאַרף באַזיצן, ווייל אַ בן־תורה דאַרף זיך פילן ווי אַן אויסדערוויילטער זון פון ייִדישן פאָלק, וואָס די השגחה עליונה האָט אים באַגליקט צו לערנען און שטייגן אין תורה.

דער „אַלטער״ זצ״ל האָט דאַן מיט זיין אידעאַל באַגייסטערט אַ קליינע צאָל תלמידים און האָט געשאַפן אַ נייע עפּאָכע אין דער ישיבהשער וועלט: אויס אָרעמקייט! אַ ישיבה־מאַן איז ניט אָרעם. ער איז רייך, אַפילו זייער רייך. ניט קוקנדיק, וואָס מאַטעריעל פאַרמאָגט ער אַבסאָלוט גאָרניט, דאַרף ער זיך שפּירן ווי אַ פּרינץ; און אַ פּרינץ „עסט ניט קיין טעג״, אַפילו ווען ער איז הונגעריק. מען דאַרף דאָך אָבער האָבן כוח צו לערנען, און אַ סך לערנען, אָפט ביז אַכצן שעה אַ טאָג און אַ מאָל אַריינכאַפּן אַ „משמר״ נאָך דעם לאַנגן טאָג לערנען; איז אויף דעם פאַראַן אַן עצה: מ׳זאָל צונויפקלייבן ברויט און עס צעטיילן צווישן די ישיבה־לייט, וועט יעדער תלמיד עסן אַ שטיקל ברויט מיט טיי, מיט אָדער אָן צוקער, ביי זיין אייגענעם טיש און ניט ביי קיין פרעמדן. און אַז מען האָט ברויט מיט וואַסער קען מען מקיים זיין דעם „כך היא דרכה של תורה״ און לערנען מיט גרויס התמדה.

דער „אַלטער״ זצ״ל האָט געלעבט, צוזאַמען מיט זיינע תלמידים, אין אַן אָרעמען הויז און האָט גענומען פאַר זיך שטענדיק דאָס קלענסטע פאַרדאַרטע שטיקל ברויט.

אַזוי האָט זיך אָנגעהויבן די ערשטע תקופה פון דער סלאָבאָדקער ישיבה. די גרופּע ווערט אַלץ גרעסער. פון נאָנט און פון ווייט קומען צו נייע תלמידים. מען האָט דערפילט די התגלות פאַר דעם נייעם דור. און אַלע, וועלכע קומען, ווערן באַגייסטערט, מאַגנעטיש צוגעצויגן צו דעם גרויסן רבין; זיי פילן, אַז ער האָט פאַר זיי געעפנט די טויערן פון הימל, די שערי חכמה ואצילות.

די ישיבה וואַקסט, און עס וואַקסט דעם „אַלטנס״ השפעה און פאַרשפּרייט זיך אין ווייטערע ערטער. עס געפינען זיך מענטשן, וועלכע ווילן האָבן דעם זכות צו שטיצן מאַטעריעל די ישיבה, אַז די תלמידים זאָלן האָבן ברויט מיט עפּעס צום ברויט. עס פאַרבעסערט זיך טאַקע די עקאָנאָמישע לאַגע, אָבער די תלמידים גייט עס ניט אָן, ווייל ווען מען איז אין הימל, דאַרף מען קיין ברויט אויך ניט.

גאַנצע פופציק יאָר האָט דער גייסטיקער ריז פאַרשפּרייט תורה און חכמה דורך זיינע אַזוי געהויבענע מוסר־שמועסן. זיינע תלמידים זיינען באַהערשט געוואָרן מיט דעם געדאַנק פון העכערן צוגאַנג צו תורה און פון אידעאַל צו פאַרשפּרייטן תורה צווישן ייִדישן פאָלק.

סלאָבאָדקע איז געוואָרן אַ סינאָנים פאַר תורה. אין דער גאַנצער ייִדישער וועלט

איז פאַרשפּרייט געוואָרן דער נאָמען סלאַבאָדקע — אַ לעבנס פילאָזאָפיע, אַן עכט תורהדיקע.

סלאַבאָדקער ישיבה האָט עקסיסטירט כמעט ביז די לעצטע מינוטן פון גרויסן פאָלקס־חורבן. אויך אין געטאָ פלעגן די נאָך פאַרבליבענע תלמידים, נאָך דער שווערער אַרבעט ביי די נאַציס, ימח שמם, זיך אַריינכאַפּן הערן אַ מוסר־שמועס ביי דעם „אַלטנס״ גרויסן תלמיד ר׳ אברהם גראָדזענסקי הי״ד, וועלכער איז צוזאַמען מיט זיינע תלמידים אומגעקומען על קידוש השם. נאָך דעם גרויסן פאָלקס־אומגליק איז די ישיבה איבערגעפלאַנצט געוואָרן, דורך דעם „אַלטנס״ איידעם ר׳ יצחק אייזיק שעהר זצ״ל, אין ארץ־ישראל. די ישיבה געפינט זיך אין בני־ברק, איז היינט אַ גרויסער צענטער פון תורה, ווו עס לערנען הונדערטער תלמידים פון פאַרשיידענע לענדער. די ישיבה פירט זיך אויפן דרך פון דער אַמאָליקער סלאַבאָדקע.

לוי שאַליט

# פיר ברידער זיינען זיי געווען...

ווען עס טרעפן זיך ייִדן פון „יענער וועלט", וואָס האָבן זיך לאַנגע יאָרן ניט געזען, איז ניט צו דערוואַרטן צווישן זיי קיין מסודרדיקן שמועס. ביי אַזעלכע פליִען די רייד און פלאַטערן, שפרינגען און היפערן, ווי געטריבן פון ווילדע גייסטער. „געדענקסטו ?... האָסט פאַרגעסן ?... איבער וועלכער גרענעץ ?... ער לעבט ! ווו האָט ער זיך געראַטעוועט ?... אָבער דאָס איז דאָך שוין געווען שפעטער... ביי די סאָוועטן... ביי די דייטשן... ערב געטאָ... אין לאַגער..." מענטשן און געשעענישן שפאַרן אין מוח, שווינדלען פאַר די אויגן, ווילן קריגן לשון. אַ קאַרוסעל פון דערמאָנונגען. זכרונות פון שטחים און צייטן קוילערן זיך איינע איבער די אַנדערע. און טאָמער זיינען נאָך צווישן די שמועסער פאַראַן בעלי זכרון, וועט שוין איין פרט זיך קייטלען אין צווייטן, דערמאָנען אַ דריטן, און — „די טעמע" וועט פאָרן הין און צוריק, ווי אַ וואָגן מיט צעשאָקלטע רעדער — באַרג אַראָפּ.

אַ מאָל פלעג איך זיך אַליין אַ כאַפּ טאָן ביים קראַגן : היי, זאָג נאָר, ווי אַלט ביסטו עס, אַז האָסט אָנגעלאָגלט אין זכרון אַזוי פיל „מעשיות" ! ? נאָר גיי דערצייל זיך אַ מעשה, אַז וואָס איינער פון אונדז האָט געזען אין איין טאָג, האָט יחזקאל דער נביא ניט געזען אויפן טייך כבר.

*

איך זיץ מיט אַ גאַסט הי און מיר שמועסן. דער גאַסט הייסט יעקב ראַבינאָוויטש. ער קומט פון קאַנאַדע.

עס רעדט זיך אַזוי.

אין דער אמתן קומט ער פון „יענער וועלט". ער שטאַמט פון טעלזש. ער קומט פון ברענענדיקן קאָוונער געטאָ. ער קומט פון אַ באַהעלטעניש אין אַ קבר־בונקער. ער קומט פון איבער גרענעצן : פוילן, רומעניע, עסטרייך, איטאַליע ; ער קומט פון אונדזער אויסגעהרגעטער ייִדן־וועלט.

אונדזער שמועס שפּרינגט, ווי אַ שטאָרך מיט אונטערגעשאָסענע פליגל, פון דערמאָנונג צו דערמאָנונג. ביז אין מיין זכרון טייעט אויף די סאַמע ערשטע באַקאַנט־שאַפט מיט דער משפחה פון גאַסט.

*

טעלזשער ישיבה־לייט האָבן זיך ווייניק וואָס אָנגעקערט מיט די באַלעבאַטים אין שטאָט. מעג אַפילו אַ באַלעבאָס זיין אַ למדן, איז פאָרט גלייכער פאַר אַ ישיבה־מאַן ניט צו האָבן מיט אים קיין נאָנטע מגע ומשׂא. ווייל אַפילו אַזאַ באַלעבאָס, אַ למדן, איז דאָך פאָרט אַ גאַנצע וואָך ניט אַריינגעטאָן אין לערנען, עוסקט זיך מיט קויפן און פאַרקויפן צווישן פויערים און פויערטעס, מוז זיך נעבעך פאַרנעמען מיט דאגות פרנסה. איז וואָס פאַר אַ חבר קען אַזאַ זיין פאַר אַ בן־ישיבה?! גלייכער אַז מען האַלט זיך פון וויטן. באַזונדערס איז עס שייך טעלזשער ישיבה־לייט. זיי גייען אין דרך פון די רביים דאָ, קוקן אויף זיך ווי אויף סאַמע אַריסטאָקראַטן, וואָס דאַרפן זיך האַלטן דערווייטערט פון „פאָלק״... אַנדערש אָבער באַציט מען זיך צום הויז פון די ראַבינאָוויטשעס. דאָס הויז, אין סאַמע צענטער פון שטאָט, קענען די ישיבה בחורים שוין דווקא יאָ און קוקן אַפילו אַרויף צו דער משפחה מיט דרך־ארץ. ווייל די ראַבינאָוויטשעס זיינען געקנאָטן פון גרויס יִחוס. און די זין און טעכטער — סאַמע זעמל־מעל.

*

ווען איך בין געקומען קיין טעלזש, איז דער אַלטער רב, ר׳ יוסף־לייב, שוין געווען אויפן עולם האמת. אָבער זיין תורה, זיינע שעורים און „שמועסן״, זיינע דרשות און אַפילו זיינע ניגונים האָבן נאָך איבערגעזאָגט און איבערגעזוּנגען די שטיינער, אויף וועלכע ער איז געגאַנגען. זיינע דריי זין, וואָס האָבן איצט געפירט די ישיבה און די שטאָט; זיינע דריי טעכטער, די שניר און די איידעמס, מיטן גאַנצן הייף אייניקלעך, אַלע צוזאַמען האָבן געטראָגן זיין זכרון ווי אַ פלאַטערנדיקע פאָן; אַ פאָן פון קאַמפּס־גרייטקייט און זיכערקייט אין נצחונות.

ווי די זומפּ־שטעקעלעך אַרום דער אָזערע, צופוסן פון שטאָט, האָבן איינגעזאַפּט דאָס וואַסער, אַזוי האָט מיין סענסיטיווער געמיט געטרונקען די מעשׂיות און לעגענ־דעס וועגן אַלטן רב. צווישן די געשיכטעס איז פאַראַן איינע, וועגן אַ הספד, וואָס די שטאָט האָט ניט געקענט פאַרגעסן. מנגנים האָבן אַפילו געדענקט דעם ניגון פון יענעם הספד, וואָס, צוזאַמען מיט די ווערטער, ברענגט עס נאָך היינט, יאָרן שפּעטער, טרערן אין די אויגן.

אויף וועמען איז זיך עס דער אַלטער רב אַזוי פאַרגאַנגען אין בכיות? אויף איינעם, וועלכער האָט געהייסן ר׳ אברהם־אליה, האָט געלעבט אין בערלין און געווען אַ גאון־צדיק.

דער אַדרעס פון דעם ר׳ אברהם־אליה האָט אַרויסגערופן אַ פליאה און זיך געבעטן „דרשני״, מען זאָל עס אויפקלערן. ווייל וואָס האָט אַ ייִד, וועלכער האָט געהאַט דעם זכות, אַז טעלזשער רב זאָל אים אַ ז ו י מספיד זיין, געטאָן אין בערלין גאָר? דערציילט מען, אַז ר׳ אברהם־אליה איז דאָרטן געווען דער מנהל פון הילדעסהיימער ראַבינער סעמינאַר. די זאַך קוקט שוין אויס אין גאַנצן משונה־ווילד. ווי פאָרט עס אַוועק אַ ייִד, אַ גרויסער תלמיד־חכם, פון מקור מים חיים, קיין בערלין, אין דער סאַמע טומאה, אין אַ סעמינאַר, וואָס שוין דער נאָמען איז כולו גוייש, צו זיין דאָרטן אַ מלמד פאַר ראַבינערלעך?!... דערביי דערציילט מען טאַקע, אַז ער האָט געשריבן אין „בלעטער״ און זיך אַפילו געחברט מיט „חופשיים״, ווי פּראָפ׳ דובנאָוו, ד״ר ראַווידאָוויטש און נאָך אַזעלכע. און אים האָט פאָרט מספיד געווען טעלזשער רב, מיט אַזאַ הספד, וואָס איז געבליבן אָפּגעקריצט אין זכרון פון שטאָט־מענטשן אויף יאָרן שפּעטער! איז דאָך דערפון געדרונגען, אַז מען מעג אַוועק פון טעלזש, אַזש קיין בערלין, גיין אין סעמינאַרן, ווערן ביי „זיי״ אַ מלומד, זיך חברן מיט פרייע, העלפן אַרויסגעבן ראַבינערס און — מען קען נאָך אַלץ האָבן גענוג זכותים, אַפילו פאַר אַזאַ הספד...

ווען האָב איך געמאַכט דעם דאָזיקן חשבון? מן הסתם ניט גלייך דאַן. ווייזט אָבער אויס, אַז דער עכאָ פון פאַרקלונגענעם הספד האָט געעפנט פאַר מיר דעם ערשטן שפּאַלט אין דער מויער פון פאַרפרומטער ייִדישקייט. דער ניגון האָט זיך אָפּגעזעצט אין געמיט און געווירקט אויף אַן אייגענעם דרך, — געעפנט אַ פאָרטקע צו דער וועלט. האָב איך דאַן שוין אויך אָנגעהויבן אַרויפקוקן מיט דרך־ארץ צו די ראַבינאָוויטשעס, וואָס ר׳ אברהם־אליה איז געווען זייער זון און זייער ברודער.

## ב

אייזיק ראַבינאָוויטש איז געווען פון די עלטערע אין ישיבה, צווישן די וועלכע מען האָט שוין טיטולירט מיט אַ ר׳.

ר׳ אייזיקס אָרט איז געווען ביים מיזרח־וואַנט. אַז ער פלעגט אַדורכגיין די רייען בענק, לענגאויס פון דער ישיבה, האָט ער געהאַלטן די אויגן אַראָפּגעלאָזן, ווי צו היטן, אַז אַ פּול זאָל זיך ניט אָנזעצן אויף זיינע גלאַנציקע שיך.

אייזיק איז געווען אַ מקפּיד אין זיין הלבשה, ווי אין זיין הנהגה. זיינע בגדים האָבן שטענדיק געשיינט, געפינקלט מיט יום־טוב. זיינע טריט זיינען געווען שטילע,

אידל־געמאַסטענע. פון ר׳ אייזיקס פולע און בלאַסלעכע באַקן, ווי פון די שטילע אויגן, אַהינטער שיינענדיקע ברילן, האָט שטענדיק אַראָפּגעאָטעמט שבתדיקע מנוחה. ניט איינער אין ישיבה האָט געוויס זיך געוווּנדערט, ווי אַזאַ זאַטער און אויסגערוטער האָט פאַרבלאָנדזשעט אַהער, צווישן פלאַקערנדיקע אויגן פון הונגעריקע אַסקעטן...

עס איז געווען אַ ווינטערדיקער פרימאָרגן. בלויע, פראָסטיקע נעפּלען האָבן איינגעוויקלט די שטאָט. דער שניי, וואָס איז אָנגעפאַלן איבער נאַכט, הייך און פוכקע, האָט געשטאָכן די אויגן מיט זיין ווייסקייט. די בני תורה האָבן געאיילט צום דאַוונען. זייערע פּנימער זיינען געווען פאַרטוליעט אין די קראַגנס פון די מאַנטלען, ווי פייגלען וואָס פאַרטייענען זייערע שנאָבלען אין די האַלדז־פעדערן. צום גאַניק פון די ראַבינאָוויטשעס איז פאַרפאָרן אַ שליטן און אַריינגענומען אייזיקן. דער פורמאַן האָט אים אַרומגעדעקט די פיס מיט אַ פעלץ־דעקע און דער שליטל האָט זיך אַוועקגעגליטשט איבערן פוכקן שניי צו דער ישיבה...

איך האָב יענעם פרימאָרגן געלייגט תפילין, ווי אלע טאָג. נאָר דאָס גלעקל פון שליטן האָט אַריינגעקלונגען אין מיין תפילה און מיר מבלבל געווען דאָס דאַוונען. יענעם פרימאָרגן האָב איך מחליט געווען, אַז ר׳ אייזיקס קומען צושליטלען זיך צום דאַוונען איז אַ סימן מובהק, אַז אויך ער קלייבט זיך קיין בערלין און אפשר גאָר דאָרטן ווערן אַ ראַבינער...

פון דעסטוועגן איז ר׳ אייזיקס הנהגה געווען מיין ערשטע לעקציע אין עסטע־טיק — און ס׳מאַכט אַפילו ניט אויס, אויב איך האָב עס איינגעזען ערשט יאָרן שפּעטער.

⋆

עס איז געווען אַ שׂמחה אין ישיבה. עלטערע בחורים האָבן געהאַלטן דרשות. דאָס לערנט מען זיך „שטיין פאַר אַן עולם״. מען וועט דאָך ווערן רבנים, און אַ היינטיקער רב מוז זיין אַ בעל־דרשן... איך לייג צו אַן אויער צו אייזיקס רעפּעטיציע־דרשה פאַר זיין „חבורה״. ער טייטשט „ציון במשפט תפדה״, און וויל דערווייזן, אַז ציוניזם איז קעגן דער נבואה אויף גאולה. דערביי זייגן זיינע ליפּן דאָס וואָרט „ציון״ מיט אַ נאָגנדיקער בענקשאַפט; דער „במשפט״ קלינגט פון זיין מויל מיט רחמים, און דער „תפדה״ פאַרגייט זיך אין געוויין אויף גאולה, וואָס וויל עפּעס מער, ווי נאָר אויסלייזונג פון גלות...

קעגן ר׳ אייזיקס אויסטייטש, האָט אָבער זיין מעלאָדיע צו די דריי ווערטער מיר געפירט צום ציוניזם. און די כוונה פון זיין ניגון באַגלייט נאָך מיין ציוניזם ביז היינטיקן טאָג.

*

פיר ברידער זיינען די ראַבינאָוויטשעס געווען. דריי האָב איך געקענט. וועגן צוויי האָב איך דאָ דערציילט. דער פערטער און ייִנגסטער איז דאָ איצט אַ גאַסט. מיין שמועס מיט אים האָט עס אַרויסגערופן די זכרונות.

געדאַרפט האָב איך דערציילן וועגן אים, נאָר אַזוי איז שוין ביי ייִדן פון „יענער וועלט״. איין דערמאָנונג קייטלט זיך ביי זיי אַריין אין אַ צווייטער. פאַרבייטן זיי דעם סדר פון „פריִער״ און „שפּעטער״.

אָבער די נאַכט איז נאָך לאַנג. מיר האַלטן ערשט אין אָנהייב שמועס פון דער־מאָנען זיך.

אַז עס וועלן סטייענען כוחות וועלן מיר נאָך אויך דערציילן וועגן אים, אונדזער גאַסט ר׳ יעקב, דער זון פון פראַדל, דער ברודער פון ר׳ אייזיק הי״ד, (וואָס איז געווען דער איידעם פון שאַוולער רב, ר׳ אהרן באַקסט הי״ד), און פון ר׳ אברהם־אליה זצ״ל, — אים, ר׳ יעקבן, צו לאַנגע לעבעדיקע יאָרן.

**לייב בראַווערמאַן**

# אין קלעם...

(פראַגמענטן)

## ווּהין פירט מען אונדז?

דער צוג איילט פאָרויס און פאָרויס, ריטמיש און איינטאָניק זינגט ער אויס זיין ניגון. איך ליג אויפן דיל פון וואַגאָן, פון וועלכן עס טראָגט זיך דער ריח פון מיסט; פריִער האָט מען אין דעם דאָזיקן וואַגאָן געוויס געפירט פי. דורך ניט קיין גרויסן שפּאַלט אין דאַך זעען זיך שטערן; ווייטע־ווייטע, ווי די פרייהייט.

מיר זיינען דאָ פעסט פאַרשפּאַרט. מיר — דאָס זיינען געפאַנגענע, אַסירים, כאָטש דער ייִנגסטער פון אונדז איז נאָך קיין זיבן יאָר ניט אַלט און די עלטערע זיינען פופצן־זעכצן יאָריקע ייִנגלעך.

שוין דריי יאָר, זינט דעם אויסברוך פון דער מלחמה, געפינען מיר זיך, ווי פאַרברעכער, הינטער שטעכלדראָט. פון אָנהויב זיינען מיר געווען אין קאָוונער געטאָ, שפּעטער אין לאַגערן. מיט צוויי טעג צוריק האָט מען אונדז אַרויסגעפירט פון קאָנצלאַגער דאַכאַו. מיר זיינען הונדערט איין און דרייסיק ייִנגלעך, וועלכע מען האָט פאַרשפּאַרט אין צוויי עיפּושדיקע וואַגאָנען און מען פירט. ווּהין?

ביי דער טיר פון וואַגאָן, אויף אַ טאַבורעט, זיצט אַן עסעסאָווער און היט אונדז, גלייך ווי מיר וואָלטן אויף אַן אמת געקענט אַנטלויפן!

די חברה זיינען צוגעפאַלן צו די שפּאַלטן פון וואַגאָן און באַמיִען זיך עפּעס צו דערזען אין דער פינצטער. מיר דוכט אָבער, אַז כל זמן ס'איז פאַראַן אַ מעג־לעכקייט, איז בעסער צו ליגן און קוקן אויף די שטערן. די שרעק פאַרן אומבאַוווּסטן, פאַר דעם וואָס עס שטייט אונדז פאָר, לאָזט ניט אַנטשלאָפן ווערן. אויך דער הונגער מאַטערט, ווייל דאָס ברויט און דעם מאַרגאַרין, וואָס מען האָט אונדז געהאַט אַרויסגעגעבן אויפן וועג, האָבן אַלע שוין פון לאַנג אויפגעגעסן.

עמעצן האָט זיך איינגעגעבן איבערצולייענען דעם נאָמען פון אַ סטאַציע און האָט אויפן קול געגעבן צו וויסן: „גלייוויץ”. און שפּעטער: „קאַטאָוויץ”.

— אויב קאַטאָוויץ, — זאָג איך, — איז עס פּוילן.

— און פון וואַנען ווייסטו עס, פילאָסאָף? — פרעגט מיט חשד איינער פון די ייִנגלעך.

— לויט דער ענדע פונעם וואָרט, — דערקלער איך, — קאַטאָוויץ, גלייוויץ — דאָס זיינען פּוילישע ווערטער.

און פלוצעם ווערט מיר אַזש קאַלט פון דעם, אין וואָס איך נעם זיך אָנשטויסן. אוישוויץ ענדיקט זיך דאָך אויך אויף „וויץ”! ניט שוין זשע פירט מען אונדז קיין אוישוויץ? קיין ייִדישע קינדער דאַרפן דאָך די דייטשן ניט. הייסט עס, אַז מען פירט אונדז אומברענגען. אָבער פאַר וואָס האָבן זיי עס ניט געטאָן אין דאַכאַו? דאָרט איז דאָך אויך פאַראַן אַ קרעמאַטאָריום! נאָר מען קען דען פאַרשטיין די פאַשיסטן? צוליב וואָס האָבן זיי געפירט שיסן די ייִדן פון ווין, פּראַג און פון אַנדערע ערטער אין אייראָפּע קיין קאָוונע, אויפן נײַנטן פאָרט?

— וואָלף, — פרעג איך אין דער פינצטערניש, — ווי מיינסטו, מען פירט אונדז ניט קיין אוישוויץ?

וואָלף איז דער איינציקער צווישן אונדז, וואָס איז אַלט זיבעצן יאָר. ס'האָט אונדז אויף אַן אמת אָפּגעגליקט, וואָס ער איז מיט אונדז. ער איז אַ געזונטער, אַן איינגעשפּאַרטער, כמעט אַ דערוואַקסענער. דאָס האָט ער נאָך דערוויזן אין לאַנדס־בערגער לאַגער, ווען מען האָט אונדז, הונדערט איין און דרייסיק ייִנגלעך, אָפּגע־טיילט פון די טאַטעס און דערוואַקסענע. מיר זיינען זיכער געווען, אַז עס גרייט זיך אַ „קינדער־אַקציע”. מיר האָבן כמעט ניט געצווייפלט אין דעם, כאָטש די דייטשן האָבן אונדז צוגעזאָגט אַן אַנדער לאַגער און גרינגע אַרבעט. צום טויט האָבן מיר זיך געגרייט שוין פון לאַנג, פון זינט מיר האָבן זיך געפונען אין געטאָ. הייסט עס, אַז איצטער איז געקומען די צייט... קיינער האָט ניט געוויינט, אַזוי זיינען מיר געזעסן אין באַראַק, אין דער פינצטער און געוואַרט. קיינער איז ניט געשלאָפן.

פלוצעם האָט מיט אַ סקריפּ זיך אַן עפן געטאָן די טיר; אין באַראַק האָט זיך אַריינגעכאַפּט אַ ביסל לבנה־שיין. איז שוין טאַקע אַלץ פאַרפאַלן? ניט שוין זשע האָט געשלאָגן די שעה? אַך, ווי שרעקלעך... אין דער טיר איז אויסגעוואַקסן וואָלפס פיגור.

— פייוועקע, — האָט ער אַ רוף געטאָן זיין מיטעלן ברודער, — אַנו, שנעל אַהער!

פייוועקע איז צוגעגאַנגען. זייער קלענער ברודערל רוויק איז געבליבן זיצן אויפן דיל לעבן מיר.

— פייוועקע, איך בלייב דאָ אַנשטאָט דיר. איך בין פאַר רוויקן נייטיקער ווי דו,

איז לויף צום טאַטן. האָב ניט קיין מורא. מיט וועמען ס'איז נייטיק, האָבן מיר זיך שוין צונויפגערעדט.

וואָלף רעדט זייער שטיל, נאָר איך הער אַלץ. רוּוויק האָט זיך גענומען רודערן. קיינער האָט ניט באַוויזן זיך אַרומצוקוקן, ווי וואָלף האָט אַרויסגעשטופּט פּיווקען פון באַראַק.

די טיר האָט זיך פאַרמאַכט, די לבנה־שיין איז פאַרשוווּנדן. ס'איז געוואָרן נאָך פינצטערער, ווי עס איז געווען. וואָלף האָט זיך אַוועקגעזעצט לעבן רוּוויקן און אים אַרומגענומען. אין אַ צייט אַרום האָט זיך אין דער שטילקייט אַריינגעריסן וואָלפס געדיכטע שטימע:

— חברה, איך בין געקומען, כדי צו זיין מיט רוּוויקן, נאָר אַזוי ווי איך בין עלטער פון אייך און איך ווייס, אַז די דייטשן האָבן ליב דיסציפּלין, איז קוקט אויף מיר און הערט מיך. מען וועט אונדז אַוועקפירן אויף אַרבעט. אָט וועט איר זען, איר הערט וואָס איך זאָג? זאָרגט זיך ניט. איר קענט רויִק זיך אויסשלאָפן. די דייטשן וואָלטן דאָך אונדז, סמאַרקאַטשעס, ניט געפירט איבער גאַנץ אייראָפּע אויף צו הרגענען. איר גלייבט מיר? מיר וועלן לעבן. מיר וועלן בלייבן לעבן, אָבער הערט מיך.

***

— מען דאַרף אַנטלויפן! — האָט זיך דערהערט עמעצנס אַ ציטערדיק קול, דוכט זיך, אַז בערלס. — מען פירט אונדז קיין אוישוויץ און מען וועט אונדז פאַר־ברענען אין קרעמאַטאָריום.

וואָלף האָט אים איבערגעשלאָגן די רייד:

— ביסט אַראָפּ פון זינען. ס'איז דאָך אַ זיכערער טויט. אונדז איז דאָ קיין שום זאַך ניט באַוווּסט. וווּהין איז דאָס לויפן? ליג און שווייג!

— דו ווילסט ניט — דאַרף מען ניט. איך וועל סייווי אַנטלויפן. דו מיינסט, אַז קיין אוישוויץ פירט מען אונדז אויף אַן אויסשטעלונג? — בערל האָט אויף אַ מינוט זיך פאַרטראַכט. — דו העלף מיר בעסער, — האָט ער זיך ווידער געווענדעט צו וואָלפן, — אונדזער עסעסאָווּעץ האָט, דוכט זיך, געכאַפּט אַ דרעמל; הערסט, ער כראָפּעט אונטער.

— טשעפּע זיך אָפּ פון מיר, דאָס איז זעלבסטמאָרד!

— ווילסט ניט, וועלן מיר אַנדערע העלפן.

— איך וועל אַנטלויפן מיט דיר, בערקע, — איז פּלוצעם אויפגעשפּרונגען אַלטערקע.

— וווּהין קריכסטו, סטרעמפּל? ביסט, מן הסתם, נאָך קיין צען ניט אַלט.

— כמעט צוועלף, בערל. איך וועל דיר ניט שטערן, אָט וועסטו זען, איך וועל דיר העלפן, — האָט אַלטערקע זיך געבעטן.

— גוט, זאָל זיין ווי דו ווילסט!

אין דער פינצטער האָט זיך דערהערט דאָס טרעשטשען פון לייוונט, וואָס מען רייסט אויף פּאַסן. דאָס האָבן בערל און אַלטערקע צעריסן זייערע געשטרייפטע הויזן.

איך, צוזאַמען מיט אַנדערע, האָב זיי געהאָלפן זיך דורכשטופּן דורכן ניט ברייטן שפּאַלט, וואָס האָט זיך געפונען אין ווינקל פון וואַגאָן. אַנדערע האָבן זיי פאַרשטעלט פונעם וואַכמאַן. צום גליק איז ער געשלאָפן און ניט חושד געווען, אַז אין וואַגאָן קומט עפּעס פאָר. ווולף איז געלעגן אויפן דיל און האָט זיך ניט אַריינגעמישט. אויף עטלעכע רגעס איז פולשטענדיק פינצטער געוואָרן. דאָס קלאַפּעריי פון די רעדער פאַרהילכט אַלע איבעריקע קלאַנגען. „אפשר זאָל איך לויפן מיט זיי? דאָרט, אין דער נאַכטיקער חשכות, איז דאָך די פרייהייט, די אויסלייזונג פון קאָנצלאַגער, פון טויט!" אָבער באַלד האָט זיך דערהערט אַ שיסעריי. אונדזער עסעסאָוועץ האָט מאָמענטאַל זיך אויפגעכאַפּט און אַ רעווע געטאָן:

— לייגן זיך!

אַלע האָבן זיך אַ וואַלגער געטאָן אויפן דיל. ווּעמען יאָגן עס נאָך די קוילן? אונדזערע אַנטלאָפענע? אפשר שוין דעריאָגט?

איך ליג אויפן דיל, אָטעם איין דעם גערוך פונעם מיסט און קוק אויף די ווייטע שטערן. דאָס העלפט מיר פאַרגעסן ווו איך בין, ווער איך בין. קוקנדיק אויף זיי, קען מען טרוימען וועגן סוף פון דער מלחמה, וועגן דעם, ווי אַזוי איך וועל געפינען דעם טאַטן, די מאַמען...

מיט די מאַמעס האָט מען אונדז מיט עטלעכע וואָכן צוריק צעשיידט ניט ווייט פון עפּעס אַ שטוטהאָף; מיט די טאַטעס — ערשט דאָ ניט לאַנג, אין לאַנדסבערג, אינעם אָפּטיילונג פון טויטלאַגער דאַכאַו. איך האָב טאַקע ניט באַוויזן אַפילו זיך צו געזעגענען ווי געהעריק מיטן טאַטן אין דעם פאַרשאָלטענעם לאַנדסבערג. ער, דער טאַטע, איז געשטאַנען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ און איך בין אַוועקגעלאָפן אין באַראַק, ווו מען האָט אונדז, קינדער, געהאַט באַפוילן זיך צו פאַרזאַמלען. איצט איז דער טאַטע, נעבעך, איינער אַליין, ער וועט פאַרפאַלן ווערן... ווי קומט ער אויס אָן מיר? שרעקלעכער פון דעם לאַנדסבערגער לאַגער האָב איך ביז דאַן נאָך ניט געהאַט געזען. מיר זיינען דאָרט געווען סך־הכל צען טעג, אָבער די אמתע טעג!

מען האָט אונדז געבראַכט אַהין, צוזאַמען מיט די טאַטעס, אין איינעם אַ פאַרטאָג, נאָך דעם, ווי מען האָט אונדז עטלעכע מעת־לעת געפירט אין פראַכט־וואַגאָנען פון

צפון אויף דרום, כמעט איבער גאַנץ אייראָפּע, ביז מינכען און ווייטער... נאָך דעם האָט מען אונדז געבראַכט קיין לאַנדסבערג, ווו עס האָבן זיך געפונען עטלעכע באַראַקן און אַ סך קליינעביידלעך. אַ גאַנצן טאָג האָט מען אונדז געהאַלטן אויפן פּלאַץ אָן אַ פּיצל ברויט, אָן אַ טראָפּן וואַסער. מיר זיינען געשטאַנען פאַרמוטשעטע נאָכן לאַנגן וועג פאַרטויבטע פון די אומאויפהערלעכע געשרייען און קלעפּ פון די עסעסאָווצעס און קאַפּאָס. דאָ האָט מען ביי אונדז צוגענומען די זאַכן, וועלכע מיר האָבן געהאַט מיט זיך. מען האָט צוגענומען ניט נאָר די זאַכן, נאָר אויך יעטוועדע האָפענונג אויף צו לעבן. אַזוי האָט מען אונדז געגעבן צו פאַרשטיין.

— איר זייט ניט קיין מענטשן, איר זייט אַרבייטשוויינע און דערצו נאָך פאַר־שטונקענע יודען. איר זייט געקומען אַהער ניט כדי איר זאָלט פרעסן אונדזער דייטשיש ברויט, נאָר כדי צו אַרבעטן. פאַרשטענדלעך?

מיר זיינען געזעסן אויף דער ערד און געוואַרט אויף דער ריי אָפּצוגעבן אויפן סקלאַד די זאַכן. אַ געוויסן מאָמענט האָט דער טאַטע מיר געהייסן בלייבן אויפן אָרט און אַליין האָט ער זיך געלאָזט צום סקלאַד, צו וועלכן עס זיינען שוין געלאָפן אַ סך מענטשן. איך האָב ניט אויסגעהאַלטן און בין אויך אַוועק אַהין. דאָס וואָס איך האָב דאָרט געזען און געהערט, וועל איך קיין מאָל ניט פאַרגעסן.

סטופּעל, אַ באַרימטער קאָוונער פידלער, האָט זיך איינגעשפּאַרט און דרייסט געבעטן מען זאָל אים איבערלאָזן די פידל. דער עסעסאָוועץ האָט פאַרחידושט געקוקט אויף אים און געוויס געקלערט, אַז דער מענטש איז אַראָפּ פון זינען.

— דו קענסט דען, ייד, שפּילן אויף אַ פידל? אַנו, באַווייז, צי זאָגסטו ניט קיין ליגן.

מיט ציטערדיקע הענט האָט דער באַוווסטער פידלער צוגעלייגט די פידל צום קין, אָבער גלייך זי אַראָפּגעלאָזט צוריק. עס זיינען פאַרביי רגעס. סטופּעל האָט געהאַלטן אין איין האַנט די פידל, אין דער אַנדערער — דעם סמיטשיק. לויטן סמיטשיק האָט מען געזען, ווי די האַנט זיינע ציטערט.

— נו, מוזיקאַנט, דו האָסט זיך געקליבן חוזק מאַכן פון מיר! — איז דער עסעסאָוועץ געוואָרן מלא־רציחה.

— ניין, איך קען ווירקלעך שפּילן, — האָט מיט אַ ציטערדיקער שטים, נאָר קלאָר, אויף אַ ריינעם דייטש, געזאָגט דער פידלער און דערלאַנגט זיין פידל דעם עסעסאָוועץ.

— דאָס אינטערעסירט מיך ניט. דו וועסט שפּילן! — דער באַנדיט האָט צוגעשטעלט דעם פּיסטאָלעט צום פידלערס ברוסט.

און פּלוצעם האָט זיך דערהערט אַ טרויעריק קרעכץ. דער סמיטשיק האָט זיך

אַראָפּגעלאָזט אויף די סטרונעס, און צוויבערדיקע קלאַנגען האָבן זיך צעגאָסן אינעם אַרום. אין דער לופטן האָט געפּייפט אַ ציגיינערישע בייטש, עס האָבן געסקריפּעט אַקסן פון פורן, עס האָבן זיך געהערט אויסגעשרייען פון פּיין און פרייד, פון אויס־וועגלאָזן געבעט און שרעק. דערנאָך האָט זיך אַלץ פאַרדרייט, פאַרוויכעט אין אַ הפקרדיקן טאַנץ, אין גרענעצלאָזער פרייד...

דער אויסגעמאַטערטער עולם איז געשטאַנען פאַרגליווערט און זיך ניט גערירט פון אָרט. פאַרגליווערט געוואָרן איז אויך דער פאַשיסט. מיר איז פאַר די אויגן געשטאַנען אַ געדיכטער נעפּל. אַלץ אַרום איז פאַרשוווּנדן. דאָס ערשטע מאָל פאַר פיל חדשים האָב איך געוויינט. עמעצער האָט שטאַרק אַ דריק געטאָן מיין האַנט, אַז זי איז פאַרחלשט געוואָרן. כ׳האָב זיך שטאַרק צוגעדריקט צום אַקסל פון מיין טאַטן. ערשט דעמאָלט האָב איך פאַרשטאַנען, אַז דאָס האָט ער געהאַלטן מיין האַנט. זיינע נעגל האָבן אָן רחמנות זיך איינגעשניטן אין מיינע פינגער...

— סאַראַסאַטאַ... ציגיינערישע געזאַנגען... — שעפּטשעט דער טאַטע.

איך ווייס. אַך, ווי גוט! ווי פריידיק איז מיר. ביטער. שלעכט איז מיר. דאָס פּנים איז נאַס פון טרערן.

די קלאַנגען זיינען פאַרשוווּנדן. די שטילקייט קלינגט. דער פידלער איז אין גאַנצן אָפּגעשוואַכט געוואָרן און האָט איצט אויסגעזען קליין, קליין. ער דערלאַנגט ווידער דעם עסעסאָווצע די פידל. יענער נעמט צו און גייט פּאַמעלעך צום סקלאַד. ער פאַרהאַלט זיך דאָרט לאַנג. מיר גייען זיך פונאַנדער. עס ווערט שוין טונקל און מיר האָבן נאָך אַלץ ניט אָפּגעגעבן די זאַכן. מיר האָבן ניט געגעסן, ניט געטרונקען. עס ווילט זיך גאָרניט. נאָר שלאָפן ווילט זיך. אַך, ווי ס׳ווילט זיך שלאָפן.

דער טאַטע איז בלאַס, שמוציק. אַ שרעק צו קוקן אויף אים. ער שווייגט, קוקט כמעט ניט אויף מיר. „טאַטע, טאַטע, — ווילט זיך מיר אים דערמונטערן, — זאָג עפּעס, זאָג. האַלט זיך, טאַטע! מיר האָבן דאָך ביז איצט זיך געהאַלטן אין געטאָ. אמת, דאָרט איז געווען לייכטער. מיט דער מאַמען, מיטן ברודערל, מיטן שוועסטערל. זיי האָט מען אַוועקגעפירט, דערהרגעט. אונדזער מאַמען, אונדזער דרייסטע מאַמען, וואָס האָט קיין מאָל ניט פאַרלוירן די האָפענונג, האָט מען צוגענומען ביי אונדז. איצט זיינען מיר מיט דיר. אין צווייען. פון דער גאַנצער משפחה. פון אַלע אייגענע. לאָמיר זיך האַלטן דרייסט ביזן סוף. האַלט זיך, טאַטע!" נאָר דער טאַטע שווייגט. ער איז שטום, ער איז טויב. בלינד. פונקט ווי ער וואָלט שוין ניט געווען לעבן מיר. עס ווערט מיר שרעקלעך. איך טאָר אים ניט פאַרלירן. אין איינעם וועלן מיר זיך נאָך האַלטן... אָבער נאָר אין איינעם...

און אָט האָבן מיר אונדזערע זאַכן שוין אָפּגעגעבן. מען גיט אונדז אַן אָרט

אין אַ בײדל, בײם סאַמע אַרײנגאַנג, אויף דער ערד. מיר נעמען אַנטשלאָפן װערן. און פּלוצעם, מיר באַמערקן אַפילו ניט װי עס איז געשען, טראָגט עס אונדז אַרויס, צוזאַמען מיטן עולם, אויפן לאַגערפּלאַץ. עס הערט זיך װי מען שיסט, מען שרײט, װי מען שלאָגט עמעצן. בײם סקלאַד שלאָגן צװײ עסעסאָװצעס אַ קלײנינקן, דאַרינקן זקן. „װוּ האָסטו, פערפלוכטער ראָטשילד, באַהאַלטן דײן גאָלד? װוּ, װוּ?" מען קען ניט פאַרשטײן װאָס דער אַלטער ענטפערט זײנע פּײניקער. פון זײן מויל רינט בלוט, מיט די הענט האַלט ער זיך בײם קאָפּ.

אַרום שטײען אסירים. אַזאַ איז די אָרדענונג — אויספירן די שטראָף פאַר אַלעמען אין די אויגן. דער עולם שעפּטשעט צװישן זיך. עמעצער זאָגט, אַז דער אַלטער האָט טאַקע גאָלד, ער האָט דאָך אין געטאָ געאַרבעט אויפן סקלאַד, װוּ עס האָבן זיך געפונען די זאַכן און דאָס פאַרמעגן פון די אַרויסגעפירטע צום טויט. דאָ, אין לאַגער, האָט, װײזט אויס, עמעצער אים אַרויסגעגעבן.

די עסעסאָװצעס האָבן אויפגעהערט שלאָגן דעם אַלטן און אים אַװעקגעשלײ־דערט אויף דער ערד. אײנער פון די עסעסאָװצעס האָט עמעצן באַפוילן ברענגען אַן עמער װאַסער. דעם פאַרחלשטן זקן האָט מען אָפּגעגאָסן מיט װאַסער, ער האָט געעפנט די אויגן.

— אויפשטײן, ראָטשילד! — האָט געשריִען דער באַנדיט.

נײן, ער װעט ניט אויפשטײן. ער װעט ניט קענען. ער איז דאָך כמעט אַ מת.

ער איז אויפגעשטאַנען!... ער װאַקלט זיך און װײנט. בעט רחמים. קײן פּנים זעט מען ניט. אײן גרויסע װוּנד.

די עסעסאָװצעס האָבן אַװעקגעשלעפּט דעם אַלטן צום אָפּטריט — צו אַ מוראדיק גרויסער גרוב.

— אָט דאָ איז דײן גאָלד, באַנקיר! ביז דו װעסט ניט געפינען, װעסטו פון דאַנען ניט אַרויסגײן. זוך!

מ׳האָט דעם אַלטן אַראָפּגעשטופּט אין גרוב. ער איז געפאַלן, קוים זיך אויפ־געהויבן, דערנאָך האָט ער זיך אָנגעבויגן און גענומען, װי אַ דולער, שאַרן מיט די הענט אין דער עיפּושדיקער פליסיקײט. נאָך דעם איז ער אומגעפאַלן, דער קערפּער זײנער האָט פּאַמעלעך זיך אונטערגעטוקט, מען האָט געזען זײן פּלײצע, זי האָט זיך געװיגט, דערנאָך איז זי פאַרשװוּנדן...

⁂

...דאָס קלאַפּן פון די רעדער און דאָס מאָנאָטאָנע הוידען זיך פונעם װאַגאָן פאַרשלעפּערט. אין דרעמל דערגײט צו מיר דאָס שעפּטשערײ פון די חברה. די

רעדער קלאַפּן אויס אַלץ העכער און העכער: „אוי־שוויץ, אוי־שוויץ, אוי־שוויץ...״

אין לאַנדסבערג האָט אונדז „דרעסירט״ אַ קאַצעטלער, וואָס איז דורכגעגאַנגען די „שול״ פון אוישוויץ. אונדז, די ניי־געקומענע, האָט מען דעמאָלט אויסגעשטעלט אין קאָלאָנעס אויפן לאַגערפּלאַץ. און דעמאָלט האָט זיך געיאַוועט יענער — אַ הויכער, אַ דאַרער, אַ מענטשאַרטיקע חיה.

איך בין געשטאַנען אין דער מיט פון דער קאָלאָנע און אים שלעכט געזען. איך בין אַליין שוין דורכגעגאַנגען אַ גוטע „שול״ אין די היטלעריסטישע אַרבעטס־בריגאַדעס און האָב געוווּסט, אַז אין „סטראָי״ טאָר מען ניט טרוימען, זיך אָפּווענדן. מען דאַרף שטענדיק זיין גרייט מאָמענטאַל אויפכאַפּן יעדן באַפעל און אויטאָמאַטיש אים אויספילן. איך בין אַ פלינקער, אַ טרעניִרטער, שטענדיק האָב איך אַלץ באַוויזן. אויך דעמאָלט, אויפן לאַגערפּלאַץ, בין איך געווען אויף דער וואַך. איך האָב אָנגעשטרענגט דעם געהער, בכדי פריִער פאַר אַנדערע אויפצוכאַפּן די קאָמאַנדע, אֲפילו נאָך מיט אַ טיילעכל סעקונדע פריִער, ווי זי איז דערגאַנגען צו מיין אויער.

נאָר דאָ האָט זיך דערהערט אַזאַ שרעקלעכער קלאַנג, אַז איך האָב זיך פאַרלוירן. „מי־אַו־ו״. עס האָבן זיך אַ שאָט געטאָן קלעפּ פון שטעקנס איבער אונדזערע קעפּ און פלייצעס. און ווידער האָט אַ סקריפּע געטאָן: „מי־אַ־אַ!״ ניט גלייך האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז דאָס באַטייט „מיטצען אַב״; די היטלען ווערן מאָמענטאַל אַראָפּ־געריסן פון די קעפּ. עמעצער פאַרשפּעטיקט. ווערן ווידער געלאָזן אין גאַנג די שטעקנס. „מי־אַו־ו!״ אַהאַ! דאָס באַטייט געוויס „מיטצען אַוּף״. די היטלען זיינען שוין אויף די קעפּ, נאָר דער שטעקן זעצט פאָר זיין ווילדן טאַנץ. מיך פאַרשטעלן די דערוואַקסענע.

ביים טאַטן איז צעריסן אַן אויער, אין קאָלאָנע וויינט מען און מען שרייט. דאָס האַרץ קלאַפּט ביי מיר מוראדיק שטאַרק. איך באַמי זיך איינצוקאָרטשען, ווערן נאָך קלענער. איצט פאַרשטיי איך שוין גוט אָט דעם גרילצנדיקן געהויל. לויטן ערשטן קלאַנג פיל איך אויס די קאָמאַנדע.

מען גלייכט אויס די קאָלאָנע און מען שלאָגט; מען רוקט אונדז אָפּ און מען שלאָגט; מען רוקט אונדז אַרויס און מען שלאָגט. מען שלאָגט, מען שלאָגט, מען שלאָגט.

עס דערנענטערן זיך שווערע טריט. מיר שטייען אויסגעצויגענע, די היטלען אין די הענט, צוגעדריקט צו דער זייט. די אויגן מיינע קוקן אויפן נאַקן פון פאָרויס־שטייענדיקן. צום טייוול! איך האָב, דוכט מיר, זיך שלעכט אויסגעגלייכט. ניט שוין זשע וועט מען עס באַמערקן? די טריט דערנענטערן זיך. פון שרעק בין איך גרייט אַרויסצולאָזן אַ געשריי. די קני ציטערן און אין גאָרגל איז איבערגעטריקנט, עס

שטיקט עפּעס דעם האַלדז. סוף סוף דערזע איך אַ האַנט. אַ האַנט, וואָס האַלט אַ שטעקן, אַפילו ניט קיין שטעקן, נאָר סתם אַ דרענגל. די האַנט איז אַ לאַנגע, מיט קורצע קרומע פינגער, ווי ביי אַ טכויר. האַרץ מיינס, האַרץ! קלאַפּ ניט אַזוי הויך! אַניט וועט די דאָזיקע האַנט דערהערן. זי איז פאַרגאַנגען אויף הינטן, באַלד וועט זי באַמערקן, אַז איך שטיי ניט גלייך. נו, טו שוין אַ קלאַפּ, אַ זעץ! איך קען שוין מער ניט וואַרטן! קלאַפּ! איך קריג אַ שטאַרקן שטויס אין דער זייט. איך פאַל און שפּרינג גלייך אויף צוריק. עס קריצט ביי יענעם אין מויל: „פערפלוכטע שוויינע!"

די לאַנגע האַנט האָט זיך אויפגעהויבן און מיט כוח זיך אַראָפּגעלאָזט אויף פּלייצעס, קעפּ און אַקסלען. „לערנט זיך אויס צו שטיין ווי עס באַדאַרף צו זיין. צי אפשר ווילט איר בלייבן נאָך אויף איין לימוד?!"

מען שווייגט. מען גלייכט זיך אויס. דאָס דרענגל לאָזט זיך אַראָפּ, נאָר עס פּאַרטשעפּעט קיינעם ניט. די חיה איז צופרידן, היינט איז זי שוין זאַט.

— אין די באַראַקן!

עמעצער האָט ניט אויסגעהאַלטן די לערע און וועט זיך שוין ניט אומקערן אין באַראַק. און אַזוי טאָג נאָך טאָג...

דערמאָנענדיק זיך אין לאַנדסבערג, הער איך אויף צו טראַכטן וועגן דעם, וואָס עס שטייט אונדז פאָר.

דאָס אומאויפהערלעכע קלאַפּן פון די רעדער ווערט פּלוצעם פאַרוואַנדלט אין אַ גרילצעריי. אַ שטאַרקער שטויס שליידערט אָפּ די חברה פון די שפּאַרונעס. מיט אַ גערויש עפענען זיך אויף די טירן.

מיר ווערן פאַרבלענדעט פון העלע פּראָזשעקטאָר־שטראַלן און פאַרטויבט פון חיהשע אויסגעשרייען פון די עסעסאָווצעס:

— ראַוס, ראַוס! שנעלער, פערפלוכטע יודענבובען!

מיר שפּרינגען אַרויס פון די וואַגאָנען. מיר דערזעען וועכטער־טורעמס, טויערן, שטעכלדראָט. ס'איז פאַר אונדז קיין נייעס ניט. מיר זיינען שוין דערצו געוווינט, פּונקט ווי צו די בילנדיקע קאָמאַנדעס פון די עסעסאָווצעס. איצט איז די הויפּטזאַך — אויפמערקזאַמקייט. יעדער מוסקול, יעדער נערוו איז אָנגעשטרענגט און וואַך אויף ניט דורכצולאָזן קיין איין קאָמאַנדע און באַפעל. מאָמענטאַל אויספילן אַלץ. פון דעם הענגט אָפּ דאָס לעבן.

אונדזער עלטסטער, וואָלף, גיט אַ קאָמאַנדע, מיר זאָלן זיך אויסשטעלן, נאָר מיר האָבן זיך שוין אַליין אויסגעשטעלט. וואָלף ציילט אונדז שנעל איבער, לויפט צו צום שעף פונעם קאָנוואָי:

— הער אָבערשאַרפירער, — קנאַקט אָפּ וואָלף, — אַלע הונדערט ניין און צוואַנציק זיינען געזונט און גרייט אויסצופילן אַלע...

דער אָבערשאַרפירער הערט ניט אויס וואָלפס ראַפּאָרט ביזן סוף, טוט שנעל אָן אַ לעדערנע הענטשקע און דערלאַנגט אונדזער עלטסטן אַזאַ טראַסק, אַז יענער פאַלט אום אין בלאָטע און דרייט זיך איבער צוויי מאָל. אָבער וואָלף שפּרינגט אויף, ציט אויס די הענט אויף אונטן און בלייבט שטיין ווי פאַרגליווערט. פון זיין אויער רינט בלוט.

„איצט זיינען מיר פאַרפאַלן, — טראַכט איך. — מיר דאַרפן דאָך זיין הונדערט איין און דרייסיק!” דער עסעסאָוועץ גייט צו צו וואָלפן. ניט שוין זשע וועט ער אים ווידער שלאָגן? ער גייט צו אים צו און קוקט אים אַריין אין די אויגן מיט אַ מין נייגעריקייט. פּלוצעם צעלאַכט ער זיך.

— אויסגעצייכנט! — שרייט ער, — ווונדערלעך! פאַרגעדענק, דאָס איז אוישוויץ!

## אַ באָד צו אַ קרעמאַטאָריום ?

מיר ליגן אויף ליימיקער ערד, וואָס איז אָנגעשוואָלן פון רעגן. לעבן אונדז — טאָרבעלעך מיט אונדזערע זאַכן, אַ שיסל און אַ לעפל. מיר ליגן אויף דער רעכטער זייט אין גלייכע רייען, פונקט אַזוי ווי מיר זיינען געשטאַנען אין „סטראָי". פינף און צוואַנציק רייען צו פינף חברה ; אין איין ריי — פיר. הונדערט ניין און צוואַנציק אסירים. וועגן די צוויי אַנטלאָפענע האָט מען זיך ניט נאָכגעפרעגט.

די עסעסאָווצעסריידן זיך איבער אויף אַ קול. נאָר איצט דאַרפן מיר זיך ניט צוהערן. אַלץ איז קלאָר, מיר זיינען אין אוישוויץ, אין טויטלאַגער. שוידערלעכע קלאַנגען וועגן אָט דעם לאַגער זיינען נאָך פריִער צו אונדז דערגאַנגען.

די ערד איז קלעפיק און קאַלט. איך באַמי זיך אויפצוהערן ציטערן. די רעכטע זייט איז ווי אָפּגענומען געוואָרן, נאָר איבערדרייען זיך טאָר מען ניט — אַזאַ איז דער באַפעל. סאַראַ הימל ס'איז דאָ! קליינינקע פינטעלעך, ניט קיין שטערן קוקן אַרויס דורך ברודיק־שוואַרצע שטיקער רויך.

כאָטש דער רויך האָט זיך אויפגעהויבן אין דער הייך, פילט מען באַשיימפערלעך דעם טשאַד, וואָס האָט זיך איבערגעמישט מיט דעם עיפּושדיקן דאַמף פון דער נאַסער ליימענער ערד און סמט אָפּ די לופט.

אייניקע ייִנגלעך דרייען זיך איבער אויף דער לינקער זייט, זיי טוען עס שטילערהייט און אומבאַמערקט, דאָך ריזיקירן זיי. איך טו אויך אַזוי.

סאַראַ שרעקלעך בילד !

ריזיקע פלאַמענצונגען רייסן זיך צום הימל פון הויכע ציגלנע קוימענס. דאָס זיינען, מן הסתם, די קרעמאַטאָריומס, וועגן וועלכע מיר האָבן אַזוי פיל מאָל געהערט. אין דאַכאַו האָבן מיר זיי געזען פון דער ווייטנס. אַפילו ביי נאַכט זיינען זיי אין פולן גאַנג. הייסט עס, אַז דער טויט איז נאָנט, דאָ ביי דער זייט.

מאַמעלע מיינע, ווו ביסטו איצט ? צי לעבסטו ? טרערן שטעלן זיך אין די אויגן, פאַרשטעלן דעם קויטיק רויטן הימל. איך באַמי זיך אָפּווישן די טרערן, אַז די ייִנגלעך זאָלן ניט זען. אָבער איך באַמערק, אַז די ייִנגלעך, וועלכע ליגן פאַר מיר,

טוען דאָס זעלבע. פאַרשטייט זיך, אַז אַלע קלערן איצט וועגן איינעם און דעם זעלבן — וועגן די אייגענע...

ביי דעם שמוציקן פייער פון די קרעמאַטאָריומס באַמערקן מיר אין דער פינצטערניש אַ לאַנגן באַראַק און אַ מאַסע מענטשן לעבן אים. דוכט זיך, אַז די מענטשן באַוועגן זיך אין דער ריכטונג צו אונדז. עס הערן זיך פאַרטויבטע געשרייען, דערנאָך ווערט דער גערויש שטאַרקער. איצט קען מען שוין זען באַזונדערע פיגורן. אָבער פאַר וואָס זיינען זיי אַזוי שרעקלעך אָנגעטאָן?

דאָס אָנטאָן איז ווי צוגעקלעפּט צום לייב, די קעפּ זיינען גלאַטע, מען זעט ניט קיין היטל, קיין האָר. פּלוצעם האָב איך פאַרשטאַנען, אַז דאָס זיינען פרויען; נאַקעטע, אָפּגעשאָרענע פרויען. וווּהין טרייבט מען זיי? אפשר זיינען צווישן זיי פאַראַן אונדזערע מאַמעס פון שטוטהאָף? מען האָט דאָך זיי, פונקט ווי אונדז, געקענט ברענגען קיין אוישוויץ.

דער מהלך צווישן אונדז און די פרויען פאַרקלענערט זיך.

מיט געשרייען און קלעפּ פאַרטרייבן אונדז די עסעסאָווצעס פון אָרט און מיר טרעטן אָפּ דעם וועג דער גרויסער מחנה פרויען.

— קינדערלעך, טייערע, פון וואַנען זייט איר? — הערן מיר אויסגעשרייען אויף יידיש.

— מיר זיינען פון ביאַליסטאָק!

— איך בין פון ראַדאָם!

— ווו זיינען אונדזערע אייגענע?

מיר האָבן שטומערהייט, מיט שרעק געקוקט, ווי די פיגורן פון די פרויען, צונויפגעקלעפּטע אין איין מאַסע, רוקן זיך פאַרויס איבערן וועג, אויף וועלכן מיר זיינען נאָר וואָס געלעגן, און זיי ווערן פאַרשווונדן אין דער פינצטערניש.

***

באַגינען איז דאָס פייער איבער די קוימענס פון די קרעמאַטאָריומס קלענער געוואָרן און מיט די ערשטע זונשטראַלן אין גאַנצן זיך אויסגעלאָשן.

דער רויך איז פאַרשווונדן, די לופט איז געוואָרן ריינער, נאָר דער בייטעם פון געשטאַנק פאַרפאָלגט מיך די גאַנצע צייט.

מען טרייבט אונדז דורך די טויערן. אַ הויכער קאַצעטניק אין געשטרייפּטע בגדים, מיט אַ ווייס בענדל אויפן אָרבל, אויף וועלכן ס'איז אָנגעשריבן „לאַגער־עלטעסטער", ציילט אונדזערע רייען און זשאַלעוועט אונדז ניט קיין קלעפּ.

באַלד דערהערט זיך אַ הויכער ציטערנדיקער געקלאַנג פונעם גאָנג. אין עטלעכע מינוט אַרום שיטן זיך אַרויס פון די באַראַקן די קאַצעטניקעס.

אונדז, פֿאַרקערט, טרייבט מען אַריין אין אַ לאַנגן באַראַק, ביים אַריינגאַנג פֿון וועלכן ס׳איז אָנגעשריבן „בלאָק 3״. כמעט איבער דער גאַנצער לענג פֿונעם באַראַק ציט זיך אַ נידעריקער אויוון. פֿון ביידע זייטן — דריישטאָקיקע הילצערנע נאַרעס.

מיר האָבן זיך ניט באַוויזן אַרומקוקן, ווי פֿון אונטער דער ערד איז אויסגעוואַקסן אַ דאַרער פֿריילעכער קאַצעטניק מיט ברילן אויף דער נאָז. אויף זיין געשטרייפטן לאַגער־רעקל איז צוגענייט אַ נומער און אונטער אים — אַ רויטער דרייעק (אינטערעסאַנט, וואָס איז דאָס פֿאַר אַ סימן?). אויפֿן אַרבל — אַ בענדל מיט אַן אויפֿשריפֿט „בלאָק־עלטעסטער״.

— נו, מיינע קינדער, — ווענדעט ער זיך צו אונדז אויף אַ געמישט פּויליש־דייטשישן לשון, — איר האָט, נאַטירלעך, זיך אויסגעהונגערט, ווי די שדים. שטילער! ווער דרייט עס דאָרטן זיין קאַטערינקע? עס רעדט דאָך דער נאַטשאַלניק. עסן וועט איר באַלד באַקומען, כאָטש איר האָט עס נאָך ניט פֿאַרדינט. און איצט מאַרש צו די איבערבעטן. אָט דאָרט ליגן זיי, איר זעט? אייך דוכט זיך, אַז דאָס זיינען זעק מיט שטרוי? דאָס איז דערפֿאַר, ווייל איר זייט אידיאָטן. דאָס זיינען איבערבעטן. נו, צעלייגט זיי מאָמענטאַל אויף די נאַרעס פֿון ביידע זייטן. בעט אויס אַלע דריי שטאָק, נאָר שנעל, שנעל! פֿינף מינוט! ווער פֿון אייך איז דער עלטסטער? דו? ווי רופֿט מען דיך?

ער ווייזט מיטן פֿינגער אויף ווואָלפֿן און שרייט אויף אַ קול.

וואָלף ציט זיך אויס, ווי אַ סטרונע, און שרייט אויך:

— וואָלף, הער בלאָק־עלטעסטער!

— וואָס איז עס פֿאַר אַ „שטעמפּל״ ביי דיר אויף דער באַק? גיי וואַש זיך אַרום. אָט דאָרט, אין ווינקל, איז מיין פּערזענלעכע וואַש־שיסל; קום גלייך צוריק.

דער „בלאָק־עלטעסטער״ איז, ווייזט אויס, אַ גוטער מענטש. ער האָט קיינעם אַפֿילו קיין פּאַטש ניט געגעבן. ער חכמעט זיך מיט אונדז, כאָטש ער גוואַלדעוועט דערביי. נאָר אין וועלכן לאַגער שרייען ניט די נאַטשאַלניקעס!? אונדז האָט שטאַרק אָפּגעגליקט. מיט אַזאַ, ווי ער, קען מען דורכקומען. עמעצער האָט שוין באַוויזן אים צו געבן דעם צונאָמען דער „פֿריילעכער טייוול״. און ער, דער „פֿריילעכער טייוול״, גייט אַרום צווישן די נאַרעס, שרייט און באַווייזט געדולדיק ווי אַזוי מען דאַרף אויסבעטן די „איבערבעטן״. קוים האָבן מיר באַשלאָסן „אָפּרוען אינעם וווּנדערלעכן אוישוויץ״, דאַרף מען שלאָפֿן ווי עס געהער צו זיין. פֿון זיינע חכמות ווערט אונדז לייכטער אויף דער נשמה.

דערווייל האָט אַ גרופּע יינגלעך, וועלכע וואָלף האָט אויסגעטיילט, אַריינגעבראַכט עטלעכע עמער מיט „מאַנע־קאַשע פֿאַר מיינע קינדער״. דער „פֿריילעכער

טייוול״ טיילט אַליין די „קאַשע״. מיר זופּן אויף גיך אויס פון די שיסלען דאָס הייסע געמויזעכץ, אין וועלכן עס געפינען זיך קוים עטלעכע גרויפּן און שטיקעלעך קאַרטאָפל. דאָס עסן געדויערט געציילטע מינוטן און מיר קוקן שוין ווידער מיט הונגעריקע אויגן אויפן „בלאָק־עלטעסטן״, ווייל מיר ווייסן, אַז עס זיינען נאָך פאַראַן צוויי פולע עמער.

— אָט אַזוי וועט איר מיך אויך אויפעסן! — שרייט דער „פריילעכער טייוול״ — נו, גוט, גוט, טיילט אַליין. — ער רופט צו וואָלפן און אַליין גייט ער אַרויס פון באַראַק.

דער „מיטאָג״ איז פאַרענדיקט. מיר לעקן אויס די שיסלען. דער מאָגן איז כלומרשט פול, נאָר קיין זאַטקייט פילט זיך ניט.

אין גיכן קערט זיך אום דער „פריילעכער טייוול״. ער איז עפּעס צערודערט.

— יונגען, יונגען, — ער שרייט שוין ניט, נאָר רעדט שטיל, — איר, ווייזט זיך אַרויס, זייט שמוציק און פאַרלייזיקט און זייט אַריינגעפאַלן אַהער צופעליק, ניט לויטן אַדרעס. מען וועט אייך באָדן און דעזינפעקציאָנירן.

עס וואַקסט אויס אין דער טיר אַן עסעסאָווער אין דער באַגלייטונג פון „לאַגער־עלטעסטן״.

— אַכטונג! מיטצען אַב! — שרייט דער „לאַגער־עלטעסטער״.

מיר פילן מאָמענטאַל אויס דעם באַפעל. דער „בלאָק־עלטעסטער״ לויפט צום עסעסאָווער און ראַפּאָרטירט.

דער עסעסאָווער גייט צו, באַטראַכט אונדז פון קאָפּ ביז די פיס, שאָקלט מיטן קאָפּ און האַלט פאַר אונדז אַ קורצע רעדע.

דעם עסעסאָווער איז, מסתמא, הייס. ער נעמט אַרויס פון קעשענע אַ זיידן נאָז־טיכל, טראָגט עס צו ערשט צו דער נאָז, אָטעמט איין דעם ריח פון פּאַרפומען, דערנאָך טראָגט ער צו דאָס נאָזטיכל צום שטערן און ווישט פּאַמעלעך אָפּ דעם שווייס.

— נו, יונגען — ענדיקט ער, איצט גרייט זיך צו ניט קיין ווייטער רייזע. מיר האָבן ליב זויבערע מענטשן און ניט קיין שמוציקע חזרים.

ער גייט צו צו אונדזער קליינוואַרג און גיט יעדערן אַ קאָנפעקטל.

דער „פריילעכער טייוול״ פירט אונדז אַרויס פונעם בלאָק און גיט אונדז איבער דעם „לאַגער־עלטעסטן״. יענער ציילט אונדז איבער און פירט אַרויס פון יענער זייט טויער. עס רינגלען אונדז אַרום עסעסאָווצעס מיט אויטאָמאַטן אין די הענט.

— אויסשטעלן זיך, אויסגלייכן די רייען, לאָס, לאָס! — שרייען זיי. — עס וואַרט אויף אייך די באָד.

מען טרייבט אונדז דורך אַ גלייכן וועג. די וואַך האַלט אין איין שרייען. מיר

לויפן כמעט. צו וואָס איז די איילעניש? מען טרייבט דאָך אונדז אין באָד אַריין. מען דאַרף אונדז באָדן. מיר טאָרן ניט זיין פאַרלייזיקט. אַרום און אַרום איז ריין. אויפן וועג זעט מען אַפילו קיין פּאַפּירעלע ניט. ביים סוף פון דעם דאָזיקן וועג וואַקסט אויס אַ גרויסע ציגלנע געביידע מיט אַ הויכן קוימען, פון וועלכן עס זעצט אַ געדיכטער רויך. דאָס איז דאָך אַ קרעמאַטאָריום! שוין אַ סוף. טויט. נאָר מען טאָר ניט אַריינפאַלן אין קיין פּאַניק. מן הסתם איז דאָרט ערגעץ נאָנט די באָד. פון דער וויטנס זעט מען אויך אַנדערע קרעמאַטאָריומס. פון אַלע קוימענס גייט אין דער הויך, צום הימל, אַ רויך. מיר איילן אַלץ. „לאָס, לאָס! שנעלער, שנעלער!" — איבער דער פּלייצע טוט מיר אַ זעץ אַ שטעקן. מיר לויפן.

נעכטן שפּעט אין אָוונט האָט מען פאַרביי אונדז געטריבן אַ גרופּע נאַקעטע פרויען. זיי זיינען שוין געוויס ניטאָ. פון זיך אַליין הייבן זיך אויף די אויגן צו דער הייך, צום שוואַרצן רויך, גלייך ווי איך וואָלט דאָרטן געזוכט שפּורן פון די מענטשן. אַרום און אַרום — שטעכלדראָט, וועכטער־טורעמס און באַראַקן, באַראַקן — אָן אַ שיעור באַראַקן. אַ גאַנצע שטאָט פון באַראַקן. זיי שטייען אין אַ שטרענגער אָרדענונג, אין רייען, ווי סאָלדאַטן. סאָלדאַטן, געבונדענע מיט שטעכלדראָט. ס'איז ניטאָ קיין מעגלעכקייט צו קוקן אין די זייטן. נאָר וואָס איז די נפקא־מינא, וואָס קער איך זיך אָן צו זיי? מען טרייבט אונדז פאָרויס. די קוימענס פון די קרעמאַ־טאָריומס קוקן גלייך אויף אונדז. צוזאַמען מיטן רויך לאָזן זיי אַרויס אַ פלאַם. דער טשאַד עסט זיך איין אין אונדזערע לונגען. אינסטינקטיוו נעמען מיר זיך אָן פאַר די הענט און, ניט פאַרקלענערנדיק דעם שפּאַן, מיט צונויפגעשלאָסענע הענט, דערנענטערן מיר זיך... מיר האָבן שוין פון לאַנג זיך צוגעגרייט צום טויט. נאָר צי זיינען מיר גרייט אַצינד? אָט די מינוט? אויפן טויער פונעם גרויסן הויז הענגט אָן אויפשריפט: „באָד". אפשר איז עס פאָרט ניט קיין טויט? און אָט זיינען מיר אין הויף. אַ שרעקלעכער הויף. דאָרט געפינט זיך אַ קרעמאַטאָריום. נאָך עפּעס אַ באַראַק. געוויס אַ באָד. דאָ דאַרף מען אונדז אויסבאָדן.

עפּעס אַ קאַצעטניק אין אַ גרויען כאַלאַט שרייט צו אונדז:

— זעצן זיך! גלייך זיך זעצן, ביז מען וועט ניט רופן אין באָד!

דאָס קליינוואַרג האָט אָנגעהויבן צו כניקען. זיי רייסן ניט אָפּ דעם בליק פונעם הויכן קוימען. זיי פאַרשטייען אַלץ, אונדזערע קליינע זקנימלעך.

איך בייג זיך אָן צו איינעם פון זיי און זאָג שטיל:

— וויין ניט, לייזערקע. ס'איז דיר קאַלט, צי וואָס? ציטער ניט אַזוי, עס קענען נאָך באַמערקן די עסעסאָווצעס, דו הערסט? באַרויִק זיך! אָט וועט מען אונדז אויסבאָדן, דעמאָלט וועלן מיר זיך דערוואַרעמען.

לייזערקע כליפעט:

— טאַקע באַלד וועסטו זיך דאָ דערוואַרעמען... מען וואַרט אויף אונדז... באַלד וועט נעמען צו אונדז אַלעמען אַ סוף...

— וואָס פּלאַפּלסטו, ביסט אַראָפּ פון זינען, — איך רייד איין לייזערקען און איינצייטיק זיך אַליין. — איך האָב אַליין געהערט, ווי אַן עסעסאָווער האָט געזאָגט, אַז מען וועט אונדז אויסבאָדן און צוריק אָוועקטרייבן אין לאַגער. דו מיינסט, אַז מען האָט אומזיסט אונדז היינט געגעבן עסן?

לייזערקע הערט אויף צו כניקען. דוכט זיך, אַז מיינע לעצטע ווערטער האָבן אים איבערצייגט.

און די צייט ציט זיך קוים קוים. די זון שטייט הויך, זי ברענט מוראדיק. עס ווילט זיך אַ טרונק. דער דאָרשט איז נאָך ערגער פון דער שרעק.

איבערן הויף לויפן אַרום אסירים אין גרויע כאַלאַטן. זיי טראָגן אַרויס פון דער ציגלנער געביידע אָנטאָן און לייגן דאָס צונויף אין אַ ווינקל פון הויף. באַזונדער איז צונויפגעלייגט שוכוואַרג, באַזונדער — בגדים. ווער האָט די דאָזיקע זאַכן געטראָגן? אָט דאָ ערשט ניט לאַנג האָבן מענטשן געטראָגן אָט די שיך, אָט די קליידער. ניט שוין זשע זיינען זיי שוין איצט ניטאָ, די מענטשן? כ׳האָב מורא אויפצוהייבן דעם בליק צו דעם רייכערנדיקן קוימען. ווי שרעקלעך ס׳איז דאָ, און עס שטינקט — אַ שרעק. פון הינטער דעם הויפן קליידער זעט מען אַקוראַט צונויפ־געשטעלטע אין אַ ריי קינדערשע וועגעלעך. אַך סאַראַ שיינע, פאַרשיידנקאָליריקע...

עס גייט דורך עפּעס אַ קאַצעטלער און וואָרנט אונדז: „שטילער. דער לאַגער־דאָקטער מענגעלע אַליין איז געקומען. האַלט זיך שטיל, חברה!״

מיר שווייגן במילא. מיר זיצן אויף דער ערד, די פיס זיינען שוין פאַרגליווערט געוואָרן און מיר האָבן זיך ניט וווהין אויסצובאַהאַלטן פון דער ברענענדיקער זון.

און אָט האָט זיך באַוויזן דער לאַגער־דאָקטער. אַ הויכער, אַ לאַנגפיסיקער עסעסאָווער מיט גלאַנציקע שטיוול, אין אַ ברייטן, ווייסן און צעשפּיליעטן כאַלאַט. אין מויל שטעקט ביי אים ניט קיין אָנגעצונדענער סיגאַרעט, וועלכן ער וואַרפט קונציק איבער פון איין ווינקל פונעם מויל אין צווייטן. ניט איילנדיק דערנענטערט ער זיך צו אונדז.

עפּעס אַ קאַצעטניק שרייט:

— אויפשטיין! אַכטונג! מיטצען אַב!

מיר שפּרינגען אויף. די פיס זיינען ווי אָפּגענומען. ס׳איז שווער צו שטיין. דער לאַגער־דאָקטער שרייט צו אונדז:

— שנעל, זיך באַדען!

מיר האָבן פאַרשטאַנען. מענגעלע דרייט זיך אויס צו אונדז מיט דער פּלייצע און לאָזט זיך צו דער ציגלנער געביידע. ער מאַכט מיט דער האַנט, אַז מיר זאָלן גיין נאָך אים. ניט שוין זשע אין קרעמאַטאָריום? נאָר אויף צו טראַכטן איז ניטאָ קיין צייט. וואָלף שטעלט אונדז אויס און גיט אָפּ אַ קאָמאַנדע:

— פאָרוועַרטס! איינס, צוויי, דריי!

ער פירט אונדז צו דער טיר, אין וועלכער ס׳איז נאָר וואָס אַריין דער לאַגער־דאָקטער.

— טיפש, — האָט עמעצער ניט אויסגעהאַלטן, — וווּהין איילסטו זיך, אין גיהנום?

— אפשר וועט דער באַנדיט פאַרגעסן אין אונדז? — האָבן אַנדערע אונטער־געהאַלטן.

אין דער טיר באַווייזט זיך אַ קאַצעטלער אין אַ גרויען כאַלאַט. אויפן אָרבל איז ביי אים אָנגעניית אַ בענדל מיט צוויי אותיות: ס.ק. געוויס באַטייט עס „סאַניטאַר־קאָמאַנדע". און אפשר „זאָנדער־קאָמאַנדע"? מיר האָבן געוווּסט, אַז אין קאָוונע, אויפן ניינטן פאָרט, ווו מען האָט געהרגעט די ייִדן, האָבן די אסירים פון דער „זאָנדער־קאָמאַנדע" פאַרברענט די טויטע קערפּערס.

— אויפהערן צו ריידן, כאָלערעס. פאַרשטענדלעך? — שרייט ער און, ווענדנ־דיק זיך צו וואָלפן, גיט ער צו: — איי, דו לאַנגער, שטעל זיך אין דער ריי! וווּהין קריכסטו, גולם? דיין אָרט איז צום סוף. אָט אַזוי. איצט גייט אַריין צו צוויי אין אָט דער טיר און מען זאָל פון אייך קיין פּיפּס ניט הערן. אָבער שנעלער, איינס און צוויי!

מיר גייען געשווינד אַריין אין אַ גרויסן צימער. אויף לאַנגע בענק ליגן צונויפ־געלייגטע מלבושים. אונטער די בענק זיינען אויסגעשטעלט אין אַ ריי שיך.

— גיך טוט זיך אויס, פּרענדקאָ, פּרענדקאָ כאָלעראַ יאַסנאַ! גייט אַריין זיך באָדן אין דער צווייטער טיר. נו! דאָס אָנטאָן און די שיך צונויפלייגן אויף אָט די בענק.

גיכער פון אַלע האָט זיך אויסגעטאָן יודל. ער איז אַלט פערצן יאָר. ער גייט צו צום קאַצעטלער און פרעגט מיט אַ טרויעריקן טאָן:

— מיר בלייבן לעבן, פּאַן נאַטשאַלניק?

— וואָס פאַר אַ נאַטשאַלניק בין איך דיר? איי, הינטישע זין, גיכער אָ ביסל! — שרייט ער צו די איבעריקע און גייט גיך אַרויס פון צימער. יודל האָט זיך אויף קיין ענטפער פון אים ניט דערוואַרט.

אומגעריכט באַוויזט זיך אַן אַנדער קאַצעטלער. ער עפנט נאָך איין טיר און אַן שום רייד טרייבט ער אונדז ווייטער.

איז עס אויף אַן אמת טאַקע אַ באָד? אויפן סופיט הענגען דושן, הייסט עס, אַז מען וועט אונדז טאַקע באָדן. איך דערפיל אַזאַ שוואַכקייט אין די פיס, אַז איך פאַל שיער ניט אום. ניין, דער דאָזיקער צימער איז ניט ענלעך אויף קיין גאַזקאַמער. ניין, ניין!... דאָס איז אַ דוש. אַ דוש.

די געדאַנקען פּלאָנטערן זיך. מיט עפּעס אַ טעמפּן בליק קוק איך צום סופיט און וואַרט, אַז ס׳זאָל אַ שפּריץ טאָן וואַסער. איך וואַרט אויף אַ נס. עמעצער פון די חברה נעמט וויינען, נאָר שטיקנדיק זיך מיט טרערן, ווערט ער באַלד אַנטשוויגן. מיט אַ מאָל דערגייט צו מיר עפּעס אַ זשומעריי; יאָ, דאָס זיינען מענטשלעכע קולות. איך האָב מורא אָפּצורייסן דעם בליק פונעם סופיט, ווי פון דעם וואָלט געווען אָפּהענגיק מיין לעבן. נאָר דער גערויש פון די מענטשלעכע שטימעס, וואָס ריידן אויף פאַר אונדז ניט קיין פאַרשטענדלעכער שפּראַך, צווינגט מיך זיך אַרומצוקוקן.

מיין פריינט בוביק רוימט מיר איין עפּעס אין אויער, נאָר איך הער ניט, וואָס ער זאָגט. אין אַ וויטן ווינקל פון דער באָד האָבן זיך צונויפגעשטופּט עפּעס מאָדנע, קליינינקע, דאַרע באַשעפעניש. סאַראַ צעקנייטשטע זקנישע פּנימער! דאָס זיינען דאָך ליליפּוטן! ווי האָב איך עס פריִער ניט באַמערקט? אויב זיי זיינען מיט אונדז, הייסט עס, אַז אַלץ איז פאַרפאַלן. אַ סוף. ווער דאַרף זיי האָבן? און אונדז? איינער פון די ליליפּוטן לאָזט אַרויס אַ גרילצנדיק געשריי און פאַלט אויף די קני. דאָס זעלבע טוען די איבעריקע. דער גרויסער באָדצימער ווערט אָנגעפילט מיט געשריי און יאָמער. די ליליפּוטן ציילעמען זיך און טוען תפילה, שלאָגן זיך מיט די קעפּ אינעם צעמענטענעם דיל. קוקנדיק אויף זיי, הייבן אָן צו כליפּען אונדזערע קליינע חברה. בוביק טרייסלט מיך פאַרן אַקסל, נאָר איך שטיי ווי אַ שטיינערנער. אַלע קלאַנגען שפּרינגען אָפּ פון מיר, דערגייען ניט צו מיין באַוווסטזיין.

און פּלוצעם האָט עפּעס באַקאַנטס געגומען קלינגען אין דער לופטן. אַהאַ! דאָס איז דאָך ווולפס שטימע. וואָס וויל ער?

— אַכטונג, שטיל! פאַרציט אַ ליד, חברה, אַ ליד!

און ליוסקע, מיין פריינט ליוסקע, אָט דער שטילינקער, דער פּחדנותדיקער ליוסקע פּאָליאַק, האָט אָנגעהויבן זינגען. אַנדערע האָבן אים אונטערגעכאַפּט. איך אַליין האָב ניט באַמערקט, ווי איך האָב אויך גענומען זינגען. אונדזער געזאַנג האָט פאַרהילכט דעם טרויעריקן געוויאָי פון די ליליפּוטן. יענע זיינען סוף כל סוף אַנטשוויגן געוואָרן און פאַרוווּנדערטע און דערשראָקענע זיך צוגעהערט צו אונדזער געזאַנג.

פלוצעם האָט אַ שפּריץ געטאָן וואַסער. צום אָנהייב קאַלטע און צעריסענע שטראָמעלעך, דערנאָך שווערע, שלאָגנדיקע הייסע שטראָמען, וועלכע האָבן מיט כעס געקלאַפּט איבער די קעפּ און איבער די אַקסלען.

דאָס ליד איז איבערגעריסן געוואָרן. ס׳איז שטיל. מען הערט נאָר דעם גערויש פונעם פאַלנדיקן וואַסער.

וואַסער! וואַסער! מיר לעבן!...

נתן ילין־מור

# מחתרת ציונית בחסות הסובייטים

לאחר כניסת הצבא האדום למזרחה של פולין, ניסינו קבוצת צעי־רים מבית"ר ומן התאים המחתרתיים של אצ"ל, לעבור לרומניה. נכשלנו. הגבול כבר היה סגור ושמור.

על סמך הידיעה בדבר הסכם סובייטי־ליטאי אצנו לווילנה שעתידה היתה לעבור לתחום ליטא. קיווינו למצוא דרך להגיע משם לארץ־ישראל. הרגשנו שהקרקע בוערת מתחת לרגלינו. ליטאים מפוכחים קבעו: „וילניוס מוּסוּ ליאֶטובה רוסו" — „וילנא שלנו, ליטא של הרוסים".



יוסף גלאזמן

חששנו כי הם צודקים. בייחוד, שליטא העניקה לסוביאֶטים בסיסים צבאיים בארצה.

חששנו התאמת בקיץ 1940. הסוביאֶטים היו שליטיה של ליטא, שצורפה לברית־המועצות יחד עם שאר שתי הארצות הבאלטיות, לא־טביה ואֶסטוניה. כעבור שבועות מעטים הופעל ה„קומסומול", כדי לספק אינפורמציה על אנשים שונים, לפי רשימה מיוחדת. הייתי אחד מאלה. למזלי חיפשו אותי בחצי הפחות־ידוע משם משפחתי הכפול, פרידמן־ילין. עובדה זו נטעה בי אומץ להגיש בקשה להיתר יציאה, משהכריזו השלטונות הסוביאֶטיים על אפשרות כזאת. אך זה חייב גם נקיטת אמצעי־זהירות מיוחדים: החלפתי חדר, השתדלתי שלא להי־ראות כמעט בחוצות וילנא. השכם בבוקר הייתי יוצא ברכבת הראשונה לקובנא. כל פעם הייתי נפגש עם יוסף גלאַזמן, נציב בית"ר בליטא והאחראי על תאי האצ"ל שם. במשך חודשי הדאגה המשותפת הת־יידדנו מאד והיינו לחברים קרובים. לא היה כמעט דבר שעשה אחד מאתנו בלא להיוועץ בחברו.

כמו בימים האחרים, ישבתי גם אותו בוקר ב„ואַגאֶטארישקה ואַלגיקלה", המסעדה הצמחונית, בקובנא. חיכיתי ליוסף גלאַזמן שיחזור מביקורו השיגרתי בבנין השגרירות הסוביאֶטית לשעבר, שהיה — לאחר צירוף ליטא לברית המועצות — למשרד מרכזי של נ.ק.וו.ד. בשביל הרפו־בליקה החדשה. למשרד זה הגיש יוסף בקשה להיתר־יציאה.

אנחנו, פליטי פולין בווילנא, הקדמנו אותו. מסיבה פשוטה, שבוויל־נא הקדימו הסוביאֶטים לפתוח את המשרד ולהכריז על קבלת בקשות להיתרי־יציאה מברית־המועצות.

בלבּ הפליטים היו ההיסוסים רבים, אם להגיש בקשה. היו שסברו כי אין זו אלא מלכודת: יקבלו פרטים מדויקים על כל מי שרוצה לעזוב את המדינה הסוביאֶטית, ויום אחד יאספו אותם כאסוף ביצים עזובות, כדי לשלחם למחוזות רחוקים. הדבר ייעשה למען בטחונה של ברית־המועצות, שלא להשאיר יסודות עוינים ברפובליקות הספר.

ההגרשה האופטימית גרסה, לעומת זאת, כי שום תועלת לא תצמח לשלטון הסוביאֶטי מטיפול כזה בפליטים. אלה, ברבבותיהם, היו בעלי קשרים ענפים בחו"ל והיעלמותם היתה מעוררת בודאי רוגז ורעש בעולם. לאחר מלחמת פינלאַנד, חלוקת פולין בברית עם גרמניה, וההש־תלטות על שלוש הארצות הבאלטיות, אין הקרמלין מעונין, כך סברנו

וקיווינו, להגביר את רגשות האיבה אליה במערב, עקב מעשה חסר־תועלת. על כן, יתכן שהשלטון הסוביאֶטי יעדיף לפתור את הבעיה בהענקת היתרי־יציאה לרוב הפליטים שיבקשו זאת.

מילאנו שאלונים ארוכים. במתן התשובות השקענו מאמץ מחשבתי רב ואת עצותיו של החוש השישי, המתפתח באדם במצבים קשים ועדי־נים. בתשובותינו לא מסרנו מידע כוזב. אבל גם לא כתבנו את כל האמת. אילו הועמדנו לדין, היינו יכולים לטעון בלב שקט, בשבועה: אמת דיברנו.

היסוסיו של יוסף גלאַזמן היו חמורים במיוחד, משום שהעובדות הנוגעות בו היו קשות יותר. הוא לא היה פליט, אלא אזרח ליטאי. הוא לא היה יכול לטעון כי בקשתו נובעת מהיותו ערירי וחסר כל שורשים במקום. בקשתו להיתר־יציאה עלולה להתפרש ביתר־קלות כביטוי של איבה למשטר הסוביאֶטי.

שקלנו תחילה, שמא כדאי שגם הוא יגיש את בקשתו בווילנא, בתעודות מזויפות של פליט. שכן, הכל הכירוהו והוקירוהו בליטא. הכל ידעו שהוא נציב בית״ר במקום, נערץ על המוני בני־נוער ומבוגרים יהודים. היה חשש שזהותו האמיתית תיגלה במהרה, על כל התוצאות המרות של עובדה זאת. יוסף זנח את הרעיון והחליט להגיש בקשה בשמו הנכון, בקובנא. מוטב שיקבל סירוב תוך הליכה ישרה, מאשר ייתפס בנסיון לרמות את הבולשת הסוביאֶטית במיסמכים מזויפים.

פעם בפעם נכנסים היינו למשרדים — גלאַזמן בקובנא ואני בווילנא — להיוודע על גורל בקשותינו. גם פה גם שם נאמר לנו, שעדיין אין הכרעה עקרונית. הענין נמצא בדיון במוסקבה. ביקור כזה במשרד הנ.ק.וו.ד. לא היה נמשך אלא דקות מעטות. רבים היו המתדפקים בתור על דלתותיו. אחרי־כן, היינו נפגשים במסעדה הצמחונית, להחליף ידיעות ורשמים.

גם אותו בוקר של סוף־קיץ 1940 הלך יוסף למשרד הזה ואני המתנתי לשובו. עברו שעה ושעתיים, ועוד שעה ושעתיים. יוסף לא הופיע. סביר היה להניח שהוא נאסר. לפי הראשון בכללי הזהירות, חייב הייתי להסתלק מן המקום. אם נאסר אדם שאתה ממתין לו במקום שקבעתם, צריך אתה להביא בחשבון שמשטרה תופיע במקומו. לא דוקא מפני שאתה חושש כי חברך בגד או נשבר בלחץ עינויים פיסיים. יתכן שימצאו אצלו רשימות, תמימות לכאורה, שיוליכו את המשטרה אליך: שמך,

או ציון־המקום שאתה יושב בו, או שניהם יחד. הפעם לא נהגתי לפי כללי הזהירות. משום־מה, לא פסה תקווה מלבי שהוא יחזור. רותקתי למקום כאילו בכבלים ולא זזתי ממנו.

החשיך היום. למסעדה נכנס אחד מעוזריו של יוסף. מקריצה באחת מגבות־עיניו הבינותי שהוא מבקש ממני לא ליקרב אליו לפי־שעה. הוא ישב, הזמין קפה בחלב וגמע מכוסו. לאחר שסקר ובחן את כל הנוכחים במסעדה, מצא מקום ישיבה אצל שולחן סמוך לשולחני.

תחילה שתק. כעבור דקות אחדות שמעתי אותו מדבר כאילו אל עצמו, כשראשו נטוי קדימה, בלי שיפנה אלי:

„יוסף לא יכול היה לבוא אליך. הוא נמצא עתה בבית ידידים. הוא מבקש שתבוא לשם בהקדם. אבל לא תיכנס, בטרם תהיה בטוח שאין עוקבים אחריך".

שילמתי את חשבוני למלצרית ויצאתי ראשון. הסתובבתי תחילה בסימטאות קטנות וריקות, מרוחקות מן המקום שם חיכה לי יוסף. איש לא הלך בעקבותי. הייתי בטוח בזה לגמרי. הגעתי לכתובת שנמסרה לי. בעלת הבית הכניסה אותי לחדר שבו ישב יוסף. כרגיל — קמוץ שפתיים, שותק.

„אני רואה שלא אכלו אותך. אתה בריא ושלם". פתחתי בנימה בדוחה, כדי להפיג את המתיחות שהצטברה בי כל היום.

„לא, לא אכלו אותי. להיפך. דברים מעניינים. שב. צריך להתייעץ".

ישבתי ויוסף החל בסיפורו המרתק.

כשבא בבוקר למשרד הנ.ק.וו.ד., הרגיש מיד כי ביקורו באותו יום יהיה שונה מביקוריו עד אז. הפקיד, שאליו פונה היה תמיד, לא השיב לו הפעם את תשובתו השיגרתית: תבוא בעוד שבוע. תחת זאת הוא ביקש את יוסף להיכנס לחדר אחר ולהמתין שם. כעבור שעה קלה, הופיע באותו חדר פקיד אחר, שביקש את יוסף להילוות אליו. עוד מעט הוכנס יוסף אל אולם גדול. מעברו האחד של שולחן משרדי ארוך ורחב ישבו שני אנשים, שיוסף לא ראה מעודו. כיסא היה מוכן בשבילו מעברו האחר של השולחן.

יוסף ישב על הכיסא כאשר התבקש. שני הזרים אשר מולו נראו כיהודים. שני הצדדים נעצו עיניהם זה בזה משני עברי השולחן. יוסף לא ידע לאמוד, אם התבוננות דוממת זו ארכה דקה או שעה. הפסיק את הדומיה אחד הזרים. הוא פנה אל יוסף ביידיש.

„אזרח גלאַזמן, נשלחנו הנה על־ידי הקומיסריאט הלאומי הסו־ביאֶטי לענייני פנים, בראשי תיבות, נ.ק.ו.ו.ד. אני מתכוון לקומיסריאט הכל־סוביאֶטי במוסקבה. נשלחנו הנה במיוחד, כשמטרתנו אחת: לנהל אתך את השיחה הזאת. אבל לפני שאנו נכנסים לשיחה ממש, הנה הקדמה קצרה: אם ייוודע לאיש זולתך שמץ מן השיחה, יהיה גורלנו — זה (והוא החוה בימינו תנועה של לחיצה על הדק אקדח ברקה הימנית). אך זה יהיה גם גורלך. אנו מאמינים שלא אנחנו ולא אתה נגיע לכך. השיחה בינינו תישאר סודית".

הדובר הפסיק לרגע, כאילו ביקש לברור את המלים המתאימות, ופתח:

„אל תשגה, אזרח גלאַזמן, ואל תחשוב לרגע אחד שאין אנו יודעים מי ומה אתה. ידוע לנו עליך הכל. לא רק שהיית המפקד הארצי של בית"ר, תנועת הנוער של ז'בוטינסקי. מלבד התפקיד הרשמי הזה היה לך עוד תפקיד, סודי ובלתי־ידוע לרוב האנשים. ידוע לנו היטב שהיית בליטא אחראי על תאים של האירגון הצבאי הלאומי, המחתרת העברית בפלשתינא.

„מדוע שלחו אותנו לשוחח אתך דוקא? ראשית, כי אנו מאמינים שאתה פטריוט יהודי גדול ואוהב את עמך כמונו. סוף סוף בנים אנו לאותו עם יהודי. שנית, וזה חשוב לא־פחות: ידוע לנו, לאחר שלמדנו את כל החומר, כי רק בין הצעירים הקשורים עמך אפשר למצוא חומר טוב, ומתאים לתפקיד שאנו עומדים להציע לך. אנו יודעים הכל. גם על הארגונים הציוניים האחרים. אבל הם אינם באים בחשבון. הם ניאָ־גאָדיה, לא־יוצלחים. כל אלה מהשומר הצעיר, החלוץ, הנוער הציוני.

„ובכן, בהיותך פטריוט יהודי, אין ספק שגורל אחיך היהודים קרוב ללבך ויקר לך. לא נעלם מעינינו שאתה וחבריך ציונים. כל שאיפותיכם מרוכזות בארץ־ישראל. אבל אסור לך לשכוח, אזרח גלאזמן, שבפלשתינא יושבים עכשיו רק כחצי־מיליון יהודים. ופה — מיליונים. שם עדיין יושבים הם לבטח. החזית רחוקה מהם. וכאן — חלק גדול מהם כבר נאנק בלחץ המגף הפאשיסטי הדורסן של גרמניה. וחלק אחר — על הגבול ממש.

„אולי נדמה לך שהיהודים היושבים בברית־המועצות, כבר חייהם בטוחים; כמו שכתב מנהיגך ולאדימיר ז'בוטינסקי בספטמבר השנה שעברה, אחרי שהצבא האדום נכנס לביאֶלורוסיה ולאוקראינה המערבית.

הוא צדק בשיקול־הדעת שלו. גורל היהודים באותם השטחים היה נורא ומר, אלמלא התקדם לשם הצבא האדום. אבל אל תחשוב שהצבא האדום הגיבור יוכל להגן עליהם לבל יאונה להם כל רע. החיה הפאשיסטית הגרמנית לא השלימה ולא תשלים עם קיומה של ברית־המועצות, המכ־חישה יום יום את התורה הגזענית שלה. היא תתנפל עלינו. הגרמנים יתקיפו אותנו. תפרוץ מלחמה איומה, שלעומתה המלחמה במערב היא משחק ילדים. ברית־המועצות לא תיפול, לא כעבור שבוע ולא כעבור שבועיים מפרוץ המלחמה. ראה את המפה התלויה פה על הקיר. ארצנו גדולה. כל אירופה המערבית היא ננס לעומת גודל השטחים של ארצנו הסוביאֶטית. אבל המלחמה תהיה איומה. לחיים ולמוות. היכן תהיה החזית? לא ידוע. אך אנו נהיה מעוניינים שכל אירופה הכבושה תהיה חזית לגרמנים. שהפאשיסטים יותקפו מן העורף. שהם יותקפו יומם ולילה על־ידי גדודי פאַרטיזאַנים".

„אמור אתה: מי עוד מסוגל להילחם בפאַשיסטים הגרמנים כמו אנו היהודים? מי עוד כבני עמנו חייהם אינם חיים אם ינצחו הפאַשיסטים? למי עוד צפויה סכנה כזאת? ודאי ידוע לך מה נעשה ביהודים בפולין הכבושה בידי ההיטלריסטים. להכות בהם, להכות בכל מקום, ובלי־הרף — זה תפקיד יהודי גדול.

„אליך אנו פונים, כי חקרו ומצאו שאתה ראוי למלא תפקיד של מארגן ומפקד של גדודי פאַרטיזאנים יהודים. יש לך בחורים אמיצים וגם מאומנים קצת בשימוש בנשק. אנו נשלים את אימונם. ניקח אותם לבית־ספר גבוה ללוחמה פאַרטיזאַנית בברית־המועצות".

כל עת שהאחד דיבר, היו עיניו של חברו נעוצות בפניו של יוסף. משתדל שלא להחסיר אף אחת מתנועותיו, המודעות והאינסטינקטי־ביות. אולם הראשון עוד לא סיים את דבריו.

„חכה, אזרח גלאזמן, אל תמהר להגיב, עוד דבר רציתי להגיד לך: על החינוך הציוני שלכם לא תצטרכו לוותר. אנו נהיה מוכנים להשלים עם העובדה שבגדודים שלך יינתן חינוך ציוני. ידברו על פלשתינא ועל החיים שם ועל החלטתכם לצאת לשם בבוא היום. בזה תהיו עצמאיים. החינוך הפוליטי יהיה מופקד בידיכם. לא יהיו לכם ‚פוליטרוקים' ממונים מטעמנו. לא נעשה נסיון לכפות עליכם דיעות מנוגדות לדי־עותיכם.

„ובכן, אזרח גלאזמן, תישארו ציונים, בהסכמתנו, בגלוי. אך תהיו

גם פאַרטיזאַנים למען היהודים שסכנה נשקפת לעצם קיומם. האם אין זו הצעה נהדרת לאידיאליסט כמוך ?".

יוסף המשיך בסיפורו, לאחר שתיקה קצרה, כדי להפריד בין דבריו לדברי האורח ממוסקבה :

„הוא השתתק ואני לא יכולתי להוציא הגה מפי. הייתי המום כל־כך, שלא יכולתי לרכז את מחשבותי. עניתי לו בגילוי־לב : „מה שאמרת לי היה כל־כך בלתי צפוי בשבילי, הצעתך היא כה מדהימה, עד כי איני מוצא כל אפשרות להשיב לך במקום ברגע זה. תן לי שהות של יומיים־שלושה. אהרהר בדבר, אוועץ במצפוני. אחר־כך, אשיב לך את תשובתי".

הוא נראה מאוכזב מדברי. אך מבטו נשאר ידידותי. פתאום לבשו פניו הבעה של חומרה. ,טוב', אמר, ,ניפגש בעוד שלושה ימים. פה. באותה שעה. אך זכור את אזהרתי' — ושוב הוא הצמיד את אצבעו אל הצדע הימנית בתנועה של לוחץ על ההדק.

ישבנו ערים, יוסף ואני, כל הלילה. בלינו אותו בניתוח המאורע. יוסף עושה מאמץ לשחזר כל מלה שנאמרה, לתאר את האווירה. ניסינו להעלות את כל ההשערות האפשריות : מלכודת לגילוי חברי התאים של אצ"ל ; נסיון לפעול נגד שאיפת העליה לארץ־ישראל, בהמצאת תחליף שובה־לב ; ועוד השערות רבות, שונות ומשונות. מכל הדברים יכולנו לקבוע רק עובדות אחדות, שנראו לנו הגיוניות וסבירות :

אכן, עומדת לפרוץ מלחמה בין גרמניה וברית־המועצות.

אין ספק שמוסקבה מעוניינת לארגן יחידות של פאַרטיזאַנים־מחבלים, שיפעלו נגד גרמניה במועד מוקדם, אפילו לפני פרוץ המלחמה ביניהן. המועמדים הבטוחים ביותר לפעולה כזאת הם צעירים יהודים. הם מחוסנים מאפשרות של בגידה בעצם היותם יהודים. גם אם ייתפסו, לא תתפרש פעולתם כפעולה בהשראה סוביאֶטית, אלא כמעשה־נקם על רדיפות בני־עמם.

שלישית, אף כי ההבטחה להתיר חינוך ציוני היא חשובה ומהפכנית, אין להפריז בערכה. היחידות יהיו כפופות לפיקוד עליון סוביאֶטי. כל האנשים יהיו גלויים וידועים לפיקוד. האם יהיה קשה לאסוף אותם עד אחד בבוא היום, כששוב לא יהיה צורך בהם ולשלח אותם למחוזות מרוחקים מאד ?

מה להשיב, אפוא, למוסקבה ? סירוב מוחלט ודאי ייחשב כגילוי

עמדה אַנטי־סוביאֶטית קישחת ועלולה להמיט אסון על ראש גלאזמן. אך גם תשובה חיובית, אי־אפשר לתת, אפילו בכוונה להתחמק ממנה מאוחר יותר. תשובה חיובית תצמיד מיד את אנשינו למקום, לחזית אחרת מזו שלמענה התגייסו. האם מותר לנו לשחק בגורלם של אנשים ?

ובכלל — איך אפשר לשקול שיקול חופשי, אם המציעים הם בני־חורין לחלוטין ומייצגים כוח אדיר, ואילו יוסף נתון לחסדם ומחר הם יכולים לצוות להשליך אותו לכלא ? האם לא יהיה זה נכון להעביר את השיחות לדרג גבוה יותר ובתנאים של שיוויון מבחינת הסיכון ? עם זאת, נראתה לנו ההצעה כמאורע בעל חשיבות היסטורית. זו הפעם הראשונה שמוסד סוביאֶטי ממלכתי, מוסד חשוב וכמעט כל־יכול, פונה אל ציוני, מציע פעולה משותפת, ומבטיח היתר לפעולה ציונית בתחומי שלטונו.

בסופו־של־דיון סיכמנו, שיוסף יחזור לנציגי מוסקבה וישיב להם כך:

הוא מבין היטב את חשיבות ההצעה ומיחס לה ערך החורג מתחומי הפרט והרגע. הוא רואה כבוד לעצמו שהמוסד הסוביאֶטי מצא אותו ראוי להביא לו הצעה כזאת, והוא מודה על האימון שרוחשים לו. ודאי שהוא וחבריו נכונים להילחם בנשק ביד נגד החיה ההיטלריסטית להצלת יהודים. הוא מאושר שיוכלו לעשות זאת בברית עם ברית־המועצות האדירה. אולם עם זאת חייב הוא להזכיר להם את הידוע להם מקודם : אין לו סמכות להכריע הכרעות גורליות על דעת עצמו. בהיותו אחראי מטעם אצ"ל, נתון הוא למרותה של המיפקדה של אירגון זה בארץ־ישראל. הוא בטוח, כי מיפקדת אצ"ל בארץ תראה כמוהו את חשיבות ההצעה ותהיה נכונה לפעול בכיוון זה, לפי תנאים מוסכמים על שני הצדדים. על כן, הוא מציע שתיערך פגישה בין נציגים מוסמכים של שני הצדדים בארץ ניטראלית, למשל טורקיה. וכדי שלא יעלה על דעתם כי בדרך זו הוא, גלאזמן, מבקש להתחמק אישית ולהימלט, הוא מביע מראש את נכונותו להישאר במקום ולשמש בן־ערובה לשמירה על סודיות הקשר.

לאחר הסיכום נותר מעט מאוד מן הלילה הארוך. ניסינו להירדם, אך לא יכולנו. משהאיר הבוקר, עזבתי את הדירה והשארתי את יוסף להרהוריו ולחרדתו.

מה היה ההמשך ?

במועד הקבוע הופיע יוסף גלאַזמן במשרד הנ.ק.וו.ד. ומסר את תשובתו. גם הפעם היו נוכחים שני האורחים. הם ביקשו לדעת פרטים

טכניים רבים, ורשמו רשימות, היה נדמה, כי אישית נראית להם ההצעה.

נקבעה פגישה נוספת לאחר שבוע. „עוד לא הגיעה תשובה ממוס־קבה”. ועוד פגישות, ועוד פגישות. בפעם החמישית או השישית לא נמצאו עוד השליחים ממוסקבה. במקומם קיבל את יוסף הפקיד המקו־מי ולא הזכיר כלל את הפגישות עם האורחים. הביקורים חזרו לשיגרה.

היתה נחמה אחת: יוסף גלאַזמן לא נאסר. גם זו לטובה.

בסוף דצמבר, עליתי לרכבת בקובנא, כשבכיסי תעודת מסע עם היתר יציאה סוביאָטי. יוסף לבדו בא ללוותני ולומר לי שלום. הוא היה היחיד שידע. יעצתי לו להמשיך במאמצים להשגת היתר־יציאה. כשזזה הרכבת, ראיתיו עומד קמוץ־שפתיים, מנפנף בידו אחת ושתיים, פונה בתנועה חדה אחורה ומסתלק מן הרציף.

הוא לא שמע, אבל ליוויתי את צעדיו בשאלה־מישאלה: מתי נתראה בארץ, יוסף?

לא זכינו. לא התראינו עוד. שאר קורותיו של יוסף גלאַזמן, הלא הם כתובים בספרי דברי־הימים של מלחמת המחתרת היהודית נגד הנאצים בווילנא. יוסף היה אחד המפקדים. הוא נפל בקרב.

ד״ר שלמה קודש

# תולדות חיי

נולדתי בקופישוק, כ״ח בתמוז תרס״ד, לאמי חנה לבית קדישוויץ, לאבי מאיר קודש. בנו בכורו של הרב מפונימונק ר׳ יצחק משה קודש. משפחתי — משפחת רבנים חסידים שנשאו בעול הרבנות החסידית בליטא (פונידל, רקישוק, הנשישוק, אבל, דיסנה ומקומות אחרים). אבי סבי היה רבי חיים מפונידל, ממקורבי ה,,צמח צדק״.

בילדותי למדתי תורה מפי אבי ז״ל שהיה גם מדקדק וחובב שפת עבר. בביתנו דברנו עברית עוד משחר ילדותנו. בהתבגרי, מסרני אבי לתלמוד לידי שני הרבנים בעיירה: הרב רבי אליהו מאיר פיבלזון — רב מפורסם ומתנגד קנאי, ולרב אלפרוביץ — חסיד ולמדן גדול. חינוך ,,דואליסטי״ כזה היה חזון בלתי נפרץ בליטא, וכך ינקתי מכמה מקורות בבת אחת.

נתייתמתי בעיצומה של מלחמת העולם הראשונה. עם גמר המל־חמה יצאתי לקובנה הבירה להשתלם בלימודים כלליים. בבית־הספר הריאלי היהודי קיבלתי השפעה עברית ציונית ממורי הדגולים ד״ר טשרנה, נתן גרינבלט, ס. ברוך, פרוכובניך ואחרים. אווירת ביה״ס — אווירת צעירי תלמידי חכמים היתה, המשמשים כתלמידים, בנים וחברים לרבותיהם. אווירה זו השפיעה עלי עד היום הזה ומצאתי, שבתחום זה הפידגוגיה לא התקדמה כלל וכלל.

גמרתי פעמיים חוק לימודים באוניברסיטה בקובנה — מחלקת המשפטים והמחלקה להיסטוריה־פידגוגיה. לפני עלותי ארצה עוד הספקתי לתת לידי הפרופ׳ ינולייטיס עבודת מחקר על הפרוטוקולים של וועד ארבע הארצות.

בליטה עסקתי בפרקליטות, ומעל לזה — בהוראה והנהלת בתי־ספר תיכונים: קרטינגן, ווילקומיר וניישטוט־שירווינט.

עליתי ארצה בשנת 1933, ונכנסתי מיד לעבודה בוועד הקהילה בחיפה, כיועץ משפטי ומנהל בית משפט השלום העברי. כעבור זמן קצר נרתמתי גם לעבודת הוראה בבת־גלים, ולבסוף פרשתי כליל מפעילות משפטית והתמסרתי לעבודת הוראה וחינוך בא״י.

שימשתי מנהל בתי הספר בבת־גלים ועממי א׳ בחיפה. בשנת 1954 מוניתי כמפקח על בתי־ספר בצפון, וב־1957 הזמינני שר החינוך והתרבות לנהל את המחלקה להנחלת הלשון והשכלת עם במשרד החינוך והתר־בות, בתפקיד מנהל מחלקה ומפקח מרכז.

בתפקיד זה הנני משמש עד היום.

פרט לפעילות מפלגתית, הקדשתי עשרים שנה להנהלת מועצת המורים למען הקה״ב לישראל. כמו כן שימשתי ראש ארגון מנהלי בתי־הספר בחיפה והסביבה. כ־8 שנים שימשתי ראש וועד בת־גלים, כן הייתי חבר הנהלת אירגון המפקחים.

חברתי כ־25 ספרים, רובם בתחום הוראת הלשון וכן ספרות ילדים ושירה. אמנה אחדים מהם:

„זאת קופישוק שהיתה״ (הוצאת טברסקי);

„אשר ירחש הלב״ (הוצאת יסוד);

„האזרח בישראל״ (הוצאת קרית ספר);

„אצלנו בכיתה מספרים״ (הוצאת עבר);

„לב אבות על בנים״ (הוצאת קרן הקיימת).

כמו כן פרסמתי כמה ספרים בארה״ב בתחום הוראת הלשון עם מדריך למורה (הוצאת שרפשטין).

**בן־פורת מרים** (געב׳ שיינזאָן). ערשטע און איינציקע פרוי, וועלכע איז אַ ריכטערין אין ירושלימער קרייז־געריכט. וווינט אין ירושלים.

געבוירן דעם 26טן אַפּריל 1918 אין וויטעבסק. ווען זי איז אַלט געווען אַ יאָר, זיינען אירע עלטערן אַריבערגעפאָרן קיין קאָוונע. געווען די מיזינקע אין אַ פאַרמעגלעכער ייִדיש־טראַדיציאָנעלער משפחה.

דער פאָטער — אליעזר — האָט געהאַט סמיכות אויף רבנות, אָבער איז געווען אַן אינדוסטריעלער און איז געווען באַקאַנט אין קאָוונע מיט זיין גרויסער ענלעכקייט צו ד״ר הערצל; די מוטער — חיה, געב׳ ריק — האָט אָנגעפירט מיטן גרויסן הויזגעזינט און באַלעבאַטישן הויז.

**האָלצבערג יוסף־דויד.** אַבסאָלווענט פון קאָוונער אוניווערסיטעט, מאַטעמאַטיקער, וויצע־דירעקטאָר פון רעליגיעזן לערער־סעמינאַר פאַר פרויען „בית יעקב״ אין ירושלים.

געבוירן אין יאָר 1910, אין כאַרקאָוו. זון פון יצחק־רפאל און פייגע. אַלס קינד געלערנט אין אַ כאַרקאָווער חדר און שפּעטער אין דער טעלזשער ישיבה. אין 1927 האָט ער פאַרענדיקט, אַלס עקסטערן, די קאָוונער רוסישע גימנאַזיע. אין 1930 — אַוועקגעפאָרן קיין שווייץ, ווו ער איז געוואָרן ר״ם (ראש־מתיבתא, ד״ה ראש־ישיבה) פון דער ישיבה אין מאָנטרע.

נאָכן צוריקקערן זיך קיין ליטע — שטודירט מאַטעמאַטיק אין קאָוונער אוניווערסיטעט, וועלכן ער האָט פאַרענדיקט אין 1938. אין זעלבן יאָר עולה געווען קיין ארץ־ישראל; געאַרבעט אַלס לערער אין פאַרשיידענע שולן.

אין 1942 האָט ער חתונה געהאַט מיט זיין פרוי לאה (געב׳ שוחט, פון טעלזש); האָט אַ זון יעקב (געב׳ אין יאָר 1942).

יוסף־דויד איז געווען אַ חבר אין דער „הגנה״.

**האָלצבערג בנימין.** אַבסאָלווענט פון קאָוונער אוניווערסיטעט, יוריסט, באַאַמטער אין דער הויפּט־פאַרוואַלטונג פון הסוכנות היהודית (ייִדישע אַגענץ) אין ירושלים.

געבוירן אין יאָר 1910, אין כאַרקאָוו. דאָ האָט ער געלערנט אין חדר. אַריבערגעפאָרן קיין ליטע און געלערנט אין ישיבות. צוזאַמען מיט זיין ברודער, יוסף־דויד, האָט ער אין 1927, אַלס עקסטערן, פאַרענדיקט

די קאָוונער רוסישע גימנאַזיע. אין 1936 פאַרענדיקט ער דעם יורידישן פאַקולטעט פון קאָוונער אוניווערסיטעט.

נאָכן עולה זיין קיין ארץ־ישראל, אַרבעט ער אַלס בוכהאַלטער אין פאַרשיידענע אונטערנעמונגען. זינט דער אַנטשטייונג פון דער מדינה — אַ הויכער באַאַמטער אין דער סוכנות.

געווען אַן אַקטיווער מיטגליד אין דער „הגנה". בעת דער אומאָפּ־הענגיקייט־מלחמה — געווען קאָמאַנדיר פון אַ פראָנט־אָפּשניט.

פאַרהייראַט פון 1936. זיין פרוי שושנה (געב' יפה, פון טעלזש) — דירעקטאָרין פון דער באַקאַנטער אין ישראל „שפּיצער־שול" אין ירו־שלים; האָבן צוויי זין: ברוך (1937) און שרגא (1942).

**גערבערג דויד.** אַבסאָלווענט פון דער יורידישער הויכשול אין ירושלים, געהילף פון ירושלימער קרייז־פּראָקוראָר.

געבוירן דעם 5טן אויגוסט 1914 אין ניישטאָט־שאַקי. ווען ער איז אַלט געווען פינף יאָר, איז געשטאָרבן זיין פאָטער, אברהם־צבי. די גאַנצע לאַסט פון זיין דערציִונג און האָדעווען איז געפאַלן אויף זיין מוטער צילע (געב' בובטעלסקי, אַ שוועסטער פון פאַרשטאָרבענעם פּראָפעסאָר פון ירושלימער אוניווערסיטעט), וועלכע האָט געאַרבעט אין ייִדישן פאָלקסבאַנק.

אין 1932 האָט ער פאַרענדיקט די ווילקאָווישקער העברעיִשע גימ־נאַזיע. אין יאָר 1933 — עולה געווען, צוזאַמען מיט דער מוטער, און אָנגעהויבן שטודירן אין דער ירושלימער יורידישער הויכשול. צוויי יאָר אויך געלערנט פילאָסאָפיע אין ירושלימער אוניווערסיטעט. די הויכשול האָט ער פאַרענדיקט אין 1938.

נאָך אַלס סטודענט, האָט ער אָנגעהויבן אַרבעטן אין דער אימי־גראַציע־אָפּטיילונג פון דער בריטישער מאַנדאַט־רעגירונג און געאַרבעט דאָרטן ביז 1945.

אָנדערהאַלבן יאָר געווען אָפיציר אויפן גרענעץ־פּונקט (מיט מצרים) קאַנטאַראַ, דורך וועלכן אַ סך אומלעגאַלע עולים האָבן געפּרוּווט, אין יענע יאָרן, אַריינקומען קיין ארץ־ישראל. פיל פון די אומלעגאַלע עולים האָט ער געהאָלפן דערגרייכן זייער ציל.

געווען אַ חבר אין דער „הגנה" און שפּעטער געדינט אין צה"ל. אָנטייל גענומען אין די קאַמפן פאַר ירושלים.

פון 1טן יוני 1949 — מלוכה־אָנגעשטעלטער: איין יאָר אַלס יוריסט־קאָנסולט פון אינספּעקטאָר איבערן אייגנטום פון אומבאַקאַנטע פּערזאָנען און ווייטער — מיטאַרבעטער פון ירושלימער קרייז־פּראָקוראַטור.

פאַרהייראַט; פרוי רות (געב׳ אפרתי, אַ סברה) און צוויי זין: אמנון (1957) און אבירם (1958).

**ראָזענטאַל שׂמחה.** אַבסאָלווענט פון די אוניווערסיטעטן אין נאַנסי (לאַנדווירטשאַפטלעכע אינזשינעריע און נאַטור־וויסנשאַפט) און פּאַריז (יוריספּרודענץ). יוריסט־קאָנסולט פון געזונטהייט־מיניסטעריום; וווינט אין ירושלים.

געבוירן דעם 13טן מערץ 1907 אין מאַריאַמפּאָל. זיינע עלטערן: אַבּא־יצחק און לאה (געב׳ געפען). זיין פאָטער איז געווען אַ סוחר און איינער פון די ערשטע ציוניסטן אין ליטע; אָנטייל גענומען אין דער באַקאַנטער „מינסקער קאָנפערענץ" און געווען דעלעגאַט צו אייניקע ציוניסטישע קאָנגרעסן.

אין די טיפענישן פון רוסלאַנד, ווו די משפחה איז פאַרוואָגלט געוואָרן בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט שׂמחה באַקומען, ביי פּריוואַטע לערער, אַ יידיש־נאַציאָנאַלע דערציִונג.

אין 1920 האָט ער, צוזאַמען מיט דער משפחה, זיך אומגעקערט קיין מאַריאַמפּאָל, ווו ער טרעט אַריין אין דער אָרטיקער העברעיִשער גימנאַזיע, וועלכע ער פאַרענדיקט אין 1925. ער פאָרט קיין פראַנקרייך און פאַרענדיקט אין 1931 די אוניווערסיטעטן פון נאַנסי און פּאַריז. ביז 1940 איז ער אַדוואָקאַט אין פּאַריז. בעת דער דייטשער אינוואַזיע אַנטלויפט ער קיין דרום־פראַנקרייך. פון 1942 ביז 1949 לעבט ער אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

עולה געווען אין 1949. געאַרבעט אַלס יוריסט אין דער אָפּטיילונג פאַר געזעצגעבונג אין יוסטיץ־מיניסטעריום. פון 1964 — יוריסט־קאָנסולט אין געזונטהייט־מיניסטעריום.

פאַרעפנטלעכט וויסנשאַפטלעכע אַרטיקלען אין יורידישע פּעריאָדישע אויסגאַבעס אין ישראל און אין אויסלאַנד.

פאַרהייראַט פון 1949. פרוי רינה (געב׳ שיינער), זון אַבּא־יצחק (1950) און טאָכטער אסתר (1953).

**באַלבערישקי (איצט פהנא) טוביה.** אַבסאָלווענט פון ירושלימער אוניווערסיטעט, פעדאַגאָג, מחבר פון לערנביכער פאַר נאַטור־וויסנשאַפט און פון פעדאַגאָגישער־מעטאָדאָלאָגישער ליטעראַטור. וווינט אין ירו־שלים.

געבוירן אין יאָר 1916 אין דער משפחה פון האָלץ־סוחר אברהם־יצחק און הינדע (געב' אַפּריל), אין ווילקאַווישק. געווען דער מיזיניק פון דריי זין.

אָנגעהויבן זיינע לימודים אין דער „תרבות"־פאָלקשול. אין אַ יאָר אַרום אַריבער לערנען, ביז בר־מיצווה, אין דער אָרטיקער תלמוד־תורה.

אין 1931 קערט ער זיך אום צו וועלטלעכע לימודים, אַריינטרעטנ־דיק אין דער העברעיִשער גימנאַזיע פון ווילקאַווישק, וועלכע ער פאַר־ענדיקט אין 1934. אַ יאָר צייט לערנט ער תורה און אין 1935 פאָרט ער קיין ארץ־ישׂראל; דאָ טרעט ער אַריין אין ירושלימער אוניווערסי־טעט, ווו ער שטודירט געאָגראַפיע, באָטאַניק און זאָאָלאָגיע. נאָכן פאַר־ענדיקן, אין 1940, דעם אוניווערסיטעט, איז ער לערער אין עפולה און ירושלים. זינט דער מדינה־אַנטשטייונג איז טוביה אַ לערער פון ביאָלאָגיע אין ירושלימער רעליגיעזן לערער־סעמינאַר פאַר פרויען (איצט „אפרת־סעמינאַר").

צוזאַמען מיט זיין פרוי דבורה (געב' חי, אין פאָניעוועזש), אויך אַ פעדאַגאָגין, מיט וועלכער ער האָט חתונה געהאַט אין 1941, האָט ער פאַרפאַסט פיר לערנביכער פון ביאָלאָגיע פאַר די רעליגיעזע פאָלקשולן אין ישראל; אַרויסגעגעבן עטלעכע מעטאָדאָלאָגיע בראָשורן; שרייבט אַרטיקלען, באַזונדערס וועגן דערציונג, אין דער רעליגיעזער פרעסע פון ישראל.

אַלס ביאָלאָג און פאָרשער, אינטערעסירט ער זיך שטאַרק מיט די געוויקסן, וואָס ווערן דערמאָנט אין תנ"ך. אין 1966 פאָרט ער אין די פאַראייניקטע שטאַטן אויף פאָרשאַרבעט.

בעת די קאַמפן פאַר ירושלים, אינעם אומאָפהענגיקייטס־קריג, האָט ער געקעמפט אויפן צפון־מערבדיקן אָפשניט.

אויסער איין ברודער, איז זיין גאַנצע משפחה דערמאָרדעט געוואָרן בעת דער שואה.

האָט צוויי זין און אַ טאָכטער: אלדד (1944), ציפורה (1948) און אברהם־יצחק (1950).

**זיף סידנעי,** יאָהאַנעסבורג. שטאַמט פון קראַקינאָווע. זייער אַ פּראָ־מינענטער סוחר און עסקן. גרינדער פון פאַרבאַנד פון די קראַקינאָווער יידן אין יאָהאַנעסבורג און איינער פון זיינע לידערס.

מיטגליד אין דער אָרטיקער רעליגיעזער קהילה, אַ גרויסער אונ־טערשטיצער פון מדינת ישראל. געהערט צו די, וועלכע פאַרגעסן ניט זייער עבר און זייער אָפּשטאַם. ער איז שטאָלץ מיט זיין שטעטל, מיט זיין פאַמיליע און מיט די אַלע, מיט וועלכע ער איז אויפגעוואַקסן. פּירט אַ טראַדיציאָנעל־יידיש לעבן און איז אַ נדבן פאַר אַלע אינסטיטוציעס, וואָס נייטיקן זיך אין הילף.

ער צייכנט זיך אויס מיטן אָפּהיטן פּינקטלעך די יאָרצייט פון די אומגעקומענע אין קראַקינאָווע.

**גאַרבער יוסף.** ער האָט ניט געלערנט אין קיין גימנאַזיעס אָדער ישיבות; ער איז אויך ניט קיין געזעלשאַפטלעכער טוער; ער איז אַ פּשוטער חי וקים, אַ האָרעפּאַשנער אַרבעטער, וועלכער האָט אָנגעהויבן זיין פּראָלעטאַרישן וועג אַלס יונגער ייִנגל. ער איז זייער אַ באַוועגלעכער, אַ ספּריטנער, ניט קיין שווייגער — וואָס אויפן לונג דאָס אויפן צונג.

אין 1941 איז יוסף אַריינגעפאַלן אין קאָוונער געטאָ. אַ דאַנק זיין קוועקזילבערדיקער נאַטור, האָט ער גלייך אָנגעהויבן קערן וועלטן. ער האָט שטענדיק ליב געהאַט צו ריזיקירן און אין געטאָ האָט ער קיין דחקות ניט געליטן. זייענדיק אַ גוטהאַרציקער, אַ בעל־טובה און עמך־טיפּ, האָט ער שטענדיק דערזען דעם געפאַלענעם חבר, נויטבאַדערפטיקן פריינט, הונגעריקן אינטעליגענט און זיך געמיט זיי צו העלפן.

די ייִדישע געטאָ־לייטונג האָט זיך געניייטיקט אין אַזוינע מענטשן, ווי יוסף גאַרבער. זיי זיינען געווען די, וואָס פלעגן אַריבערטראָגן געהיימע בריוו, גיין אויף שליחות אין שטאָט, פלעגן העלפן אָרגאַניזירן טרעפונגען, אַריינשמוגלען אין געטאָ שפייז, ידיעות, צייטונגען אא״וו. און יוסף איז געווען איינער פון די, וועלכער האָט פאַרבונדן און געשאַפן קאָנטאַקטן צווישן דער איזאָלירטער געטאָ און אויסערלעכער וועלט.

נאָך דער מלחמה האָט זיך יוסף באַזעצט אין שיקאַגאָ. אויך דאָ האָט ער ניט פאַרגעסן וועגן דעם בלוטיקן קאַפּיטל אין דער ייִדישער געשיכטע און ביז היינט רופט ער צו נקמה פאַרן אומשולדיק פאַרגאָ־סענעם בלוט.

זיין פרוי שטאַמט פון טשעכאָסלאָוואַקיע. זיי האָבן צוויי קינדער: אַ זון און אַ טאָכטער.

**ראַבינאָוויטש סאָלי**, פּרעטאָריאַ. געבוירן אין 1907 אין קיידאַן, אין אַן אָרטאָדאָקסישער פאַמיליע פון משה און אסתר, געב׳ גאָלאָמביק. געלערנט אין קיידאַן און שפּעטער אין דער קאָוונער רעאַל־גימנאַזיע, בעת דאָ איז געווען דירעקטאָר ד״ר קאַרלעבאַך.

אויסגעוואַנדערט פון ליטע אין 1924. געהערט צו דער „יונייטעד היברו קאָנגרעגיישאָן" פון פּרעטאָריאַ און באַטייליקט זיך אין די פאָנדן פאַר וווילטעטיקייט־צוועקן.

פאַרהייראַט מיט נאָראַ (געב׳ מייקעלסאָן). קינדער: לעאָן ראָנאַלד, מאַרטין אַלען, ברייען נאָרמאַן, דענאַנס און דזשעאָפרי.

**לעווער משה.** זון פון יהודה און רחל. געבוירן אין לינקעווע, אין 1908. געלערנט אין לינקעווער בית־ספר. אויסגעוואַנדערט קיין דרום־אַפריקע אין 1927. די ערשטע יאָרן זיינען דאָ געווען פאַר אים זייער שווערע.

שטענדיק אָנגעהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיט ייִדן און געווען אַ מיטגליד פון ציוניסטישע און אַנדערע ייִדישע אָרגאַניזאַציעס. אונטערשטיצט ייִדישע פאָנדן. אַ מיטגליד פון דער רעליגיעזער קהילה.

זיין פרוי איז רחל סלאָנימסקי פון יאַנישאָק. זיין טאָכטער, יהודית קצב, איז אַ לערערין אין דער העברעיִשער שול „כּרמל".

**MAURICE COHEN**, קייפּטאָן. האָט אַ מאָל געהייסן משה לייקוצקי, זון פון זיסל לייקוצקי און ליבע בעקער, פון ניישטאָט־שאַקי. געלערנט אין ניישטאָטער העברעיִשער פּראָגימנאַזיע. אַ פּלימעניק פון ד״ר גאָלדנ־היים פון מאַריאַמפּאָל.

אין 1926 — געקומען קיין דרום־אַפריקע צו אַ קוזין. די ערשטע יאָרן זיינען דאָ געווען שווערע און געווען אַ צייט, ווען ער האָט געוואָלט פאָרן צוריק. שפּעטער אָבער געוואָרן אַ דערפאָלגרייכער סוחר אין טעקסטיל־בראַנזשע און פאַרנעמט אַן אָנגעזעענעם אָרט אין דער געשעפט־לעכער געזעלשאַפט. מיטגליד פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, פון מגן־דוד־אדום, פון „באָאַרד אָוו דעפּיוטיס" און פון דער סי־פּאָינט געמיינדע.

זיין פרוי הייסט פרידע און זיין זון, ראובן־זיסל, איז אַ גראַדויִרטער פון „הרצליה״ אין קייפּטאָן.

**קאָבלענץ־ראָגאַלסקי בתיה.** לערערין; געבוירן אין סודאַג; טאָכ־טער פון ר׳ שאול און צפורה ראָגאַלסקי. געלערנט אין מאַריאַמפּאָלער העברעיִשער גימנאַזיע. געקומען קיין אַפריקע אין יאָר 1925.

זינט זי איז אָנגעקומען אַהער, איז זי אַקטיוו אין פאַרשיידענע קולטור־מוסדות און ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס.

איר מאַן איז רעוו. א.ק. קאָבלענץ און זיי האָבן איין זון און צוויי טעכטער; לעבן אין יאָהאַנעסבורג.

**אוטיאַן האַרי,** יאָהאַנעסבורג. זון פון שמואל־מרדכי און העסע־רחל מאָזעסאָן. די מוטער איז געווען אַ פאַרמאַצעווטין און זיי האָבן געהאַט צוויי אַפּטייקן: איינע אין פּאַסוואַל און די צווייטע אין וואַשקי.

דער פאָטער האָט געלערנט אין וואָלאָזשינער ישיבה, שפּעטער געוואָרן אַ וואַלד־סוחר. געווען אַ ציוניסט. געהאַט אַן אכסניה, האָט אָבער ניט גענומען קיין געלט ביי ציוניסטישע רעדנער.

אין 1914 אַוועק קיין רוסלאַנד און געלערנט אין אַ גימנאַזיע און אין 1919 זיך צוריקגעקערט קיין פּאַסוואַל.

אין 1921 האָט האַרי אויסגעוואַנדערט צו אַ ברודער קיין דרום־אַפריקע. דאָ האָט ער זיך אויסגעלערנט דאָס יוּוועליר־ און בריליאַנטן־פאַך. האָט אַן אייגענעם געשעפט און האָט אַ סך מאָל באַזוכט מדינת ישׂראל און אַנדערע לענדער.

זיין פרוי ETTIE איז אַ געבוירענע אין דרום־אַפריקע.

זיי האָבן אַ זון .WULFIE, Dr. Med. MARTON: B.COM און אַ טאָכ־טער .GLIKA, Secretary

**בערל שטערן,** שיקאַגאָ. זון פון יוסף און חוה־לאה שטערן. געבוירן אין 1913, אין טאַווריק און געלערנט אין דער היגער ליטווישער גימ־נאַזיע. געענדיקט קאָוונער אוניווערסיטעט אין 1939; פאַרמאַצעווט; ביזן אויסבראָך פון דער סאָוועטיש־דייטשער מלחמה, געאַרבעט אַלס לייטער פון דער פאַרמאַצעווטישער אָפּטיילונג אין קאָוונער יידישן שפּיטאָל.

אין 1941 איז ער אַריינגעפאַלן אין קאָוונער געטאָ, שפּעטער געווען אין קאָנצענטראַציע־לאַגער דאַכאַו. אין 1949 — געקומען קיין אַמעריקע און ביז 1959 געלעבט אין ניו־יאָרק. דאַן אַריבער קיין שיקאַגאָ און געוואָרן דאָ אַ לייטער פון אַן אַפּטייק.

געהערט צום פאַרבאַנד פון די ליטווישע ייִדן.

זיין פרוי איז חוה־מלכה שטערן ; זייער טאָכטער הייסט מאַרלין.

**לייזעראָוויטש לייבע,** קייפּטאַון. זון פון שמואל און איידע (געב' מילנער). געבוירן אין וויִעַנוטע, געלערנט אין טאַווריק ; געקומען קיין דרום־אַפריקע אין 1926. אַ גרויסער סוחר, אַ גוטער קענער פון תלמוד און אַ שומר־שבת זיין גאַנץ לעבן.

**מאַרקוס לעאָן.** געבוירן אין 1915, אין קאָוונע. געענדיקט קאָוונער העברעיִשע רעאַל־גימנאַזיע און אין 1936 שטודירט אין ירושלימער אוניווערסיטעט. פון 1938 — אין שיקאַגאָ. אין 1940 — מאָביליזירט געוואָרן אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי אַלס פּשוטער סאָלדאַט. שפּעטער געלערנט אין אַ מיליטערישער אַקאַדעמיע און דערגרייכט דעם ראַנג פון מאַיאָר.

אין די מלחמה־יאָרן — געווען אין קאַסאַבלאַנקאַ (מאַראָקאָ) און אין אַלזשיר דער הויפּט פון די לאַגערן פאַר געפאַנגענע. אין 1946 זיך אומגעקערט אַהיים.

אַקטיווער טוער פאַרן ייִדישן אַפּעל און פּרעזידענט פונעם פאַרבאַנד פון די ליטווישע ייִדן אין שיקאַגאָ.

זיין פרוי, שאַרלאָט, איז אַ טאָכטער פון הרב שלעז פון באַלטימאָר.

זייערע קינדער : יהודית לי, יוסף־מרדכי, מאיר־אברהם, אליהו־יעקב. אַלע האָבן זיי באַקומען אַ ייִדיש־טראַדיציאָנעלע דערציִונג.

**פינקלשטיין חיים,** שיקאַגאָ. געבוירן אין מאַריאַמפּאָל און אין 1920 אַריבער קיין קאָוונע, וווּ ער איז געווען באַקאַנט אַלס גרויסער סוחר און אינדוסטריעלער. געווען דער באַלעבאָס פון דער הייוון־פאַבריק „מיעלספּיר" און פון דערבייִיקן באָד־אַנשטאַלט.

אין 1941, אַ וואָך פאַרן אויסבראָך פון דער מלחמה, האָבן אים די סאָוועטן, צוזאַמען מיט זיין משפחה, אַרויסגעפירט קיין סיביר, וווּ

ער איז געווען ביז 1958. דאַן אַריבערגעפאָרן קיין ריגע און אין 1960 געקומען קיין אַמעריקע.

זיין פרוי מאַשאַ מלאך איז אַ געבוירענע אין מאַריאַמפּאָל. זייער טאָכטער, מרים עלבוים, איז אַ לערערין אין שיקאַגאָ.

**גאָרפונקל לייב.** אַבסאָלווענט פון קאָוונער אוניווערסיטעט, יוריסט, געוועזענער דירעקטאָר פונעם דעפּאַרטאַמענט פאַר קאָאָפּעראַציע אין ישראל, פינאַנסיסט, וווינט אין ירושלים.

געבוירן אין 1896, אין קאָוונע. זון פון אבא־הירש און אסתר־פייגע (געב' הזן). ווי אַלע ייִדישע קינדער אין יענער צייט, האָט ער געלערנט אין חדר. שפּעטער אַריבער אין דער קאָוונער רוסישער גימנאַזיע, וועלכע ער האָט פאַרענדיקט אין יאָר 1913. פון 1915 שטודירט ער יוריספּרודענץ אין קאָוונער און פּעטערבורגער אוניווערסיטעטן. פאַרענדיקט זיינע שטודיען אין 1924. פון 1926 ביז 1940 — געווען אַדוואָקאַט אין קאָוונע.

אין 1940 איז גאָרפונקל אַרעסטירט געוואָרן דורך די סאָוועטן אונטער דער באַשולדיקונג פון זיין אַן אַקטיווער ציוניסט.

ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען קאָוונע, איז גאָרפונקל, צוזאַמען מיט אַלע קאָוונער ייִדן, פאַרשפּאַרט געוואָרן אין געטאָ, וווּ ער איז געוואָרן וויצע־פאָרזיצער פון עלטסטן־ראַט. אין יולי 1944, ווען די געטאָ איז ליקווידירט געוואָרן, איז ער פאַרשלעפּט געוואָרן אין אַ לאַגער קיין דייטשלאַנד. באַפרייט געוואָרן אין מאַי 1945.

נאָך דער באַפרייונג איז ער אַוועקגעפאָרן קיין איטאַליע, וועלנדיק דערגרייכן ארץ־ישראל. אָבער די ענגלישע מאַכט־אָרגאַנען האָבן צו דעם ניט דערלאָזן. דאָ, אין איטאַליע, איז ער אויסגעוויילט געוואָרן אַלס פאָרזיצער פונעם פּליטים־קאָמיטעט.

אין אַפּריל 1948 איז ער עולה געווען און פון אָקטאָבער יענעם יאָר ביז מאַי 1962 געווען דירעקטאָר פון דעפּאַרטאַמענט פאַר קאָאָפּעראַציע.

לייב גאָרפונקל איז געוואָרן אַ געזעלשאַפטלעכער און ציוניסטישער עסקן נאָך אין יאָר 1917. ער איז געווען אַקטיוו אין פאַרשיידענע אינ־סטיטוציעס פון דער געוועזענער ייִדישער אויטאָנאָמיע אין די ערשטע יאָרן פון ליטעס זעלבשטענדיקייט און געווען אויסגעוויילט אַלס וויצע־פאָרזיצער פונעם „נאַציאָנאַל־ראַט". פאַר דער סמעטאָנאַ־איבערקערעניש איז ער אויך געווען דעפּוטאַט אין ליטווישן סיים. געווען דעלעגירט צו

אייניקע ציוניסטישע קאָנגרעסן ווי אַ חבר פון מרכז פון דער פּאַראיי־ניקטער „פּועלי־ציון" פּאַרטיי אין ליטע. לאַנגיאָריקער פּאָרזיצער פון קרן־היסוד אין ליטע און פונעם פּאַרבאַנד פון די יידישע פאָלקסבענק.

זייענדיק אין ישראל, האָט לייב גאָרפונקל אָנגעשריבן אַ בוך וועגן קאָוונער געטאָ א"נ „קובנה היהודית בחורבנה", וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך „יד ושם".

פאַרהייראַט פון 1936 מיט זיין פרוי דבורה (געב' ראַבינאָוויטש). זייער זון, צבי (1938), איז אַסיסטענט פאַר געאָלאָגיע אין ירושלימער אוניווערסיטעט.

**פרידמאַן** (איצט איש־שלום) **מרדכי,** געוועזענער בירגערמייסטער פון ירושלים, פּאָרזיצער פון דירעקטאָרן־קאָלעגיום פון „בנק ירושלים", מיטגליד פון ירושלימער שטאָטראַט, אַלטער געזעלשאַפטלעכער טוער.

פאַרהייראַט פון 1923. פרוי — שושנה (געב' באַראַנאָוו). האָבן צוויי טעכטער: חדוה (1925) און איה (1942) —ביידע פּעדאַגאָגינס — און אַ זון דויד (1931), וואָס איז אַן אָנגעשטעלטער און איז געווען אַ מיטגליד אין פלמ"ח און געקעמפט אין מלחמת הקוממיות.

**זיבוץ יעקב,** יאָהאַנעסבורג. זיין טאַטע האָט געהייסן לייב. געבוירן אין ווילקאָמיר און געלערנט אין דער ווילקאָמירער יידישער רעאַל־גימנאַזיע. אַלס חלוץ, אויסגעוואַנדערט קיין ארץ־ישראל אין 1924. דאָ געאַרבעט ביים פלאַסטערן שאָסייען, ביים מאַכן ציגל.

געהערט צו דער הסתדרות העובדים און אָנטייל גענומען אינעם געראַנגל פאַר עבודה עברית.

אין 1928 אַוועק קיין דרום־אַפריקע. אין 1930 האָט יעקב חתונה מיט רחל אוידסהאָרן.

זיבוץ געהערט צו דער יידישער קולטור־פעדעראַציע, „אָרט"–„אָזע" און איז אַן אונטערשטיצער פון אַלע אַקציעס לטובת ישראל. אין זיין הויז הערשט אַ טראַדיציאָנעל־יידישע אַטמאָספער.

האָט צוויי זין: ישראל איז אַ סוחר און לייב — אַ דאָקטער; צוויי טעכטער: מינאַ בלום און יהודית יאָכלסאָן.

**שאַלמיניס וועלווע,** יאָהאַנעסבורג. געבוירן אין פּאַלאַנגען און גע־בראַכט געוואָרן קיין דרום־אַפריקע, דורך זיין ברודער יוסף, אין 1930.

אין ליטע האָט ער געלערנט אין די ישיבות קטנות פון טעלזש און קעלם.

ער איז אַ באַקאַנטער סוחר אין יאָהאַנעסבורג און איז אַקטיוו אין דער רעוויזיאָניסטישער פּאַרטיי. האָט צוויי טעכטער: אביבה און איידאַ, וועלכע האָבן באַקומען אַ העברעיִשע דערציִונג און זיינען גייסטיק פאַרבונדן מיט מדינת ישׂראל.

**שאַלמיניס־בלאָך אסתר**, יאָהאַנעסבורג. געבוירן אין פּאַלאַנגען און איז אַבסאָלווענטין פון דער טעלזשער „יבנה"־גימנאַזיע. חתונה געהאַט אין *1940 מיטן העברעיִש לערער משה בלאָך פון דאַרביאַן.*

בעת דער דייטשער אָקופּאַציע האָט זי זיך אויסבאַהאַלטן, צוזאַמען מיט איר מאַן, ביי ליטווינער, ניט ווייט פון שקאָד. אין 1945 זיינען זיי עולה געווען קיין ארץ־ישׂראל, ווו זיי האָבן געלעבט צוועלף יאָר. אין 1957 געקומען אין דרום־אַפריקע.

האָבן צוויי טעכטער: שושנה און אביבה.

**שאַלמיניס לייבע**, יאָהאַנעסבורג. געבוירן אין פּאַלאַנגען. אויסגע־וואַנדערט קיין דרום־אַפריקע אין יאָר 1926, ווו ער האָט שווער געאַרבעט און געהאַט אַ שווערן לעבן. זיין ציל איז געווען אַראָפּצוברענגען זיין משפחה פון ליטע. אין 1928 האָט זיך אים איינגעגעבן אַראָפּצוברענגען זיין ברודער יוסף.

לייבע האָט חתונה געהאַט מיט פאַני בורשטיין פון פּלונגיאַן. זייער זון הייסט מאַקס און די טאָכטער ריבה.

**שאַלמיניס יוסף**, יאָהאַנעסבורג. זון פון אברהם און רבקה געלערנט אין טעלזש און אין קעלם, אין דער ישיבה פון ר' אליהו לאָפּיאַן ז"ל.

אויסגעוואַנדערט קיין דרום־אַפריקע אין 1928. די ערשטע יאָרן זיינען דאָ פאַר אים געווען זייער שווערע. ער האָט געאַרבעט אַלס איינ־קויפער פון פּראָדוקטן און פלעגט שטאַרק בענקען נאָך דער היים און נאָכן לעבן אין שטעטל.

חתונה געהאַט אין 1940 מיט פרידאַ חודין פון סלאָבאָדקע (קאָוו־נע). זי האָט געהאַט געלערנט אין קאָוונער „יבנה"־גימנאַזיע. איז אַקטיוו אין דער פרויען־אָפּטיילונג פון דער רעוויזיאָניסטישער פּאַרטיי „תל־חי".

יוסף שאַלמיניס איז אַ גרויסער סוחר פון אַלטאייזן און איז אַ

פירנדיקער טוער אין דער רעוויזיאָניסטישער פּאַרטיי; אַביישטייערער פאַר אַלע ישׂראל־פאָנדן.

זייערע קינדער: דער זון סידנעי איז אַן אייזנבאַן אינזשעניער און אַרבעט פאַר דער רעגירונג. די טעכטער הייסן ריבה און חנה.

**בינדער חיים**, יאָהאַנעסבורג. זון פון לייב און חסיה (געב' סאַמול) פון פּאַסוואַל. געלערנט אין אַ פּאָלקשול און שפּעטער פאַרענדיקט די העברעיִשע גימנאַזיע אין פּאָניעוועזש. געווען אַ מיטגליד אין בית״ר.

אין 1941 האָט ער געלעבט אין שאַוול און אַריינגעפאַלן אין געטאָ. זיין גאַנצע משפּחה, אויסער זיין ברודער, וועלכער איז געווען צוזאַמען מיט אים אין געטאָ, איז אומגעבראַכט געוואָרן אין פּאַסוואַל. בעת דער ליקווידאַציע פון געטאָ, איז ער פאַרשלעפּט געוואָרן קיין דאַכאַו.

נאָך דער באַפרייונג, אין 1945, איז ער געקומען קיין איטאַליע, פון וואַנען זיין אָנקל האָט אים אַראָפּגענומען קיין דרום־אַפריקע. זיינע ערשטע טריט אויפן נייעם קאָנטינענט זיינען ניט געווען קיין גרינגע. היינט איז ער אַ פאַבריקאַנט און אַ פּראָמינענטער סוחר, ער אונטער־שטיצט אַלע ייִדישע אינסטיטוציעס און אַקציעס לטובת מדינת ישׂראל. איז אַ מיטגליד פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, פּרעזידענט פון SUNSHINE CLUB, העלפט די קראַנקע, פאַרקריפּלטע קינדער פון ORDER OF DAVID. איז אַ מיטגליד אין דער גרינסייד־סינאַגאָגע, און זיינע דריי קינדער זיינען דערצויגן אין ייִדישן גייסט.

זיין פרוי, ריבה קליינלערער, איז געווען אין קאָנצענטראַציע־לאַגער און איז אַקטיוו אין „אָרט״–„אָזע״ און אין ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס.

**שיף ליפּמאַן**, יאָהאַנעסבורג. געבוירן אין 1908 אין מאַזשייק. פון 1915 ביז 1921 געווען פאַרשיקט קיין רוסלאַנד, אוקראַיִנע.

געלערנט אין טעלזש — אין בית חנוך און אין ישיבה. אין 1925 האָט ער אויסגעוואַנדערט קיין דרום־אַפריקע, ווו ער האָט אָנגעהויבן באַזוכן אַן ענגלישע שול. אין אָוונט האָט ער געלערנט גמרא ביי זיין פאָטער, וועלכער איז געווען אַ ישיבה־לערנער און פרומער ייִד. עטלעכע יאָר האָט ער געאַרבעט זייער שווער, ביז ער האָט זיך אַרויפגעאַרבעט צו אַ גרויסן אַנגראָ־געשעפט.

שיף איז אַן אַקטיווער קולטור־טוער און אַ גרויסער ליבהאָבער

פון דער ייִדישער ליטעראַטור. שטייט נאָנט צו אַלע ייִדישע אינסטי־טוציעס און איז אַ לאַנגיאָריקער מיטגליד אין דער ייִדישער קולטור־פעדעראַציע; די לעצטע יאָרן איז ער איר קאַסירער.

אין די דרייסיקער יאָרן — געווען דער סעקרעטאַר פון ייִדישן ליטע־ראַטן־פאַראיין, וואָס איז שפּעטער געוואָרן די קולטור־פעדעראַציע. אין 1927 איז ער געווען דער גרינדער פון מכּבי און פון חוג עברי.

שיף נעמט אַן אַקטיוון אָנטייל אין JEWISH WAR APPEAL און איז אַ ביישטייערער אין אַלע אַקציעס צו העלפן ייִדישע מלחמה־פּליטים. נאָך דער מלחמה שאַפט ער גרויסע מיטלען פאַרן ISRAEL UNITED APPEAL AND UNITED COMMUNAL FUND און פאַרן פאַראייניקטן געזעלשאַפטלעכן פאָנד, וואָס העלפט לאָקאַלע אינסטיטוציעס.

ליפּע שיף איז אַ לייענער פון ייִדיש און העברעיִש, אינטערעסירט זיך מיט אַלץ, וואָס עס טוט זיך אין דער ייִדישער וועלט. אין זיין היים הערשט אַ וואַרעמע ייִדישע אַטמאָספער, ווו טראַדיציאָנעלע ייִדישקייט פאַרנעמט אַ וויכטיקן אָרט. ער איז אַ מיטגליד פון אַן אָרטאָדאָקסישער שול SYDENHAM HALENS NORTH.

שיף קען באַטראַכט ווערן ווי אַ וועלט־רייזנדער. צוליב זיינע גע־שעפטן פאָרט ער כּמעט יערלעך קיין כינע, יאַפּאַן, רוסלאַנד, איטאַליע, פראַנקרייך. צוואַנציק מאָל (20) האָט ער באַזוכט מדינת ישׂראל. ער איז זייער אַן איבערגעגעבענער קרוב און שטיצט זיינע קרובים, וועלכע ער פאַרמאָגט אין פאַרשיידענע וועלט־טיילן.

זיין פאַרשטאָרבענע פרוי פלארי איז פון דער היים קאָפּמאַן. זייער זון הייסט מרדכי און זייער טאָכטער, אַרלין, איז פאַרהייראַט מיט בערל בלעק. אַלע לעבן אין יאָהאַנעסבורג.

**העניאַ** און **ל. בראַזג**, יאָהאַנעסבורג. העניאַ שטאַמט פון ווילנע, געווען אין געטאָ און זיך געראַטעוועט. ל. בראַזג איז אַ ווילקאָמירער, געבוירן אין יאָר 1922 און געקומען קיין דרום־אַפריקע אין עלטער פון זיבן יאָר. האָט געענדיקט אַ גימנאַזיע און אַן אוניווערסיטעט און האָט דעם טיטל „ב.ס.". היינט איז ער אַ דערפאָלגרייכער סוחר־אינוועסטירער און נעמט אַן אַקטיוון אָנטייל אין דעם ייִדישן געזעלשאַפטלעכן לעבן.

העניאַ איז זייער אַקטיוו אין דער ייִדישער קולטור־פעדעראַציע, געווען אַ געוויסע צייט איר סעקרעטאַרין. זי האָט פיל פאַרשטענדעניש

פאַר די פּראָבלעמען פון דער שארית־הפליטה אין יאָהאַנעסבורג און איז טעטיק אין זייער אָרגאַניזאַציע.

זייער היים איז אַ בית ועד לעסקנים, קינסטלער, שרייבער און געסט פון פאַרשיידענע וועלט־טיילן. זיי האָבן דריי זין און לעבן אין דער שיינער געגנט פון האַוטען.

**יעלין סאָלי.** געבוירן אין ווילנע. דערצויגן געוואָרן און געלערנט אין פּאָניעוועזש. געקומען קיין דרום־אַפריקע אין 1930. ביז ער האָט זיך אַרויפגעאַרבעט, האָט ער דורכגעמאַכט שווערע יאָרן, ווי אַלע יונגע מענטשן, וועלכע האָבן איינגעוואַנדערט אָן אַ פאַך און אָן אַ צוגרייטונג צו אַ נאָרמאַלן לעבן. היינט איז ער אַ פּראָמינענטער סוחר און אַ באַקאַנטער געזעלשאַפטלעכער טוער.

ער שטאַמט פון די ליובאַוויטשער יחוסדיקע משפחות און ער האָט אין זיין יוגנט איינגעזאַפּט תורה און וויסן. זיין נאָמען איז נאָך זיין זיידן, דער סוּוענציאַנער רב, ר׳ זלמן־דוב. זיין פאָטערס הויז איז אָבער שוין געווען משׂכּיליש־טראַדיציאָנעל. פון זיין משפחה שטאַמט דער באַקאַנטער ישׂראלדיקער עסקן דויד יעלין.

סאָלי יעלין איז אַקטיוו אין אַ ריי אינסטיטוציעס און איז אַ באַקאַנטע פערזענלעכקייט אין יאָהאַנעסבורגער ייִדישן לעבן. ער העלפט מדינת ישׂראל און באַטייליקט זיך, ניט רעגולער, אין דער ענגליש־ייִדישער פּרעסע.

זיין פרוי, צפורה ענטין, איז אַ געבוירענע אין ארץ־ישׂראל. זייערע קינדער, דויד און תמר, האָבן באַקומען אַ העברעיִשע דערציִונג.

**קאַץ טוביה,** קייפּטאָן. זון פון ניסן און פּראַדע. געבוירן געוואָרן אין דווינסק און געלעבט דאָרטן ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה. געדינט אין דער צאַרישער אַרמיי און אַריינגעפאַלן, בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין געפאַנגענשאַפט צו די טשעכן־אונגאַרן.

אין 1925 — געקומען, אויף אייגענער איניציאַטיוו, קיין דרום־אַפריקע. גלייך געפאָרן קיין קייפּטאָן. דורכגעמאַכט זייער שווערע יאָרן ביז ער האָט זיך איינגעאָרדנט. כדי צו דערלערנען די ענגלישע שפּראַך, האָט ער אַפילו געאַרבעט אויף אַ שיף.

געזעלשאַפטלעכער טוער, פאַרבונדן מיט דער ציוניסטישער אָרגאַ־

ניזאַציע „באָאַרד אָוו דעפּיוטיס" און מיטן פּאַראייניקטן ייִדישן אַפּיל.

זיין פרוי, פרומע לאַנשטיין, שטאַמט פון עזשערענע (זאַראַסאַי, ליטע). זי איז געקומען קיין דרום־אַפריקע אין 1927, איז אַ מיטגליד פון „מזרחי" און איז אַקטיוו פאַר די ישראל־פאָנדן.

האָבן דריי טעכטער: 1) בלומע ברוידע איז פּאָרזיצערין פון „מז־רחי"־פרויען. איר מאַן איז העגרי ברוידע; 2) רחל־לאה חסד. איר מאַן הייסט לייבע און שטאַמט פון לעטלאַנד; 3) חסיה מילער, אַקטיוו אין „מזרחי".

אַלע אייניקלעך האָבן באַקומען אַ העברעיִשע דערציִונג און גייען אין די וועגן פון זייערע עלטערן און באָבע־זיידע.

**ליבאָוויטש חיה**, בענאָני, געב' חריף, אין מאַלאַט. געוועז חתונה געהאַט פאַר קלאָמפּוס און געהאַט אַ יינגעלע. געלערנט אין מאַלאַט און אין ווילקאָמירער העברעיִשער גימנאַזיע. געענדיקט ביאָלאָגיע אין קאָוו־נער אוניווערסיטעט. געווען אין קאָוונער געטאָ און אין 1944 אַרויס־געפירט געוואָרן קיין שטוטהאָף. אין דער מלחמה האָט זי פאַרלאָרן איר מאַן און קינד.

אין 1946 איז חיה געקומען צו אַ ברודער קיין דרום־אַפריקע, ווו זי האָט חתונה געהאַט מיטן שרייבער און סוחר שמואל לייבאָוויטש.

חיה האָט פאָרגעזעצט דאָס לערנען און באַקומען אין 1950 דעם טיטל בי.איי. אין פסיכאָלאָגיע. שפּעטער באַקומען דעם דאָקטאָר־טיטל פון פילאָסאָפיע. זי באַהערשט מערערע שפּראַכן, אָבער איר באַליבסטע שפּראַך איז עברית. זי איז אַ געזעלשאַפטלעכע טוערין. אירע צוויי טעכ־טער ריידן ייִדיש.

**גורוויץ איזראַעל**, איזי, יאָהאַנעסבורג. זון פון משה־הירש און בלומע (געב' טרעגער). געבוירן געוואָרן אין 1930 אין ווילנע און געלערנט אין דער גימנאַזיע „תושיה". געווען אַ מיטגליד אין בית"ר.

זייענדיק עלף יאָר, איז ער פאַרשפּאַרט געוואָרן אין ווילנער געטאָ און האָט זייער פיל געליטן. אין 1943, בעת דער ליקווידאַציע פון געטאָ, האָט ער פאַרלאָרן זיין מוטער און שוועסטער. זיין פאָטער איז פאַרשיקט געוואָרן אין אַ לאַגער אין קאַזלאָווע־רודע (ליטע) און זיך פון דאָרטן ניט אומגעקערט.



איזי גורוויץ און פרוי — יאָהאַנעסבורג, ד. אַפריקע.

געווען עטלעכע חדשים אין ה.ק.פּ. (אַ לאַגער פון ייִדישע האַנט־ווערקער אין ווילנע) און אַרויסגעפירט געוואָרן קיין פּאָנאַר. אַנטלאָפן פון גרוב, איז אָבער געכאַפּט געוואָרן און ווידער פאַרשפּאַרט געוואָרן אין ה.ק.פּ. ווען עס איז דאָ פאָרגעקומען די קינדער־אַקציע, האָט מען אים, צוזאַמען מיט די איבעריקע קינדער, אַרויסגעפירט קיין אוישוויץ. געשפּרונגען פון באַן און געבליבן לעבן. גורוויץ האָט זיך אויסבאַהאַלטן ביי אַ נאָנע, טאָניאַ פּעטריק. זי האָט אים באַזאָרגט מיט שפּייז, קליידער און מיט אַ באַהעלטעניש. באַפרייט געוואָרן דורך דער סאָוועטישער אַרמיי אין יולי 1944.

אין 1947 איז גורוויץ געווען אין לאָדזש, פון וואַנען ער איז אַוועק קיין דרום־אַפריקע. אַ דאַנק זיין ענערגישן און דינאַמישן כאַראַקטער,

האָט ער אויסגעבויט אַ גרויסע אינדוסטריע פון צירונג, אין וועלכער ער באַשעפטיקט הונדערטער אַרבעטער ; ער פאַרנעמט זיך מיט עקס־פאָרט און אימפּאָרט, איז זייער אַן אַרבעטזאַמער מענטש און איז באַשאָנקען מיט אַ דערפינדערישן טאַלאַנט אין מיסחר.

זיין ברודער, אברהם, אַ פאַבריקאַנט, לעבט אין יאָהאַנעסבורג.

זיין פרוי, רובי, געב׳ ראָסקין, איז אַ געזעלשאַפטלעכע טוערין און איז אַקטיוו אין זאַמלען פאָנדן לטובת מדינת ישׂראל.

זיי האָבן פיר קינדער : בעווערלי, דעבאָראַ, מישעל און מאַרק.

**גאָלדשטיין מאיר**, יאָהאַנעסבורג. געבוירן געוואָרן אין ווילנע. זון פון אַלעקסאַנדער־זוסל און הינדע־מלכּה. געלערנט אין בראַנדסבאָרג און אין צונזער־שולן ; שפּעטער ביי בובליקן אין שול.

אין 1915 איז ער מאָביליזירט געוואָרן אויף אַרבעט קיין דייטש־לאַנד, פון וואַנען ער האָט, אין 1923, זיך צוריקגעקערט קיין ווילנע און געאַרבעט ביים פאָטער אין לעדער־געשעפט.

אין 1924 איז ער געקומען אין קאָוונע און האָט דאָ חתונה געהאַט מיט רייזל צאַטיס פון אָנושאָק. געהאַט צוויי קינדער.

אין 1941, ווען ס׳איז אויסגעבראָכן די מלחמה, האָבן זיי געפּרוּווט אַנטלויפן קיין ווילנע ; האָבן אָבער געמוזט זיך צוריקקערן קיין קאָוונע, ווו זיי זיינען פאַרשפּאַרט געוואָרן אין געטאָ.

מאיר האָט אויסגעהיט די פרוי מיט די קינדער ביזן לעצטן טאָג פון געטאָ. בעת דער ליקווידאַציע, אין יולי 1944, זיינען זיי אַרויסגעפירט געוואָרן קיין דייטשלאַנד. אויף דער סטאַנציע טיגענהאָף, ניט ווייט פון שטוטהאָף, האָט מען אים צעשיידט פון דער פרוי און קינדער, וועלכע זיינען שפּעטער אומגעבראַכט געוואָרן.

זינט 1947 לעבט גאָלדשטיין אין אַפריקע, ווו ער האָט חתונה געהאַט מיט סאָניאַ שטורם, אַן אָפּשטאַמיקע פון לעטלאַנד, וואָס האָט זיך מיט איר קינד געראַטעוועט אין רוסלאַנד.

אויף גאָלדשטיינס הענט זיינען פאַרבליבן סימנים פון עקספּערי־מענטן, וואָס עס האָבן געמאַכט אויף אים די דייטשן אין דאַכאַו.

**טאַבאַטשניק מענדל**, יאָהאַנעסבורג. געבוירן אין קלעצק, שפּעטער אַריבער קיין מיר, ווו ער איז אַכט יאָר געווען פאַרוואַלטער פון אַ ייִדישער

פאָלקשולע פון ציש"א. ער האָט געשריבן אַרטיקלען אין פּעדאַגאָגישן זשורנאַל „שול און היים". אין „גרינינקעביימעלעך" האָט ער, אַחוץ אַנדערע אַרבעטן, פאַרעפנטלעכט אַ קינדער־שפּיל „דאָס גאָלדענע קייקע־לע", וואָס איז שפּעטער דערשינען, אין אַ באַזונדער ביכל, אין ייִדיש און אין ענגליש, אין דרום־אַפריקע.

קיין דרום־אַפריקע איז טאַבאַטשניק געקומען אין יאָר 1927. דאָ האָט ער זיך אַלע יאָרן באַטייליקט אין דרוקן זיינע אַרבעטן אין די ייִדישע צייטונגען און ליטעראַרישע זשורנאַלן. ער האָט פאַרעפנטלעכט פיל דערציילונגען, רייזע־רעפּאָרטאַזשן, זכרונות און פּובליציסטישע אַרטיקלען.

אינעם „פּינקס קלעצק" און אינעם יזכור־בוך פון מיר זיינען געדרוקט זיינע אַרבעטן. עס זיינען אויך דערשינען אייניקע זיינע ביכער, וועלכע זיינען גוט און פּאָזיטיוו אויפגענומען געוואָרן אין דער ליטעראַרישער וועלט. ביי אים געפינט זיך אַ מאַנוסקריפּט פון זיינעם אַ ראָמאַן וועגן ייִדישן לעבן אין פּוילן; די האַנדלונג פונעם ראָמאַן ווערט פאָרגעזעצט אין דרום־אַפריקע. לויטן פּלאַן, דאַרף עס זיין אַ טרילאָגיע, געמאָלן אויף אַ ברייטער קאַנווע. עטלעכע קאַפּיטלען פונעם ערשטן טייל פון דאָזיקן ראָמאַן זיינען שוין געווען געדרוקט.

טאַבאַטשניק אַליין זאָגט, אַז ער איז זיין גאַנצן לעבן געווען באַ־ווירקט פון אַ. לוצקיס שאַפונגען. אינטערעסאַנט, אַז טאַבאַטשניק איז אַ סך יאָרן געווען פאַרבונדן מיטן ייִדישן טעאַטער, האָט אַליין געשפּילט און אויך רעזשיסירט.

ער ווערט זייער רעספּעקטירט און איז זייער באַליבט אין די קולטור־ און שרייבער־קרייזן. איז אַ פאַרמעגלעכער מענטש און איז באַקאַנט מיט זיין גוטהאַרציקער נאַטור. ער העלפט נויטבאַדערפטיקע שרייבערס און באַטייליקט זיך אין אַלע פאָנדן לטובת מדינת ישראל.

זיין פרוי הייסט פייגל, געב' גינזבורג.

זייערע קינדער: בערנאַרד איז דאָקטאָר מעדיצין, פּראָפעסאָר אין האָפּקינס אוניווערסיטעט, באַלטימאָר; דויד איז אַ גרויסער סוחר אין לאַנד; די טאָכטער מירל איז פאַרהייראַט מיט אַן אַרכיטעקט.

טאַבאַטשניק פאַרמאָגט צען אייניקלעך, כן ירבו!

**לעווין משה**, יאָהאַנעסבורג. געבוירן אין 1900 אין טראקעל, וואָס איז לעבן ווילנע. געלערנט אין לידער ישיבה, ביי ר׳ יצחק־יעקב ריינעס, און אין ראַדין, ביים חפץ־חיים ז״ל.

אין 1917 איז ער גענומען געוואָרן אויף צוואַנגס־אַרבעט ביי די דייטשן. אין 1921 — געדינט אין דער פוילישער אַרמיי. פון 1922 ביז 1927 — געווען העברעיִשער לערער אין לידע. חתונה געהאַט אין 1928 אין איוויע און אין 1929 געקומען קיין דרום־אַפריקע, כדי צו פאַרנעמען די שטעלע פון שוחט און רעווערענד. ער האָט אָבער געוואָלט ווערן אַ משולח פאַר דער קעלמער ישיבה און איז דעריבער אַ גאַנצן יאָר אַרומ־געפאָרן איבערן לאַנד.

צוזעענדיק דאָס לעבן פון די כּלי־קודש, האָט ער באַשלאָסן, אַז ער וועט בעסער גיין אויפן וועג פון „בזיעת אַפּיך תאכל לחם״ און, מיט דער הילף פון זיינע שוויגער־עלטערן, האָט ער געדונגען אַ פאַרם; עס האָבן זיך אָנגעהויבן צרות צוליבן קלייבן זיך פון איין אָרט אויפן אַנדערן, ביז ער האָט געקויפט אַן אייגענעם פאַרם. דאָס איז געווען אַ ישוב פון 75 אַקער לאַנד.

אין 1943 פאַרקויפט לעווין זיין פאַרם און עפנט אַ געשעפט פון געהילץ און אייזנוואַרג, וואָס גיט אים אַ שטויס צו בויען קראָמען צו פאַרדינגען. אין 1965 האָט ער שוין געהאַט 25 אַזוינע קראָמען.

ער פאַרקויפט זיין געשעפט און זעצט זיך אַוועק שרייבן. ער גיט אַרויס אַ בוך „פון ווילנע ביז יאָהאַנעסבורג״, וואָס איז אַן אויטאָביאָ־גראַפישע דערציילונג פון אַ ייִדישן עמיגראַנט פון מיזרח־אייראָפּע פון 1914 ביז 1964. דאָס דאָזיקע בוך איז דערשינען אין דער ענגלישער שפּראַך און האָט געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג.

משה לעווין איז אַ חשובער טוער אין דער „תפארת־ישׂראל״־קהילה אין עמאַרענציאַ און איז דער קאַסירער פון די לומדי־תורה. ער איז אַ ביישטייערער פאַרן ישׂראל־אַפּיל, איז אַ מיטגליד פון „מייפּיר גמילות־חסדים״ און האָט בייגעשטייערט אַ צימער אין יאָהאַנעסבורגער ישיבה־קאָלעדזש.

# המשפחות טרויב, קפלן, רבינוביץ, פון, גן

## טרויב:

משפחת רבנים, תלמידי־חכמים ומשׂכּילים. מוצאה מגרמניה. עברה בחלקה לליטא, בהתחלת המאה ה־19.

ר׳ **יקותיאל טרויב** עבר מגרמניה לפלך ז׳אמוט, ליטא, כדי ללמוד תורה, ונשאר שם. בנו, ר׳ **בנימין־זאב טרויב**, היה רבה של שאוול; ובנו, ר׳ **אייזיק טרויב**, נשא את גרונא, בת ר׳ **ישראל גורדון**, שהיה „רב־הכּולל" בווילנא.

לר׳ אייזיק היו שבעה בנים, כולם תלמידי־חכמים מפורסמים. הנודע שבהם היה ר׳ **אברהם־שמעון טרויב**, רבה של קיידאַן, למן שנת תרי"ב (1852), מגדולי רבני דורו. ההדיר את הספר „הלכות גדולות", בליווי הערות והגהות, בשנת תרל"ה (1875). כן חיבר הגהות על הרמב"ם (נדפסו בספרי הרמב"ם, דפוס וילנא). סייע לזקנו בעבודת־הרבנות בווילנא. נודע בישרותו ובתקיפותו. נלחם נגד מגמות ה„תיקונים בדת" של תנועת ה„השׂכּלה" והתפלמס בנידון זה עם ראשיה, מעל דפי העתונות העברית של זמנו. נפטר בקידאן בשנת תרל"ו (1876).

אשתו של ר׳ אברהם־שמעון טרויב, **שרה־רבקה**, היתה בת־דודו של ר׳ בנימין־זאב טרויב. בניו של ר׳ אברהם־שמעון היו:

ר׳ **שלמה־זלמן שׂמחה טרויב**, שהיה בתחילה רב בעיר קראק, על־יד קידאן; ואחרי פטירת אביו, מילא את מקומו ברבנות קידאן; תלמיד־חכם מובהק ובעל מידות תרומיות. נפטר בקידאן בשנת תרע"א (1911).

**ר׳ יודיל טרויב.** ישב בווילנא. אף הוא היה תלמיד־חכם גדול. הגיד שיעור ב״,,ניוויאַזשער שול״ בווילנא. מיוחד במינו ביושרו המופתי ובמעשי צדקה וחסד.

בניו של ר׳ שלמה־זלמן־שמחה, אף הם גדולים בתורה היו:

**ר׳ אריה־לייב טרויב.** למד בישיבת וולוז׳ין. אחר־כך ישב בבויסק. התפרנס מחנות־מכולת, שניהלה אשתו, ואילו הוא עצמו עסק בתורה. בשנותיו האחרונות של אביו, ישב, בדרך־כלל, עמו בקידאן, להיות לו לעזר בעבודת־הרבנות.

**ר׳ ישראל־מיכל טרויב.** תלמיד־חכם, משכיל וסופר. השתתף ב,,המליץ״ וב,,המגיד״. היגר לדרום־אַפריקה והוציא שם, ביוהנסבורג, שבועון בעברית וביידיש, בשם ,,הכוכב״ — ,,דער אידישער שטערן״ (תרס״ג—תרס״ח 1908—1903). אחר־כך ישב בליבוי (לטביה) ובטלז׳ (ליטא) והירצה שם בשבתות ב,,שניידערשע שול״. נפטר בברלין בשנת תרפ״ח (1928).

**ר׳ צבי־הירש טרויב.** למד תורה אצל אחיו ר׳ אריה לייב, ואחר־כך בישיבת וולוז׳ין. למדן תלמודי גדול ורחב־דעת. אשתו, **דבורה** לבית קלאדו (אקום, לטביה), אף היא משכילה ויודעת תורה. בשנות היותו בליטא, ישב בקידאן. נדד הרבה בארצות שונות. תקופה מסויימת ישב בדרום־אפריקה (שם סייע לאחיו, ר׳ ישראל־מיכל, בעריכת ,,הכוכב״). עסק במסחר ובפקידות לפרנסת־ביתו, אך עיקר חיי־רוחו ומעייניו היה בלימוד התורה. היה מסור מנעוריו לארץ־ישראל ולבניה. בשנת תרפ״ה (1925) עלה לארץ והתישב בתל־אביב. עבד בועד־קהילת יהודי יפו—תל־אביב. נתן שעורים בתלמוד בבתי־מדרשות שונים, והללו משכו שומעים רבים. נפטר בתל־אביב, בשנת תש״ח (1948). בניו ובנותיו: **ישראל** (מחלוצי העליה השלישית לא״י. במשך שנים רבות היה מנהל ,,תנובה אקספורט״) ; **הנה** ; **הינדה** ; **זלמן**.

**ר׳ זאב טרויב.** למד אצל אחיו ר׳ אריה לייב, והמשיך בישיבת וולוז׳ין. תלמיד חכם חשוב ורציני. נדד בארצות שונות ולבסוף עלה לא״י והתיישב במושבת באר־יעקב ועסק שם בפרדסנות. כמו־כן הגיד שעור

בתלמוד בבית־הכנסת של המושבה. נפטר בשנת תש״ו (1946). בנותיו של ר׳ שלמה־זלמן־שמחה טרויב:

**חיה־מינה**, אשת ר׳ יודיל גן מפוניבז׳, איש אמיד ונדיב. בתם: **שרה־רבקה.**

**צ׳רנה.** אשת ר׳ יודיל גן הנ״ל (נישאה לו לאחר פטירת אחותה, חיה מינה).

**רלה.** אשת ר׳ **יצחק־אליהו גפן**, מגדולי רבני ליטא בדורו. זמן־מה היה ר״מ בישיבת סלובודקא, בראשיתה. אחר־כך היה רב בערים: יאסוין, ריטובה. בנם, ר׳ **אברהם שמעון גפן**, למד אצל דודו רא״ל טרויב, ואחר־כך בישיבת טלז׳. עבר לארה״ב והיה שם רב בבית־כנסת, בניו־יורק; כיום יושב בבני־ברק, ישראל. בתם, **שרה־מרים**, אשת ר׳ **יחיאל־אליעזר רבינוביץ**, תלמיד־חכם ואיש מידות, למד בישיבות שדובה, סלו־בודקא וטלז׳, אחר־כך עסק במסחר, היגר לקנדה ושימש שם רב בקירק־לנדלייק. בתם השנייה, **מינה זקס**, גרה בתל־אביב.

**פראַדיל.** למדנית ומשכילה. אישה הראשון היה ר׳ **אברהם־אליהו**, שנודע בכינויו „העילוי מראקוב״, ע״ש עיר־מולדתו. בעודו צעיר נודע כאחד מגדולי־הדור. למד בישיבת וולוז׳ין. זמן־מה היה ר״מ בישיבת לומז׳ה, בראשיתה. ישב שנים רבות במינסק ואח״כ בקידאן. נפטר פתאום. כבן ל״ב שנה, בשנת תרמ״ט (1889). [מעזבונו הופיעו „כתבי העילוי מראקוב״, תשכ״ג]. לאחר פטירתו נולד בנו, שנקרא על שמו, הוא ר׳ **אברהם־אליהו קפלן**, שנודע כאחד מגדולי דורו ומבחירי ישיבת טלז׳ וסלבודקא. בשנת תר״ץ (1920), נשא את **אסתר** (עטיל) בת ר׳ צבי הירש **אבל** מטלז׳ (בנו של ר׳ קלמן אבל, מוכר בזמנו כאיש רב חסד והיה ממייסדי ישיבת טלז׳). מצד אביה היתה מגזע ר׳ אברהם, אחי הגר״א, ומצד אמה — נכדת ר׳ אריה־ליב ברוידא, אחיו של ר׳ שמחה־זוסל זיו מקלם, מגדולי תנועת המוסר. בשנת תר״ץ (1920) נקרא ר׳ אברהם אליהו קפלן להורות תלמוד בבית־המדרש לרבנים, מיסודו של ר״ע הילדסהיימר, בברלין, והחדיר שם את דרך הלימוד הליטאית. השפיע רבות על תלמידיו ועורר רבים מהם להמשיך לימודיהם בישיבות ליטא.

בחוגי האורתודוכסיה היהודית־גרמנית הוכר כאוטוריטה תורנית מוב־הקת. כתב, מלבד תשובות בהלכה ובעניינים תלמודיים, גם דברי הגות ושירה. (חלק מזה נתפרסם בחייו, בייחוד בירחון „ישורון". בשנות תשי"ח—תש"ל הופיעו שלשה כרכים מעזבונו: „דברי־תלמוד" א–ב; „בעקבות־היראה"). תיכנן תכנית לחיבור פירוש חדש לתלמוד ופירסם עבודה גדולה „על עריכת פירוש לתלמוד בבלי, צרכו, ודרכו". אף הוא, כאביו, נפטר פתאם, בהיותו כבן ל"ד, בברלין, בשנת תרפ"ד (1924). אמו, פראַדיל, שהאריכה ימים אחריו, נישאה בעודו ילד, בשנת תרס"א (1901), לבעלה השני, ר' **יעקב רבינוביץ**, מנכבדי העיר טלז', בעל בית־מסחר גדול, נדבן ואוהב־תורה, יסד בית־חולים בטלז' ועסק הרבה בצרכי־ציבור. לאחר שריפת טלז', עמד בראש הועדה לשיקום־העיר והתמסר לזה בכל כחו. נפטר בשנת תר"ע (1909). בניו של ר' יעקב רבינוביץ, מנשואיו הקודמים, היו: ר' דוב, שישב רוב שנותיו באַנטוורפן, בלגיה. הצטיין ביושרו ובמדותיו הנעלות, והיה ממייסדי הישיבה בהיידה. ר' **יחיאל אליעזר**, שהיה לחתנו של ר' יצחק־אליהו גפן (ראה לעיל). בתו של ר"י רבינוביץ מנשואיו הקודמים היתה **רחל**, אשת **ר' ראובן בר דסלר**, איש קלם, מהמובהקים שבאישי תנועת־המוסר. מאשתו השניה, פראַדיל (שנישאה לו לאחר שנתאלמן מאשתו הראשונה), נולדו לו:

**מינה**, אשת ר' **יעקב לנדא**, בנו של ר' משה־לייב לנדא, שהיה רבה של קוריניץ, פלך ווילנא, מגדולי רבני זמנו ומחשובי חסידי חב"ד. ר' יעקב לנדא הוא תלמיד מובהק לאדמו"ר רש"ב שניאורסון מליובאַביץ' והוא מחשובי חסידי חב"ד; בעודו צעיר מילא מקום אביו ברבנות קוריניץ ואחר־כך היה „רב החצר" אצל האדמו"ר הרש"ב; נתגלגל למוסקבה והיה שם משומרי גחלת היהדות, תחת השלטון הסובייטי, ופעל רבות בארגון ובהדרכת אקדמאים חרדים במסגרת „תפארת־בחורים"; לאחר מכן היה רב לעדת החסידים בליבוי (לטביה); ולמן שנת תרצ"ו (1936) הוא רבה של בני־ברק, ישראל. נחשב לגדול בעלי סמכות רבנית בזמננו.

הרב ר' **יצחק־אייזיק רבינוביץ**, (נולד תרס"ו — 1906). תלמיד חכם ואיש־רוח, מבחירי בני ישיבת טלז'. תקופה מסויימת היה ר"מ במכינה של ישיבת טלז'. בשנת תרצ"ד (1934) נשא את **בילה** בת ר' **אהרון**

**באקשט**, רבה של שבלי. יוצר ומחדש בחכמת התורה, מורה ומנהיג, ידוע בגאונותו בכל התורה כולה על כל חלקיה ומכמניה, ובבקיאותו הרבה במדעי העולם. בשבלי דבקו בו כל יהודי הקהילה באהבה. היה מראשי העוסקים בענייני הכלל וממלא מקומו של חותנו בניהול הרבנות.

**הינדה.** היתה מורה בגמנסיה החרדית „יבנה" בטלז׳, וכן למדה באוניברסיטת קובנה. נישאה **לר׳ חיים פון** (בנו של הרב מטרישיק), מבחירי בני ישיבת טלז׳. היה רבה האחרון של פרן, עד השואה.

**יעקב רבינוביץ** (נולד לאחר פטירת אביו, ונקרא על־שמו). מחנך, עתונאי ועסקן צבורי. גר במונטריאל, קנדה.

**כץ משה.** זון פון לייב און נחמה; געבוירן אין 1913 אין גאָרזד.

זיין פאָטער איז געווען דער שטעטלשער חזן, אַ ייִד אַ תלמיד־חכם; האָט געלערנט חזנות ביים באַרימטן ריגער חזן און מוזיקאָלאָג פנחס ראַזאָווסקי. משהס זיידע איז געווען אַ חבר פון הרב קוק זצ״ל, מיט וועלכן ער האָט געלערנט צוזאַמען אין ישיבה.

פאַרן קומען קיין גאָרזד, האָט זיין פאָטער אַ געוויסע צייט געלעבט אין בירזש, ווו ער איז אויך געווען אַ חזן. צו דריי יאָר בלייבט משה אַ יתום. דער פאָטער שיקט אים שפּעטער לערנען אין אַן עלעמענטאַרער שול קיין קעלם, פון וואַנען ער גייט אַריבער אין דער ישיבה קטנה. נאָך דעם פאָרט ער לערנען אין די ישיבות פון טעלזש און סלאַבאָדקע.

אין עלטער פון צוואַנציק יאָר, ד״ה אין יאָר 1933, איז ער עולה קיין ארץ־ישׂראל ווי אַ חלוץ און באַזעצט זיך אין רמת־רחל. אינעם קיבוץ פאַרנעמט ער אַ פּירנדיקן פּאָסטן.

געווען אַקטיוו אין דער הגנה און אין פלמ״ח, פאַר וואָס די ענגלישע מאַנדאַט־מאַכט האָט אים ניט איין מאָל אַרעסטירט; ער איז געזעסן מערערע מאָל ביי זיי אין תפיסה.

נאָכן אַנטשטיין פון דער מדינה, ווערט ער סעקרעטאַר פון קיבוץ און דער אָנפירער מיט די קולטור־אַרבעטן.

זיין פרוי, חנה מזריר, שטאַמט פון פינסק און זיי האָבן פיר קינדער: צוויי זין און צוויי טעכטער.

**פּאָדריאַטשיק** (גורי) **יוסף.** געבוירן אין 1930 אין פרען. אַבסאָלווענט

פון ווילנער אוניווערסיטעט, פילאָלאָג, לעקטאָר פון דער רוסישער שפּראַך אין ירושלימער אוניווערסיטעט. אין ישׂראל פון 1957.

דער פֿאָטער, לייב, איז געווען אַ בוכהאַלטער און אַ גרויסער ליבּ־האָבער פון טעאַטער. ער האָט אָרגאַניזירט אַ סך פאָרשטעלונגען און האָט אויך געשריבן לידער.

יוסף האָט געלערנט אין דער העברעיִשער שול; אין 1940 פאָרט די משפּחה אַריבער קיין קאָוונע. בעתן אויסבראָך פון דער מלחמה, האָט זיך יוסף, צוזאַמען מיט אַן עלטערער שוועסטער, געפונען אין אַ קינדער־קאָלאָניע אין פּאַלאַנגען. אין פּאַניק פאַרלירט ער זיין שוועסטער. ער אַנטלויפט קיין לעטלאַנד, פון וואַנען ער ווערט אַריבערגעשיקט אין אַ קינדער־קאָלאָניע אין מאָרדאָוויע.

אין 1945 קערט זיך אום די קינדערהיים, אין וועלכער ער האָט זיך געפונען, קיין קאָוונע. די ליטווישע קינדער, פאַרשטענדלעך, געפינען זייערע עלטערן, אָבער ניט די ייִדישע.

יוסף געפינט זיך אין ייִדישן יתומים־הויז, וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן מיט דער הילף פון ייִדישן פּראָפעסאָר רעבעלסקי — אַ פּאָל־קאָווניק אין דער סאָוועטישער אַרמיי און אַ מיטאַרבעטער פון געפּאַ־לענעם גענעראַל טשערניכאָווסקי. דאָס דאָזיקע הויז איז אָבער דורך די סאָוועטן אין גיכן געשלאָסן געוואָרן. יוסף האָט נאָך באַוויזן צו לערנען אַ ביסל ייִדיש. דאַן גייט ער אַריבער אין אַ רוסישער שול און אין 1954 פאַרענדיקט ער דעם ווילנער אוניווערסיטעט און ווערט לעקטאָר פון דער רוסישער שפּראַך. ער ווערט אָבער ניט פאַרפירט פון זיין קאַריערע און, הגם ער איז אויפגעוואַקסן אין ניט קיין ייִדישער סביבה, בלייבט ער אין האַרצן אַ שטאָלצער ייִד. ער פאַרלאָזט קאָוונע און, נאָך גרויסע שוועריקייטן און שטרויכלונגען, דערגרייכט ער ישׂראל.

קיין העברעיִש קען ער ניט און קיין רוסיש דאַרף מען דאָ ניט. ער פאַרלירט זיך אָבער ניט. ער גייט לערנען עברית, אַרבעט אַלס פּאָלי־ציסט, אַלס באַאַמטער אין פּאָסט ביז ער ווערט לעקטאָר פון דער רו־סישער שפּראַך אין ירושלימער אוניווערסיטעט.

יוסף האָט פאַרעפנטלעכט אַרטיקלען און פאָרש־מאַטעריאַלן וועגן קאַמף פון די ליטווישע ייִדן קעגן די דייטשן. געמאַכט פאָרשאַרבעט אין „יד ושם".

זיין פרוי, אילנה, שטאַמט פון רוסלאַנד. זיי האָבן צוויי קינדער: אריה און תמר.

**קאַלאַנסקי שמואל.** זון פון חיים־יצחק און גיטל (געב' איינגאָרן, פון ניי־ווילייקע, לעבן ווילנע). געבוירן אין מאַריאַמפּאָל אין 1927. אין 1928 איז די גאַנצע משפּחה אַריבערגעפאָרן קיין קאָוונע, וווּ שמואל האָט געלערנט אין די אָרטיקע ייִדישע און העברעיִשע שולן.

אין עלטער פון צען יאָר האָט ער זיך אָנגעשלאָסן צו „השומר הצעיר", וווּ ער איז געווען ביז די רוסן האָבן אָקופּירט ליטע (1940).

אין 1941, ווען ס'איז אויסגעבראָכן די דייטש־רוסישע מלחמה, האָט די משפּחה געפּרוּווט אַנטלויפן קיין רוסלאַנד, אָבער איז אונטער־וועגנס פאַרהאַלטן געוואָרן דורך ליטווישע באַנדיטן און איז אַריינגעפאַלן צו די דייטשן.

געווען אין קאָוונער געטאָ, אין שאַנצער לאַגער און אין דאַכאַו. אין 1945 קערט ער זיך צוריק קיין ליטע, וווּ אין משך פון אַ קורצער צייט איז זיך צוזאַמענגעקומען די גאַנצע משפּחה, וואָס האָט זיך געראַ־טעוועט פון גיהנום.

שמואל האָט געענדיקט דעם ווילנער „ראַבפאַק" (פאַרשנעלערטער גימנאַזיע־קורס), שטודירט אין ווילנער אוניווערסיטעט מעדיצין; שפּע־טער — פיזיק און מאַטעמאַטיק. לעצטנס געאַרבעט אַלס לערער און זשורנאַליסט. איבער פינף יאָר געווען דער קאָרעספּאָנדענט פון וואַר־שעווער „פאָלקס־שטימע" אין ווילנע.

אין יאָר 1956 האָט ער, צוזאַמען מיט ישׂראל רודניצקי (אַסיסטענט אין תּל־אביבער אוניווערסיטעט, לעבט אין פּתח־תּקווה) אָנגעהויבן אָרגאַניזירן דעם ווילנער ייִדישן אַמאַטאָרן קרייז. בייקומענדיק אַלע שטערונגען פון דער סאָוועטישער מאַכט, איז דער קרייז סוף־סוף אָרגאַ־ניזירט געוואָרן און אונטער דער לייטונג פון צעסאַרק און שפּעטער פון משה פיאַנקאָ (איצט אין חולון), אויסגעוואַקסן צו אַ פאָלקס־אַנסאַמבל, וועמענס אויפטריטן ס'האָבן ברייט אָפּגעקלונגען אין דער ייִדישער וועלט. איצט געפינט זיך דער אַנסאַמבל אין ישׂראל און הייסט „אנחנו כאן".

קאַלאַנסקי איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט ניט מורא געהאַט צו שרייבן אָפענע בריוו אין דער רעדאַקציע פון „איזוועסטיאַ" און אַנדערע סאָוועטישע צייטשריפטן, פאָדערנדיק רעכט אויף עליה. זיין פרוי, בתיה, איז אין 1965 דערגאַנגען צו די „העכסטע פענצטער", און זייער אַקט־יאָריקער קאַמף פאַר עליה איז געקרוינט געוואָרן מיט דערפאָלג. שמואל אַרבעט אין דער טאָגצייטונג „לעצטע נייעס".

זייער זון, זאב (וווּלף, געב׳ 1954), איז אַבסאָלווענט פון דער סינגאַ־לאָווסקי־שול אין תל־אביב.

**לייבאָוויטש** (לייבּײַטע) **בתיה**, איצט קאַלאַנסקי. געבוירן אין טי־טוּוויאַן, ראַסיינער קרייז. אין די דרייסיקער יאָרן איז די משפּחה אַריבערגעפאָרן קיין קאָוונע, ווּ דער פאָטער האָט געאַרבעט אין דער באַווּוסטער פירמע פון וווּלף קליאַטשקאָ.

אין קאָוונע האָט בתיה געלערנט אין דער ייִדישער קאָמערץ־גימ־נאַזיע (שפּעטער האָט מען די שול אָנגערופן א״נ פון שלום עליכם). אין 1941 איז זי, צוזאַמען מיט אירן אַ ייִנגערן ברודער און שוועסטער, געווען אין דער זומער־קאָלאָניע פאַר קינדער אין פּאַלאַנגען. ווען ס׳איז אויסגעבראָכן די דייטש־רוסישע מלחמה, האָבן זיי אַלע געפּרוּווט אַנ־טלויפן קיין רוסלאַנד, אָבער אָן דערפאָלג. זיי זיינען אַריינגעפאַלן צו די דייטש־ליטווישע באַנדיטן, וועלכע האָבן די ייִדישע קינדער געפּייניקט עטלעכע וואָכן און דאַן זיי אָפּגעשיקט קיין קאָוונע, ווּ מען האָט זיי פאַרשפּאַרט אין געטאָ.



**בתיה קאַלאַנסקי (לייבאָוויטש), אויף אַ לעקציע אין דער אונטערגרונט־שול, זומער 1942, אין קאָוונער געטאָ.** (אויפן בילד איז בתיה באַצייכנט מיט אַ פייל).

דאָס דאָזיקע בילד איז פאָטאָגראַפירט געוואָרן, אין געהיים, דורך דויד ראַטנער — אַ מיטגליד פונעם געטאָ־אונטערגרונט (שפּעטער אומגעקומען).
אינטערעסאַנט, אַז דאָס דאָזיקע בילד איז עטלעכע מאָל פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין ראָטן־פאַרבאַנד, אָבער קיין איין מאָל איז ניט דערמאָנט געוואָרן ניט ווער עס געפינט זיך אויפן בילד און ניט ווער און ביי וועלכע שוידערלעכע אומשטענדן דאָס בילד איז פאָטאָגראַפירט געוואָרן. אַפילו אַזאַ „קלייניקייט" ווי די „געלע לאַטע", וועלכע מען זעט בולט אויף בתיהן, איז דורך די סאָוועטישע אַרויסגעבער פאַרשוויגן געוואָרן.

גוטע מענטשן האָבן זיך אויף בתיהן מיט איר ברודער און שוועסטער דערבאַרעמט און זיי אַריינגענומען צו זיך, ווייל די עלטערן מיט נאָך אַ ברודער זיינען דעם ערשטן טאָג פון מלחמה־אויסבראָך אַנטלאָפן קיין רוסלאַנד.

די אונטערערדישע קאָמוניסטישע געטאָ־אָרגאַניזאַציע האָט זיך פאַרבונדן מיט די קינדער, וועלכע האָבן גענומען אויספירן פאַר דער אָרגאַניזאַציע פאַרשיידענע געהיימע און ריזיקאַלישע שליחותן. די אָרגאַניזאַציע האָט אויך אַ ביסל געזאָרגט פאַר זייער מאַטעריעלער און גייסטיקער לאַגע; איין צייט האָט זי אַפילו געהאַט אויפגעשטעלט פאַר די קינדער אַ געהיימע שול, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ שטאַל און מיט וועלכער עס האָט אָנגעפירט דער לערער ראָזנטאַל.

סוף 1943 איז בתיה אַנטלאָפן פון געטאָ און זיך אויסבאַהאַלטן ביי קריסטן, ניט ווייט פון קאָוונע. אַ צייט איז זי געלעגן אין אַ וואַלד, ווו אירע האָר זיינען איין מאָל צוגעפראָרן געוואָרן צו דער ערד. מיט נסים האָט זי זיך געראַטעוועט פון אַן אַבלאַווע און סוף סוף האָט זי דערלעבט די באַפרייונג.

קומענדיק אין ווילנע האָט זי געטראָפן איר פאָטער, וועלכער האָט געדינט אין דער סאָוועטישער אַרמיי.

אין ווילנע האָט בתיה געענדיקט אַ גימנאַזיע, האָט געאַרבעט אַלס דיפּלאָמירטער בוכהאַלטער און אין 1965 איז זי דערגאַנגען צו די „הויכע פענצטער" און זיך דערשלאָגן אַ דערלויבעניש צו פאַרלאָזן דעם ראַטן־פאַרבאַנד און איז, צוזאַמען מיט איר מאַן און זון, עולה געווען. איצט לעבן זיי אין בת־ים.

**זאָלין נחום**, קייפּטאָן. זון פון דויד און אסתר, געב' סעגאַל. געבוירן אין ראַסיין און זיך געלערנט אין דער „יבנה" פּראָגימנאַזיע און אין אַ ישיבה. זיך דערצויגן אין אַן אָרטאָדאָקסישער היים; זיין מוטער־שפּראַך איז געווען העברעיִש. געווען אַקטיוו אין דער אַלגעמיין־ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע „נוער ציוני", „החלוץ הציוני" און פאַר קרן קימת לישׂראל.

געהאַט זעקס ברידער און צוויי שוועסטערס. איין ברודער, לאַלאַ, איז געקומען קיין דרום־אַפריקע אין 1928 און לעבט אין קייפּטאָן. נאָך אַ ברודער האָט געדינט אין דער „ליטווישער דיוויזיע" פון דער

רויטער אַרמיי און איז געפֿאַלן אויפֿן פראָנט. אַלע איבעריקע זיינען אומגעקומען בעת דער אָקופּאַציע.

נחומס ברודער, יצחק, איז פֿאַר דער מלחמה געווען דער מפקד פֿון קן בית״ר אין ראַסיין און דער סגן מפקד פֿון קאָוונער קן בית״ר.

ווען די דייטשן האָבן פֿאַרנומען ראַסיין און אַרויסגעטריבן די ייִדן צו דער שחיטה, איז נחום אַנטלאָפֿן אין וואַלד. אַ לאַנגע צייט האָט ער איינער אַליין אַרומגעבלאָנקעט, ביז ער האָט געטראָפֿן אַ ליטווישן פּויער, יאָזאַס ראַמאַנאַוסקאַס, וועלכער האָט אים געהאָלפֿן זיך אויסבאַהאַלטן. שפּעטער האָט נחום געטראָפֿן נאָך אַנטלאָפֿענע ייִדן און זיי האָבן געשאַפֿן אַ פּאַרטיזאַנער־גרופּע פֿון צוואַנציק מענטשן. ראַמאַנאַוסקאַס האָט אַלעמען באַזאָרגט מיט שפּייז.

נחום האָט זיך אין אַ געוויסן טאָג פֿאַרבונדן מיט דער קאָוונער געטאָ און ס'איז געלונגען אַרויסצוראַטעווען פֿון דאָרטן ייִדן, וועלכע האָבן זיך תיכף אָנגעשלאָסן צו דער גרופּע, וועלכע האָט שוין געפֿירט אַן אַקטיווע פּאַרטיזאַנישע טעטיקייט, קעמפֿנדיק מיט די אָקופּאַנטן. אַ סך פֿון דער גרופּע איז געפֿאַלן אין קאַמף.

זאָלין נחום לעבט מיט זיין פֿרוי, סאָניאַ צייקינסקי, אין קייפּטאָון. ער איז אַ געזעלשאַפֿטלעכער טוער, אַקטיוו אין דער אָרטיקער קולטור־געזעלשאַפֿט און שטייט בראש פֿון דער שארית־הפּליטה.

**זאַוולס שלמה,** קייפּטאָון. זון פֿון רפֿאל און שׂרה. לערער פֿון די ייִדישע פֿאָלקשולן, געהערט צום „בונד״ און „אַרבעטער־רינג״. שטאַמט פֿון ווילנע. געשטאָרבן אין 1960.

זיין פֿרוי איז אין ניו־יאָרק ; אין פּתח־תקווה לעבט זייער טאָכטער. זיינער אַ ברודער, דוד, לעבט אין קייפּטאָון.

געווען טעטיק אין קאָמיטעט פֿון ווילנער האַנטווערקער־פֿאַראיין.

4 Avignon Court Union Str., CAPE TOWN, S.A.

**כץ אלתר־אהרון,** קייפּטאָון. זון פֿון יהושע זאַלקינד און רחל־מרים בריקמאַן. געבוירן אין אקניסט, ראָקישקער קרייז. געלערנט אין דווינ־סקער ישיבה, וואָס האָט געהייסן „הורוויטשעס ישיבה״. שפּעטער זיך פֿאַרבונדן מיטן „בונד״ און געוואָרן אַקטיוו אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

געדינט עטלעכע יאָר אין דער צאַרישער אַרמיי און, בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, אַריינגעפאַלן, אין 1918, אין געפאַנגענשאַפט צו די עסטרייכער.

נאָך דער מלחמה האָט ער געלעבט אין דווינסק, וווּ ער האָט געהערט צו אַ געהיימען פראָפ' פאַראיין. שפּעטער געקומען קיין שאַוול און זיך אָנגעשלאָסן צו דער לינקער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, פאַר וואָס ער איז אַפילו געזעסן אין טורמע. אויסגעוואַנדערט קיין דרום־אַפריקע אין 1928.

די ערשטע יאָרן זיינען דאָ פאַר אים געווען זייער שווערע. היינט פירט ער אַ שיינע יידישע היים און באַטייליקט זיך אין אַלע וווילטעטיקע פאָראַנשטאַלטונגען. ער איז איינער פון די גרינדער פון דער קולטור־פעדעראַציע, איז געווען אַקטיוו אין דער קולטור־ליגע און שפּעטער אין קולטור־פאַראיין.

זיין פרוי, פייגע־ריוואַ, איז אַ געבוירענע אין ראָקישאָק. זייערע קינדער זיינען רעליגיעז־יידישלעך געשטימט און פירן טראַדיציאָנעלע יידישע היימען.

**יאָך אהרון־ברוך** ז״ל, קייפּטאָן. זון פון שלום און פייגע־מלכה, געב' בלאָך. שטאַמט פון קרעטינגען. געלערנט אין פּלונגיאַן, טאַווריק און גאָרזד. זיין פאָטער און זיידע זיינען געווען שוחטים אין קרעטינגען.

פון 1921 ביז 1924 האָט אהרון־ברוך געלערנט אין פראַנקפורט ביים אָדער און אין 1924 איז ער געקומען קיין דרום־אַפריקע. דאָ האָט ער באַקומען אַ רעליגיעזע דערציונג און געבליבן אַ שטרענג־פרומער ייד ביז צו זיין פּטירה אין יאָר 1967.

געווען פאָרזיצער פון די לומדי־תורה און פרעזידענט פון דער סי־פּאָינט־שול אין קייפּטאָן. געווען דער גרינדער און ערשטער גבאי פון דער שול.

געווען אַ בכּבודיקער, ערלעכער סוחר און פאַבריקאַנט, אַ גרויסער בעל־צדקה און מכניס־אורחים.

זיין פרוי: שׂרה־עטל, טאָכטער פון ר' ברוך און שיינע בערנאַרד. געבוירן אין טווער. קינדער: דער זון, שלום, איז אַ פאַבריקאַנט, אַקטיוו אין יידישן לעבן און האָט באַקומען ביי די עלטערן אַ רעליגיעזע דערציונג; די טאָכטער, דבורה־מייטע ראָט, לעבט אין די פאַראייניקטע

שטאַטן און איז אַ מאָלערין. נאָך אַ טאָכטער, אסתר־חנה, מיט איר מאַן, שמעון בורשטיין, לעבן אין פתח־תקווה.

זיינע קוזינען: הרב שמריהו־לייב מעדאַליע איז פון קרעטינגען. געווען הויפּט־רב פון וויטעבסק און שפּעטער אין מאָסקווע. אומגעקומען אין רוסלאַנד; הרב ד"ר הילל מעדאַליע, זון פון הרב שמריהו מעדאַליע. געבוירן אין רוסלאַנד, געווען רב ראשי אין לידס, ענגלאַנד. היינט אין אַנטווערפּן; הרב שמריהו־יצחק בלאָך, רב אין גאָלדעסגרין, ענגלאַנד, ווו ער איז נפטר געוואָרן. זיין איידעם איז הרב קירשנער; לעבט אין ברוקלין.

**ראָלניק מאיר,** ירושלים. געבוירן אין 1900 אין פּלונגיאַן. זון פון יצחק־אַבּא און חנה, געב' לעווין. געלערנט אין ליטע און אין דייטשלאַנד.

אין 1925 איז מאיר געקומען קיין ארץ־ישׂראל און זיך באַזעצט אין ירושלים. פאַרמאָגט אַ ביכער־פאַרלאַג „אחי־עבר", וואָס גיט אַרויס לערנביכער און שיינע ליטעראַטור. האָט אויך אַרויסגעגעבן אין העברעיִש דעם טאָגבוך, וואָס זיין פלימעניצע האָט געפירט אין ווילנער געטאָ (געבליבן לעבן).

אין די יאָרן 1930–1935 — געווען אַקטיווער טוער אין דער „הגנה". אין דער צייט פון מלחמת השחרור איז ער געווען מאָביליזירט אין „משמר העם" און אָנטייל גענומען אין דער פאַרטיידיקונג פון ירושלים.

זיין זון, יורם, איז אַ מיטאַרבעטער פון „שידורי ישׂראל". האָט צוויי טעכטער: שׂרה און יונינה.

**גאָלדבערג לאה** ז"ל, געלעבט אין ירושלים. דאָקטאָר פון פילאָסאָפיע. פּאָעטין און פּראָפעסאָר פון ליטעראַטור אין ירושלימער אוניווערסיטעט. געקומען קיין ארץ־ישׂראל אין 1935 און דאָ געשטאָרבן אין 1969.

געבוירן אין קאָוונע, דעם 29טן מאַי 1911, אין דער משפּחה פון אברהם גאָלדבערג. די מוטער האָט געהייסן צילע, געב' לעווין.

לאה איז געווען אַן אַביטורענטין פון דער קאָוונער „שוואַבעס־גימנאַזיע" און האָט שטודירט אין די אוניווערסיטעטן פון קאָוונע, בערלין און באָן. איין צייט געווען לערערין אין ראַסיינער העברעיִשער פּראָגימנאַזיע.

פון איר פריסטער יוגנט האָט זי געהאַט אַ נייגונג צו ליטעראַטור

און איז געווען טעטיק אויפן ליטעראַרישן געביט, ווו זי האָט זיך פּאַר־שאַפט אַ גרויסן נאָמען.

אין ארץ־ישׂראל האָט לאה אַכט יאָר געאַרבעט אין דער צייטונג „דבר", מיטגעאַרבעט אין „כתובים" און „טורים", רעדאַגירט די קינדער־צייטונג „דבר לילדים". אויפגעטראָטן מיט לעקציעס אויף ליטעראַרישע טעמעס. געווען לעקטאָרין אין דער דראַמאַטישער שול פון „הבימה".

פאַרעפנטלעכט הונדערטער אַרטיקלען, צען ביכער פּאָעזיע, צוועלף ביכער מיט איבערזעצונגען פון דייטש, רוסיש און פראַנצייזיש. דאָס אַלץ האָט איר באַרימט געמאַכט ניט נאָר אין לאַנד, נאָר אויך אויסער אירע גרענעצן. לאַורעאַטין פון מערערע פרייזן.

**פּראָפּ יעקב,** ירושלים. עקאָנאָמיסט־יוריסט, אַבסאָלווענט פון קאָוור־נער אוניווערסיטעט (1938). באַאַמטער אין אַרבעטס־מיניסטעריום אין ירושלים. אין ישׂראל זינט 1958.

געבוירן אין 1912 אין ראַסיין, אין אַ סוחרישער משפחה; שפּעטער אַריבער קיין שקודוויל. זון פון משה און פרומע־פריידע, געב' סעגאַל.

פון דער פריסטער יוגנט געווען אַקטיוו אין דער ציוניסטישער באַ־וועגונג. געווען אָנפירער פון „השומר הצעיר", „נצ"ח" און „החלוץ".

בעת דער סאָוועטישער אָקופּאַציע אין 1940 — געווען לערער אין דער ליטווישער גימנאַזיע פון ווילקאַווישק. אין דער צייט פון דער מלחמה איז אים, צוזאַמען מיט זיין פרוי, געלונגען צו אַנטלויפן קיין אוזבעקיסטאַן, ווו זיי האָבן געלעבט ביז 1957.

זיין פרוי, ביילה, געב' גורוויטש, שטאַמט פון פּאָניעוועזש. קינדער: וויקטאָר (1945) און עליזה (1951).

**טאָוו שולמית,** ירושלים. אַבסאָלווענטין פון ירושלימער אוניווערסי־טעט; ביבליאָטעקאַרין אין דער נאַציאָנאַלער אוניווערסיטעט־ביבליאָ־טעק. געקומען קיין ארץ־ישׂראל אין 1936.

געבוירן אין שקוד, אין 1919, אין דער משפחה פון עזריאל און חיה טאָוו. געלערנט אין שקוד און אין דער ראַסיינער העברעיִשער פראָגים־נאַזיע. געווען אַקטיוו אין „החלוץ הצעיר" און אין „החלוץ".

ביז 1942 האָט שולמית געלעבט אין אַ קיבוץ און דאַן איז זי אַריבערגעפאָרן קיין ירושלים שטודירן יידישע וויסנשאַפטן. נאָכן פאַר־

ענדיקן דעם אוניווערסיטעט, האָט זי געאַרבעט, אַלס ביבליאָגראַפין, אין „יד ושם".

געווען אַ מיטגליד אין דער „הגנה" און אָנטייל גענומען אין דער פאַרטיידיקונג פון ירושלים בעת דער מלחמת השחרור. אירע משפחה־מיטגלידער אין ליטע זיינען אומגעבראַכט געוואָרן בעת דער אָקופּאַציע.

**לעווין משה**, ירושלים. אַבסאָלווענט פון ירושלימער אוניווערסיטעט און הויכשול פאַר יוריספּרודענץ. יורידישער ראַטגעבער אין „מוסד לבי־טוח לאומי". געקומען קיין ארץ־ישׂראל אין יאָר 1936.

געבוירן אין 1917 אין קאַלוואַריע. זון פון אברהם־מרדכי, וועלכער איז געווען אַ לערער פון העברעיִש, דייטש און היסטאָריע אין דער פּראָ־גימנאַזיע.

אין 1921 איז די גאַנצע משפחה אַריבער קיין מאַריאַמפּאָל. דאָ לערנט ער אין דער העברעיִשער גימנאַזיע. קומט קיין ירושלים שטודירן ליטעראַטור, היסטאָריע און פילאָסאָפיע. גלייכצייטיק שטודירט ער יוריספּרודענץ.

געווען אַ מיטגליד אין דער „הגנה" און אָנטייל גענומען אין דער באַפרייונג־מלחמה.

זיין פרוי הייסט שושנה, געב' אָקון; זייערע קינדער: מרים, צפורה און אברהם.

זיין משפחה איז אומגעקומען, בעת דער מלחמה, אין ליטע.

**לעווין דוב**, ירושלים. געבוירן אין קאָוונע אין 1925, אין אַ סוחרישער משפחה. די עלטערן — צבי און בלומע, געב' וויגאָדער — האָבן גערעדט אין דער היים העברעיִש. געלערנט אין דער העברעיִשער „שוואַבעס־גימנאַזיע", וועלכע ער האָט פאַרענדיקט שוין אונטער סאָוועטישן רע־זשים, ווען העברעיִש איז שוין געווען אַ פאַרבאָטענע שפּראַך. געווען אַ מיטגליד אין „השומר הצעיר".

אין 1941 איז דוב אַריינגעפאַלן אין קאָוונער געטאָ, וווּ ער האָט זיך געלערנט סטאָלעריי און געמוזט גיין צו דער צוואַנגס־אַרבעט. אין 1943, בעת דער „אַקציע אויף עסטלאַנד", האָט ער פאַרלאָרן זיינע עלטערן. ער איז געבליבן אַליין און האָט זיך אָנגעשלאָסן צום קאָלעקטיוו פון „השומר הצעיר". געווען אַקטיוו אינעם געטאָ־אונטערגרונט און

האָט אויסגעפּירט פאַרשיידענע געפערלעכע אויפגאַבעס ביים באַזאָרגן די אונטערגרונט־מענטשן מיט געווער.

דעם 3טן מערץ 1944, ביי נאַכט, איז ער, צוזאַמען מיט נאָך אַ גרופּע ייִדן, אַלע באַוואָפנט, אַנטלאָפן פון געטאָ און זיך אָנגעשלאָסן צו דער פּאַרטיזאַנער איינהייט „אַ טויט די אָקופּאַנטן", וואָס איז באַשטאַנען מערסטנס פון קאָוונער ייִדן. זייענדיק אין וואַלד, האָט ער אָנטייל גענומען אין די קאַמפן מיט די דייטשן, האָט זיך באַטייליקט ביים אויפרייסן באַנען און ביים דעראָבערן געווער.

אין יולי 1944 קעמפט ער, צוזאַמען מיט דער רויטער אַרמיי, פאַרן באַפרייען ווילנע. נאָך דער באַפרייונג פאַרנעמט ער זיך מיטן דעמאַסקירן מערדער, מוסרים, וועלכע האָבן געהאָלפן מאָרדן ייִדן.

געווען אַקטיוו אין דער אומלעגאַלער „בריחה"־אַרבעט.

אין 1945 איז אים געלונגען צו אַנטלויפן קיין פּוילן, פון וואַנען ער האָט זיך דערשלאָגן קיין איטאַליע און פון דאָרטן, מיט אַן אומלעגאַלער מעפּילים־שיף, עולה געווען קיין ארץ־ישׂראל.

געווען אַ יאָר אין קיבוץ בית־זרע און אַריבער שטודירן אין ירושלימער אוניווערסיטעט. די מלחמת השחרור האָט איבערגעריסן זיין לערנען. געקעמפט אין די רייען פון פּלמ"ח.

נאָך דער מלחמה פאַרענדיקט ער דעם אוניווערסיטעט און אַ הויכשול פאַר סאָציאַלער אַרבעט. בעת דער סיני־אַקציע (1956) — געווען מאָביליזירט אין צה"ל. נאָך דעם זיך פאַרפולקאָמט אין סאָציאַלער אַרבעט אין די פאַראייניקטע שטאַטן און אין בראַזיל. אַרבעט אויף אַ ווערק וועגן די ייִדן בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה.

זיין פרוי, בלהה, געב׳ דויטש ; קינדער : ניצנה, בשמת און צבי. זיין פאַמיליע איז אומגעקומען אין עסטלאַנד.

**ד"ר אַלעקסאַנדער ראָזענפעלד.** הגם ער איז געבוירן אין מיזרח־גאַליציע, אין בראָדי, אין יאָר 1896, איז ער, אין כּלל, פון די באַליבטסטע ליטווישע ייִדן.

בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער געקעמפט אין דער עסטרייכישער אַרמיי. האָט פאַרענדיקט דעם פילאָסאָפישן פאַקולטעט פון ווינער אוניווערסיטעט. אין 1924 איז ער איינגעלאַדן געוואָרן קיין פּאָניעוועזש אַלס לערער אין דער העברעיִשער גימנאַזיע, מיט וועלכער

ס'האָט אָנגעפירט ד"ר גורוויטש. שפּעטער איז ער אַריבער אין דער קאָוונער העברעיִשער רעאַל־גימנאַזיע (אונטער דער לייטונג פון ד"ר פעלדשטיין) און אין דער העברעיִשער „שוואַבעס־גימנאַזיע" (אונטער דער לייטונג פון ד"ר שוואַבע).

געווען אַקטיוו אויף אַלע ציוניסטישע געביטן. געווען דער לידער פון מכּבי און שפּעטער איר פּרעזידענט. אַריבער קיין בערלין אין 1929 און געוואָרן דער לידער פון דער מכּבי־וועלט־באַוועגונג.

געווען זייער אַקטיוו אין „ברית עברית עולמית" און געוואָרן איר פּרעזידענט אין 1934. אויסגעפאָרן כמעט אַלע וועלט־טיילן אין די אינ־טערעסן פון דער העברעיִשער שפּראַך און קולטור. געווען באַצייכנט אַלס „וואַנדערנדיקער אַמבאַסאַדאָר פון העברעיִש".

לעבט אין תל־אביב.

**ד"ר ישׂראל קלויזנער.** זון פון שבתי און רחל־לאה (געב' קאָפּעלאָ־וויטש). געבוירן אין 1905, אין טראָק, און זיך דערצויגן אין אַן הע־ברעיִשער פאָלקשול. שפּעטער אַריבער קיין ווילנע און, אין 1925, פאַר־ענדיקט מיט אַן אויסצייכענונג אַ גימנאַזיע.

אַריינגעטראָטן אין ווילנער אוניווערסיטעט און געווען דאָ זייער אַקטיוו פאַר דער פאַרשפּרייטונג פון העברעיִש צווישן דער ייִדישער סטודענטשאַפט. מיטגעאַרבעט אין צייטשריפטן און געהאָלפן שאַפן אַ לעקטאָראַט פאַר העברעיִש. פאַרענדיקט דעם אוניווערסיטעט אין 1935. געווען לערער אין ווילנער העברעיִשער גימנאַזיע.

זיינע ערשטע ביכער, וואָס ער האָט אַרויסגעגעבן, זיינען: „געשיכטע פון אַלטן בית־עלמין" און „געשיכטע פון דער ייִדישער קהילה אין ווילנע".

אָנגעקומען קיין ארץ־ישׂראל אין יאָר 1936. באַקאַנט אין מדינת ישׂראל אַלס פּובליציסט, פילאָסאָף און געלערנטער.

**ד"ר משה זילבערג.** געבוירן אין סעפּטעמבער 1900, אין שקודוויל, ראסיינער קרייז, אין דער משפּחה פון הילל און אסנת (געב' יפה). געלערנט אין די ישיבות פון קעלם (ביי הרב אליהו לאַפּיאַן) און מיר (ביי הרב אליהו־ברוך קאַמאַי און הרב ירוחם לייבאָוויטש).

בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט ער געלערנט אין סלאַ־

באָדקע, דאַן אַריבערגעפאָרן קיין מינסק און געלערנט ביי הרב מ.מ. עפּ־שטיין און הרב נתן־נטע פינקל — דער אַלטער. שפּעטער האָט ער געלערנט אין די ישיבות פון נאָוואָגראָדעק, גאָמעל, כאַרקאָוו, ראָסטאָוו און קיִעוו.

ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט, קערט זיך משה אום צוריק קיין ליטע און זעצט פאָר זיין לערנען אין סלאַבאָדקער ישיבה.

משה זילבערג איז געווען באַקאַנט אַלס „שקודווילער עילוי״; ער האָט פאַרענדיקט די קאָוונער רעאַל־גימנאַזיע און אַוועקגעפאָרן קיין פראַנקפורט ביים מיין שטודירן אַלגעמיינע וויסנשאַפטן. געוואָרן אַקטיוו אין די ציוניסטישע קרייזן.

אין 1921 האָט ער שטודירט אין מאַרבורג פילאָסאָפיע און יוריס־פּרודענץ. כּדי אויסצוקומען, האָט ער געגעבן פּריוואַטע לעקציעס פון תלמוד און העברעיִש. אין 1926 האָט ער באַקומען זיין דאָקטאָר־טיטל אין יוריספּרודענץ.

אין 1929 איז ער איינגעלאַדן געוואָרן אַלס לערער אין דער תל־אביבער גימנאַזיע „תחכמוני״. אין 1932 ווערט ער אַדוואָקאַט און דערוווערבט זיך אַ נאָמען פון אַן עקספּערט אין געזעצגעבונג.

משה זילבערג איז היינט ריכטער אין העכסטן געריכט פון ישׂראל. ער לעבט אין ירושלים און פירט זיך רעליגיעז.

זיינע עלטערן זיינען אומגעקומען בעת דער שואה אין שקודוויל, אלול תשי״א (סעפּטעמבער 1941).

**אברהם ברוידעס.** געבוירן אין ווילנע, אין יאָר 1907. זון פון יצחק און בתיה (געב׳ פּערלשטיין). פון דער פּריסטער יוגנט געשריבן לידער און רעדאַגירט יוגנט־בלעטער אין גימנאַזיע.

שטרעבנדיק צו פאָרן קיין ארץ־ישׂראל, האָט ער פאַרענדיקט די „אָרט״־שול אַלס שלאָסער־מעכאַניק. עולה געווען אין 1923. געאַרבעט ביי פאַרשיידענע שווערע אַרבעטן און האָט אויך פאַרזוכט דעם טעם פון אַרבעטסלאָזיקייט און הונגער.

ביאַליק האָט אים דערנענטערט און דערמונטערט, אָבער בערל קאַצענעלסאָן האָט אים דערהייבן. היינט איז ער פון די באַרימטע און באַליבטע פּאָעטן אין ישׂראל. ער האָט פאַרעפנטלעכט פיל ביכער און איז באַקאַנט אין דער גאַנצער וועלט צווישן די העברעיִש־לייענער.

**ברכה כוואַס־הכהן.** געבוירן אין אַליטע (אַליטוס), אין יאָר 1900. טאָכטער פון הרב ישׂראל כוואַס און נחמה־דבורה, געב׳ שלעזינגער.

זייענדיק אַ קינד פון זיבן יאָר, איז זי עולה געווען קיין ארץ־ישׂראל. אין 1921 האָט זי גראַדויִרט אַלס לערערין און האָט אַרויסגעוויזן זעל־טענע פעדאַגאָגישע און אָרגאַניזאַטאָרישע פעיִקייטן. זי האָט געגרינדעט שולן און זיך גענומען צו פובליציסטיק. געוואָרן אַ באַרימטע זשורנאַ־ליסטין און זיך באַטייליקט אין ציוניסטישע וועלט־קאָנגרעסן אַלס קאָרעספאָנדענטין פון „דבר״. זי האָט זיך אויך באַטייליקט אין אינ־טערנאַציאָנאַלע קאָנפערענצן און האָט אַרויסגעגעבן פיל ביכער.

איר מאַן איז דוד הכהן — פון די באַקאַנטסטע לידערס אין העבודה־פּאַרטיי אין ישׂראל.

**יצחק אָלשאַן־אָלשאַנסקי.** געבוירן אין קאָוונע. זון פון אשר און ליבע, געב׳ לעווין. געקומען קיין ארץ־ישׂראל אין 1912. האָט באַקומען אַ טראַדיציאָנעלע העברעיִשע דערציִונג. געענדיקט די הרצליה־גימנאַזיע.

יצחק איז געווען אַ נאָנטער חבר פון אליהו גאָלאָמב און דוב האָז. געווען פון די ערשטע אַקטיוויסטן אין דער „הגנה״.

געענדיקט יורי אין לאָנדאָנער אוניווערסיטעט און זיך דערוואָרבן אַ נאָמען אַלס עקספּערט פון געזעצגעבונג. געווען באַשטימט אַלס ריכטער אין העכסטן געריכט. היינט פּענסיאָנער.

**שלמה גאָלדשטיין.** זון פון חיים און מנוחה. געבוירן אין 1914, אין יורבורג. האָט געענדיקט די דאָרטיקע העברעיִשע גימנאַזיע און שפּעטער דעם כעמישן פאַקולטעט פון קאָוונער אוניווערסיטעט.

געווען אַקטיוו אין דער חלוצישער באַוועגונג, אָנגעפירט מיט דער „דרור״־אָרגאַניזאַציע און פון 1937 ביזן אויסבראָך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה — געווען דער לידער פון „החלוץ״ אין ליטע.

שלמה האָט, אין די ראַמען פון זיין חלוצישער טעטיקייט, באַזוכט פּוילן, דייטשלאַנד, ענגלאַנד און ארץ־ישׂראל.

בעת דער מלחמה איז ער געווען אין קאָוונער געטאָ, וווּ ער האָט געאַרבעט אין סאָציאַלן אַמט און גלייכצייטיק געהערט צו דער אונ־טערגרונט.

פון 1946 ביז 1948 האָט ער געלעבט אין איטאַליע, וווּ ער איז געווען

מיטגליד פון דער פליטים צענטראַלע און געשטאַנען בראש פון „אחדות העבודה".

פון 1948 — אין שיקאַגאָ; איז אַ פאַבריקאַנט פון כעמישע מאַטער־יאַלן. שטייט בראש פון אַ פאַרבאַנד פון ניי־געקומענע און איז אַ הייסער אונטערשטיצער פון פאַרשיידענע ישׂראל־פאָנדן.

זיין פרוי, תמרה טייץ, שטאַמט פון שקוד. האָבן צוויי טעכטער: יהודית און מנוחה.

**אליעזר לייפציגער** הי"ד. געבוירן אין 1903 אין יורבורג. געענדיקט די קאָוונער העברעיִשע רעאַל־גימנאַזיע אין 1923 און דעם יורידישן פאַקול־טעט פון קאָוונער אוניווערסיטעט אין 1929.

געווען דירעקטאָר פון די העברעיִשע גימנאַזיעס אין יורבורג, מאַר־יאַמפּאָל און פּאָניעוועזש. פאַרנומען אַ פירנדיקן אַמט אין „התאחדות פועלי־ציון". אומגעקומען, צוזאַמען מיט דער גאַנצער משפחה, אין פּאָניעוועזש, אין 1941.

**יוסף טייץ** הי"ד. שטאַמט פון שקוד. זייענדיק נאָך אַ שילער, האָט ער אַרויסגעוויזן אַ גרויסן אינטערעס צו געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. געווען אַקטיוו אין דער באַוועגונג „החלוץ הצעיר".

יוסף איז געווען אַ גוטער אָרגאַניזאַטאָר, האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין ריידן און געווען אַן אָנגענעמער און ליבער מענטש. געווען שטאַרק באַליבט אין די חלוצישע קיבוצים און יוגנט־אָרגאַניזאַציעס.

זיין פרוי איז געווען שׂרה כהן פון סיאַד, ווּ זיי זיינען אומגעקומען בעת דער מלחמה.

ד"ר **הערצל ראָזנבלום**, תל־אביב. געבוירן אין קאָוונע, דעם 14טן אויגוסט 1903. זון פון אברהם־מרדכי און ראָדאַ־איטאַ, געב' לעווין.

הגם ער האָט זיך דערצויגן אין דער רוסישער שפּראַך, איז ער אָבער געווען באַהערשט פון אַ דראַנג צום ציוניזם און, זייענדיק אין אַכטן קלאַס, האָט ער געקעמפט פאַרן איינפירן העברעיִש אַלס אונטעריכט־שפּראַך.

אין 1922, ווען ד"ר מ. סאָלאָווייטשיק איז געווען מיניסטער פאַר יידישע ענינים, האָט ראָזנבלום געאַרבעט אין זיין מיניסטעריום.

אין 1923 איז ער אַרויסגעפאָרן קיין ווין שטודירן יוריספּרודענץ און אין אַ יאָר אַרום האָט ער זיך אָנגעשלאָסן צו דער רעוויזיאָניסטישער אָרגאַניזאַציע. געוואָרן דאָ אַן אַקטיווער טוער און אָנגעהויבן זיך פאַרנעמען מיט זשורנאַליסטיק. מיטגעאַרבעט אין קאָוונער „אידישע שטימע" און אין פּאַריזער „ראַסוועט".

אין 1929 — זיך אומגעקערט קיין קאָוונע און אָנגעהויבן זיין יורידישע קאַריערע. געוואָרן פון די הויפּט־טוער אין דער רעוויזיאָניסטישער פּאַרטיי און, אין 1930, איז ער איינגעלאַדן געוואָרן אינעם סעקרעטאַריאַט פון דער רעוויזיאָניסטישער וועלט־אָרגאַניזאַציע, וועמענס זיצאָרט ס'איז געווען אין לאָנדאָן.

ביז 1933 איז ראָזנבלום געווען פון די רעדאַקטאָרן פון רעוויזיאָניסטישן וואָכנבלאַט „דער נייער וועג". ווען ס'איז אין זעלבן יאָר פאָרגעקומען די שפּאַלטונג אין דער רעוויזיאָניסטישער פּאַרטיי, איז ער אַריבער צו דער גרופּע פון מאיר גראָסמאַן. ער איז געשטאַנען בראש פון דער נייער פּאַרטיי אין ליטע, געפירט אַ ברייטע אויפקלערונג־אַרבעט און געקעמפט קעגן פאַרלאָזן די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע.

הגם ראָזנבלום איז געווען אַ דערפאָלגרייכער אַדוואָקאַט, האָט ער אין יאָר 1935 פאַרלאָזן ליטע און עולה געווען קיין ארץ־ישׂראל. דאָ האָט ער אָנגעהויבן אַרבעטן אין דער צייטונג „הבוקר". היינט איז ער דער הויפּט־רעדאַקטאָר פון דער פאַרשפּרייטער צייטונג „ידיעות אחרונות".

פון 1929 האָט ער זיך באַטייליקט אין אַלע ציוניסטישע וועלט־קאָנגרעסן.

זיין פרוי הייסט העלענאַ, שטאַמט פון קאָוונע און איז די טאָכטער פון משה פראַנק. האָבן אַ זון משה.

**פיין שמואל**, יאָהאַנעסבורג. זון פון מרדכי און שׂרה־ליבע (געב' קעלמאָוויץ). שטאַמט פון קראָקי און געלערנט אין שאַדעווע צוזאַמען מיטן אומגעקומענעם טעלזשער רב הרב יצחק בלאָך ז"ל.

פיין איז אָפּגענומען געוואָרן קיין אַפריקע דורך אַן אָנקל אין יאָר 1912.

געווען פּרעזידענט אין קענסינגטאָנער שול און גבאי אין דער יעאוויל־שול. האָט שטענדיק אונטערשטיצט אַלע ייִדישע וווילטעטיקע

אַקציעס און איז אַ מיטגליד אין פיל פאַרבאַנדן. פירט זיך זיין גאַנץ לעבן רעליגיעז.

זיין פרוי איז רחל כּץ, וועלכע שטאַמט פון אוטיאַן און איז אַן אַקטיווע געזעלשאַפטלעכע טוערין.

זייערע קינדער: טאָכטער דאָריס; איר מאַן, ד״ר אָסיפ, איז אַ גרויסער געזעלשאַפטלעכער טוער און לידער אין זיין קהילה. דער זון איז ד״ר סיריל פיין, „מזרחי״־לידער. די טאָכטער, אַוריל סאַנדראַ גולדרייך, לעבט אין ישׂראל.

**ליפשיץ לייב**, יאָהאַנעסבורג. זון פון דן און עלקאַ הער. שטאַמט פון יאָנישאָק, סוחר און באַקאַנטער געזעלשאַפטלעכער טוער.

ביי אים אין ביוראָ הערשט ממש אַ ישׂראל־אַטמאָספער: די ווענט זיינען באַהאַנגען מיט בילדער פון ציוניסטישע פערזענלעכקייטן און ישׂראל־מנהיגים, מיט זייערע אויטאָגראַפן.

לייב ליפשיץ איז אַ גרויסער פריינד פון מדינת ישׂראל. ער איז געווען פאָרזיצער פון פאַראייניקטן ישׂראל־אַפּעל און איינער פון די פירנדיקע טוערס אין „אָרט״—„אָזע״. ער איז אויך אַ טוער אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און אין באָרד אָוו דעפּיוטיס, מיטגליד פון דער וועלט־עקזעקוטיווע פון „אָרט״ און אַ לייטנדיקער טוער אין דער וואָכן־צייטונג „זייאָניסט רעקאָרד״.

זיין פרוי, איידאַ כּהן, אַ געבוירענע אין יאָהאַנעסבורג, איז זייער אַקטיוו אין „אָרט״ און אין פאַרשיידענע פרויען־אָרגאַניזאַציעס.

זייער טאָכטער, דינה, איז די פרוי פון ד״ר מעדיצין סידנעי כּץ. זיי לעבן אין יאָהאַנעסבורג און האָבן דריי קינדערלעך — ליפשיצעס אייניקלעך: דויד, רחל און יהונתן.

**כּץ גוסטאַוו**, יאָהאַנעסבורג. געבוירן אין אַנטווערפּן. פּראָמינענטער דיאַמאַנטן־פאַבריקאַנט. זיין פרוי, לאָטע, געב' פרינץ, שטאַמט פון אַמ־סטערדאַם.

**גרינבלאַט** (איצט גורן) **אשר**. אַבסאָלווענט פון ירושלימער אוניווער־סיטעט, אָריענטאָלאָג, וויצע־דירעקטאָר פון רעסאָרט פאַר פאָרשונג־

אַרבעט אין דער אָפּטיילונג פאַר לענדער אין דער געגנט פון מיטלענדישן ים פון אויסערן־מיניסטעריום. וווינט אין ירושלים.

געבוירן אין מאָסקווע אין 1919, זון פונעם דיכטער און קולטור־טוער נתן גרינבלאַט. זיין מוטער האָט געהייסן נחמה דימיטראָווסקי.

אין 1921 איז ער, מיט די עלטערן, געקומען קיין ליטע און דאָ באַקומען אַ פולשטענדיקע נאַציאָנאַל־העברעישע דערציִונג: אין דער היים, וווּ מען האָט גערעדט העברעיִש, אין העברעיִשן קינדער־גאָרטן און אין דער קאָוונער העברעיִשער רעאַל־גימנאַזיע.

אין 1935 איז אשר עולה געווען קיין ארץ־ישׂראל און פון 1936 ביז 1941 שטודירט אָריענטאָלאָגיע אין ירושלימער אוניווערסיטעט. נאָך דעם געאַרבעט אַלס אַסיסטענט ביים באַוווּסטן פּראָפ׳ מייער; געווען מיטרעדאַקטאָר פון העברעיִש־אַראַבישן ווערטערבוך (1946).

פון יולי 1943 ביז פעברואַר 1945 האָט אשר געאַרבעט אַלס באַאַמ־טער ביי דער מאַנדאַט־מאַכט. שפּעטער אַריבער אויף פאַראַנטוואָרט־לעכער אַרבעט אין דער אַראַבישער אָפּטיילונג פון דער „הגנה״, פון וואַנען ער איז אַריבער אַרבעטן אין דער פּאָליטישער אָפּטיילונג פון דער סוכנות־לייטונג. אין 1947 ווערט ער געשיקט אין די פאַראייניקטע שטאַטן און, ווען עס ווערט דאָרטן געגרינדעט די ישׂראל־געזאַנדשאַפט, קומט ער אָן דאָרטן אַרבעטן און בלייבט אַ באַאַמטער פון אויסערן־מיניסטעריום.

אשר האָט פאַרעפנטלעכט אַ ווערק וועגן דער אַראַבישער ליגע; האָט פיל איבערזעצט אויף עברית פון דער אַראַבישער, פערסישער און שפּאַנישער פּאָעזיע, שרייבט אַרטיקלען און אָפּהאַנדלונגען אויף ליטע־ראַרישע און פּאָליטישע טעמעס און אויך וועגן אַראַבערטום. ער האָט אויך אָנטייל גענומען אין פאַרפאַסן דאָס בוך וועגן זיין פאַרשטאָרבענעם פאָטער („ספר נתן גורן ז״ל״, 1958, „ברית עברית עולמית״).

חתונה געהאַט אין 1950 מיט עליזה שטרית — אַן אָפּשטאַמיקע פון דער באַקאַנטער אַלטער ספרדישער משפחה. זייער טאָכטער הייסט תקווה־אהובה (1954) און זייער זון איז אמיצי־בלדד (1955).

**פראַנק שלמה**, קייפּטאָן. זון פון חיים־יעקב און פייגע (געב׳ פּושינ־סקי). געבוירן אין גאָרזד, וואָס געפינט זיך לעבן מעמל. געלערנט אין דער דאָרטיקער שול און פון דער פּריסטער יוגנט געווען אַקטיוו אין דער ציוניסטישער אַרבעט און געהערט צו דער צ.ס.־פּאַרטיי. געווען

טעטיק אין דער „החלוץ״־באַוועגונג און פלעגט פאָרן קיין קאָוונע אויף קאָנפערענצן.

אין 1923 איז ער, אַלס חלוץ, עולה געווען קיין ארץ־ישׂראל און געוואָרן דאָ אַ בוי־אַרבעטער. געווען אַ מיטגליד פון הסתדרות העובדים און אַן אַקטיווער חבר אין „הפועל־הצעיר״.

אין 1928 — געקומען קיין דרום־אַפריקע און געוואָרן אַ סוחר. אַקטיוו אין דער „פועלי־ציון״־פּאַרטיי און איז אַ גרויסער אונטער־שטיצער פון יעדער אַקציע לטובת ישׂראל.

פראַנק פאַרמאָגט די גרעסטע און רייכסטע ביבליאָטעק אין שטאָט מיט ייִדישע, העברעיִשע און ענגלישע ביכער. די ליבע צו ביכער האָט ער איבערגענומען פון זיין פאָטער, וואָס איז געווען אַ באַקאַנטער משׂכּיל.

זיין פרוי, אסתר מזא״ה, שטאַמט פון מינסק, פון דער באַקאַנטער מזא״ה־משפּחה. זיי האָבן צוויי זין, וועמען זיי האָבן געגעבן אַ ייִדישע דערציִונג. זיי האָבן געלערנט אין דער תלמוד־תורה און זיינען חשובע מיטגלידער אין דער ייִדישער קהילה. ביידע זין, אליהו און בצלאל, זיינען דערפאָלגרייכע סוחרים.

**יודל מאַרק.** געבוירן אין לעטלאַנד אין יאָר 1897. פון 1969 לעבט ער אין ישׂראל.

יודל מאַרק איז ביי אונדז אחד במינו. שעפעריש און טעטיק אויף פיל געביטן אין אונדזער ייִדיש־גייסטיקן לעבן.

געווען דער רעדאַקטאָר פון דעם ייוואָ־זשורנאַל „ייִדישע שפּראַך״ און פון דעם ייִדישן ווערטערבוך; ער האָט אַרויסגעגעבן איבער צוויי צענדליק ייִדישע שול־אויסגאַבעס און לערנביכער; רעדאַקטאָר פון „דער פּעדאַגאָגישער בולעטין״.

ווען ער איז סך־הכל געווען אַלט פיר און צוואַנציק יאָר (1921), האָט ער אַרויסגעגעבן אַ ייִדישע שול־גראַמאַטיק. אין עטלעכע יאָר אַרום איז דערשינען אַ צווייטע, פאַרבעסערטע אויפלאַגע פון דער זעלבער גראַמאַטיק.

יודל מאַרק איז געווען דער גרינדער פון דער ווילקאָמירער ייִדישער רעאַל־גימנאַזיע (די ערשטע אין ליטע) און דער לערער פון ייִדיש און רוסיש. דערנאָך איז ער געווען לערער פון ייִדיש און ייִדישער ליטעראַטור אין דער ריגער שטאָטישער ייִדישער גימנאַזיע.

באַקאַנט געווען אין ליטע ווי אַ גוטער אָראַטאָר, פּעדאַגאָג און רעדאַקטאָר פון דער ייִדישער טאָגצייטונג „פאָלקסבלאַט״.

אין 1936 קומט ער קיין אַמעריקע שוין ווי אַ באַקאַנטער ייִדישער פּעדאַגאָג, פילאָלאָג און געזעלשאַפטלעכער טוער.

יודל מאַרק ווערט היינט צו טאָג פאַררעכנט פאַר אונדזער גרעסטן ידען אין דער ייִדישער גראַמאַטיק. ער קען אַוועקגעשטעלט ווערן אין איין ריי מיט דעם גרויסן שפּראַך־פאָרשער א. זאַרעצקי (1891—1956), וואָס זיין „ייִדישע גראַמאַטיק״ (ווילנע, 1929, ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין, 311 זייטן) איז די סאַמע אַרומנעמענדיקסטע וויסנשאַפט־לעכע גראַמאַטיק, וואָס מיר האָבן.

יודל מאַרקס לעבנס־אַמביציע איז בלי ספק „דער גרויסער ווערטער־בוך פון דער ייִדישער שפּראַך״. הגם דער ווערטערבוך איז אויסגערעכנט אויף צען בענד און לעת עתה זיינען דערשינען בלויז דריי, האַלט ניט יודל מאַרק פון תלמודישן זאָג „לא עליך המלאכה לגמור״ : ער האָפט צו דערלעבן די פולע אויסגאַבע פון אַלע צען בענד. הלוואי !

זיין פרוי, פייגע, שטאַמט פון צאָזמאָר, פוילן.

**טאַנער** (טאַינאָוויטש) **יחזקאל**, שיקאַגאָ. זון פון יוסף און פרידע. געבוירן אין ווילקאָמיר און גראַדויִרט דעם ערשטן מחזור פון דער העברעיִשער גימנאַזיע (1924). האָט אייניקע יאָרן שטודירט אין דעם סאָרבאָן־אוניווערסיטעט. אַבסאָלווענט פון קאָוונער אוניווערסיטעט (1933).

געווען אַקטיוו אין מכּבי און אין „תרבות״. בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז ער געווען אין קאָוונער געטאָ און אין קאָנצענ־טראַציע־לאַגער דאַכאַו.

אין שיקאַגאָ איז ער אַקטיוו אין פאַרבאַנד פון די ליטווישע ייִדן און אין דער געזעלשאַפט פון געוועזענע געטאָ־ און קאַצעט־פאַרשפּאַרטע.

יחזקאל האָט חתונה געהאַט מיט זיין פרוי, צפּורה רובין, אַ גע־בוירענע אין טאָראָנטאָ, קאַנאַדע, אין 1951.

**דאַנציגער דזשעק**, קייפּטאָון. זון פון יהודה און רחל־לאה רובינשטיין. געבוירן אין קרעטינגען.

זיין פאָטער מיטן עלטערן ברודער מאָריס האָבן אויסגעוואַנדערט

קיין דרום־אַפריקע, און אין יאָר 1926 איז אויך דזשעק געקומען אַהער. ער האָט דאָ באַקומען אַ ייִדישע דערציִונג און האָט חתונה געהאַט מיט אַ מיידל פון ארץ־ישׂראל — אביגיל בלוי פון חיפה (אַ לערערין פון העברעיִש). שפּעטער זיינען געקומען קיין דרום־אַפריקע די איבעריקע מיטגלידער פון דער משפּחה און עס איז זיי אַלעמען געלונגען אויפצו־בויען אַ וואַרעמע היים.

בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָט דזשעק געדינט אין דער אַרמיי און האָט געקעמפט קעגן די נאַציס.

ער האָט פיל מאָל באַזוכט ישׂראל און איז אַן אונטערשטיצער פון אַלע ישׂראל־פאָנדן. זיין זון, אברהם, איז דערצויגן געוואָרן אין ייִדיש־ציוניסטישן גייסט.

דזשעק האָט צוויי שוועסטערס: מאַשאַ סמיטה אין יאָהאַנעסבורג און סאָפיע שפּיראָ אין קייפּטאָון.

**זינגער דויד,** קייפּטאָון. זון פון זלמן און חוה אַליאַשעוויטש. געבוירן אין קרעטינגען. געלערנט אין אַ חדר און אין אַ פאָלקשול.

זיינער אַ ברודער האָט אים אָפּגענומען קיין דרום־אַפריקע, וווּ ער האָט די ערשטע יאָרן דורכגעמאַכט גרויסע שוועריקייטן, אַרבעטנדיק פאַר 15 דאָלאַר אַ חודש. שפּעטער האָט ער געלעבט אין אַ דאָרף צווישן פיר ייִדישע פאַמיליעס. דרייצן יאָר האָט ער אָפּגעלעבט אין דעם דאָרף איינער אַליין און פלעגט נאָר איין מאָל אַ וואָך, אויף שבת, פאָרן אַהיים, צו דער משפּחה, 150 מייל ווייט. ניט קוקנדיק אויף דעם, האָט מען ביי אים אין דער היים אָפּגעהיט ייִדישקייט און די קינדער זיינען דערצויגן געוואָרן אין טראַדיציאָנעלן ייִדישן גייסט. דערנאָך האָט ער זיך אַריבערגעקליבן קיין מיוזנבערג.

די לעצטע יאָרן לעבט די פאַמיליע אין קייפּטאָון, וווּ דויד איז אַ דערפאָלגרייכער סוחר.

זיין פרוי, רבקה, שטאַמט פון פּומפּיאַן. זייערע צוויי פאַרהייראַטע טעכטער לעבן אין ישׂראל ; איינע פון זיי אין קיבוץ יזרעאל.

איין זון זייערער איז פּראָפעסאָר פון יוריספּרודענץ אין לאָנדאָן און איינער האָט שטודירט אין קייפּטאָון. נאָך אַ טאָכטער איז אַ זשורנאַ־ליסטין און איר מאַן איז פּראָפעסאָר־גינעקאָלאָג אין יאָהאַנעסבורגער אוניווערסיטעט.

**זאַקס אהרון־יוסף,** קייפטאָן. זון פון יונה־מרדכי און חיה־שׂרה (געב׳ קאַפּלאַן). שטאַמט פון ריטעווע. געקומען קיין דרום־אַפריקע אין 1910. פירט אַ גרויסן אַנגראָ־געשעפט.

אהרון־יוסף איז געווען פון די בויער פון דער תלמוד־תורה און איז פרעזידענט פון דער שול. פאַרנעמט אַ חשובן אָרט אין דער קהילה און איז געווען פון די אָנפירער פון די אַקציעס לטובת ישׂראל און „פאַר־אייניקטן ייִדישן אַפּעל". ער ווערט באַטראַכט ווי אַ גרויסער פילאַנטראָפּ און נדבן.

זיין פרוי, לאה הענעק, שטאַמט פון ריטעווע און איז זייער אַקטיוו אין דער ציוניסטישער פרויען־אָרגאַניזאַציע.

איין זון, יצחק, האָט געלערנט אין דער העברעיִשער שול און איז אַן אַקטיווער ציוניסט. דער צווייטער זון, דויד־ראובן, אַרבעט צוזאַמען מיטן פאָטער אין געשעפט און איז אַקטיוו אין דער עקזעקוטיווע פון דער ווייצמאַן־שול.

די אייניקלעך לערנען אין דער העברעיִשער שול, און די גאַנצע משפחה פירט אַ טראַדיציאָנעלן לעבן.

**הרב יוסף־אליעזר גפן.** זון פון הרב דויד־בן־ציון גפן זצ״ל. געבוירן אין וואַבאַלניק און נפטר געוואָרן אין רוסלאַנד.

געווען רב אין וואַבאַלניק, געלערנט אין סלאַבאָדקע און האָט געהאַט סמיכה פון וועלט־גאון ר׳ יצחק־אלחנן זצ״ל, וועלכער איז געווען קאָוונער רב. זיין פאָטער איז אויך געווען רב אין וואַבאַלניק.

די מוטער האָט געהייסן דינה־פייגע קושעווסקי און האָט גע־שטאַמט פון שקודוויל. זיינע צוויי ברידער: הרב יצחק־אליהו גפן זצ״ל איז געווען ריטעווער רב. דער צווייטער ברודער איז געווען אַ תלמיד פון טעלזשער רב י.ל. בלאָך זצ״ל.

דריי זין פון דער יחוסדיקער משפחה לעבן אין יאָהאַנעסבורג: בצלאל, מרדכי (אַ תלמיד פון טעלזשער ישיבה און געענדיקט דעם טעל־זשער לערער־סעמינאַר „יבנה") און בן־ציון. אַלע דריי זיינען באַקאַנטע סוחרים אין יאָהאַנעסבורג און אַקטיווע טוער אין דער קהילה. אַלע פירן זיי אַ טראַדיציאָנעלן ייִדישן לעבן.

די גאַנצע משפחה איז פון דורות אָן אַ רבנישע. איין פעטער, הרב יהודה־לייב פאָרער, איז געווען רב אין וואַבאַלניק און אין פּענזע

(רוסלאַנד). אַ צווייטער פעטער, הרב ניימאַרק, איז געווען רב אין באָלניק.

**רוטענבערג מאיר (לאָוואַ)**, יאָהאַנעסבורג. זון פון שלמה־מרדכי. געבוירן אין פּאַפּעלאָן, ליטע. אויסגעוואַנדערט צו קרובים קיין דרום־אַפריקע אין 1937.

ווי כּמעט אַלע נייע אימיגראַנטן, האָט ער געהאַט שווערקייטן ביים איינאָרדענען זיך אויפן נייעם אָרט. ס'איז אים געלונגען, צוזאַמען מיט זיין פרוי, נעמי (בלומע) קאַגאַן, אַ געבוירענע אין פּאָניעוועזש, צו שאַפן אַ נייע אינדוסטריע פון קאָרסעטרי.

די משפחה רוטענבערג איז זייער אַ יחוסדיקע און ציט איר אָפּ־שטאַם פון מהר"ם פון רוטענבערג, אַ שטאָט אין בייערן. דער מהר"ם האָט געהאַט נאָר טעכטער; דער ראַ"ש איז געווען זיינער אַן איידעם און דער בעל־הטורים — זיינער אַן אייניקל.

דער באַרימטער פּנחס רוטענבערג פון אָדעס, שפּעטער פון די גרויסע ציון־טוער און ישׂראל־בויער, איז אויך געווען אַן אָפּשטאַמיקער פון מהר"ם און איז געווען מאירס אַ קרוב. (מאירס אַ ברודער האָט זיך געטראָפן מיט פּנחס רוטענבערג אין בערלין און דאָ האָבן זיי אויסגעפונען זייער בשותפותדיקן אָפּשטאַם).

די רוטענבערג־משפחה איז אַראָפּגעבראַכט געוואָרן קיין ליטע פון האָלאַנד דורכן קעניג וויטאָווט דער גרויסער.

מאיר רוטענבערג האָט אַ גרויסע ביבליאָטעק וועגן מהר"ם און פאַרנעמט זיך מיט פאָרשאַרבעט. ער איז אויך אַן אַקטיווער און פירנ־דיקער מיטגליד אין דער קענסינגטאָנער קהילה; געווען וויצע־פּרעזידענט פון דער קאָנגרעגאַציע און נעמט אַן אַקטיוון אָנטייל אין אַלע ייִדישע פאָנדן.

זיינע קינדער זיינען: ישׂראל־עדוואַרד, וואָס איז אַן אינזשיניער־עלעקטראָניק, און סידני מאָרטימער — דאָקטאָר מעדיצין.

**בלומבערג דוב**, קייפּטאָן. זון פון שלמה און זיסלע. שטאַמט פון יאַנעווע. אין זיין יוגנט האָט ער פיל געלערנט און איז געווען אַ פירנדיקער חבר אין דער „צעירי־ציון"־פּאַרטיי און איינער פון די גרינדער פון „החלוץ".

אין 1919 איז ער עולה געווען קיין ארץ־ישראל און געווען פון די גרינדער פון „גדוד העבודה". אין 1920 ווערט ער געשיקט פון „גדוד העבודה" קיין תל־חי, כפר גלעדי און אילת השחר.

אין 1927 קומט בלומבערג קיין דרום־אַפריקע. אין קייפּטאָן ווערט ער אַ סוחר. ער איז אויך אַ העברעישער שרייבער און אַן אַקטיווער טוער אין דער ציוניסטישער באַוועגונג. דוב בלומבערג האָט זייער פיל אויפגעטאָן פאַר דער סטודענטישער קולטור־אַרבעט. ער איז אַ מיטגליד פון דער הסתדרות העברית און שטייט בראש פון דער שול „תפארת־ישראל". ער פירט אויך אַ וועכנטלעכן קרייז פון אינטעלעקטואַלן, ווו מען דיסקוטירט און מען באַהאַנדלט פאַרשיידענע ייִדישע פּראָבלעמען.

זיין פרוי, אידאַ אַבראַמסאָן, איז געבוירן אין בירזש. זייער טאָכטער, סיסעלי, איז אַ ביבליאָטעקאַרין און אַן אַבסאָלווענטין פון פאַקולטעט פאַר פסיכאָלאָגישע וויסנשאַפטן.

דובס ברודער, נחום בלומבערג, לעבט אין ישראל.

**קעסלין זעליק,** קייפּטאָן. געבוירן אין באַראַנאָוויטש, אין אַ פרומער היים פון שלמה און שפרה. געלערנט אין מירער ישיבה. שפּעטער געווען טעטיק אין מכבי. אין 1930 — אויסגעוואַנדערט קיין דרום־אַפריקע, ווו ער האָט געהאַט זייער שווערע יאָרן, ביז ס'איז אים געלונגען אַריינצוגיין אין די האָטעל־ביזנעס.

אַכט יאָר איז ער געווען אַ רייזנדער פון אַ סיגאַרעטן־פירמע און איז אויסגעפאָרן דאָס גאַנצע לאַנד. אַ דאַנק זיין קאָרעקטער באַציִונג צו מענטשן, איז ער זייער באַליבט אין אַלע קרייזן פון דער באַפעלקערונג. ער איז פאַרבונדן מיט אַלע וויכטיקע ייִדישע אָרגאַניזאַציעס אין שטאָט און איז ברייטהאַרציק אויפן געביט פון צדקה.

זיין פרוי, אסתר קונצעוויצקי, איז אויך פון באַראַנאָוויטש. זי איז אַ לייטנדיקע טוערין אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און וויצע־פּאָרזיצערין פון דער פרויען־גילד אין דער גאַרדס סינאַגאָגע.

זייערע קינדער: יעקב איז דאָקטאָר מעדיצין אין די פאַראייניקטע שטאַטן; די טאָכטער, רבקה, איז אַן אַבסאָלווענטין פון אוניווערסיטעט.

**גאָרדאָן זאב,** יאָהאַנעסבורג. זון פון ווילנער שטאָט־שמש חיים־מאיר און פון זלאַטע־לאה (געב׳ ראַוועל) פון פילווישאָק. זאב איז אַן אייניקל

פון אַ ברודער פונעם באַרימטן שרייבער י.ל. גאָרדאָן. אין דער יוגנט האָט ער געלערנט אין אַ ישיבה אין ווילנע.

ער האָט געלעבט אין פראַנקרייך און, בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָט ער געקעמפט קעגן די נאַציס און איז אַריינגעפאַלן צו זיי אין געפאַנגענשאַפט; איז אָבער געבליבן לעבן.

זיין פרוי, מאַניאַ מאַלק, איז אַן אָפּשטאַמיקע פון ווילקאָמיר. בעת דער מלחמה איז זי, צוזאַמען מיט דער טאָכטער, געווען באַהאַלטן ביי אַ פראַנצויזין. די טאָכטער הייסט בערטאַ אָפּלאַנד.

**גרינבלאַט אברהם־חיים** ע״ה, פּרעטאָריע. געבוירן אין זשאַגער. אין 1919 איז ער, צוזאַמען מיט זיין פאַמיליע, פאַרשיקט געוואָרן קיין אוקראַיִנע. אין 1922 האָט ער זיך צוריקגעקערט קיין זשאַגער. געווען אַ מיטגליד אין דער „קולטור־ליגע״ און אין אַרבעטער קלובן.

ער האָט זיך פאַרליבט אין חנה גערבער — אַ שיינע מיידל פון מיטוי, לעטלאַנד, און איז איין מאָל אַפילו אַוועק אַהין צו פוס.

אין 1926 האָט ער חתונה געהאַט מיט איר און האָט גלייך געמוזט גיין דינען אין דער ליטווישער אַרמיי. ער האָט געדינט אין פּאָניעוועזש.

אין 1929 האָט ער אויסגעוואַנדערט קיין דרום־אַפריקע. געקומען קיין קייפּטאָן און געאַרבעט אַלס שניידער ביי אַ שאַוולער ייִדן. שפּעטער איז ער אַרויס פאַר זיך, ביז ער איז אַריבער קיין פּרעטאָריע, וווּ ער האָט אויסגעבויט אַ גרויס געשעפט.

חיים איז געווען זייער אַ ליבנסווירדיקער, האַרציקער און מיט־פילנדיקער מענטש. דאָס איז געווען אַן אמתער פאַלקסמענטש מיט אַ ברייט האַרץ און זעלטן פיינער נשמה. געווען אויסגעמישט מיט דער גאַנצער שטאָט און האָט גענאָסן פון דעם גרעסטן צוטרוי מצד אַלע זיינע קונדן און פריינד. געווען זייער באַפריינדעט מיט די מיניסטאָרן און מיט די פירער פון לאַנד, ווייל זיי זיינען כמעט אַלע געווען זיינע קליִענטן. פאַר הונדערט פּופּציק מלוכה־אינסטיטוציעס און אָרגאַניזאַ־ציעס האָט ער צוגעשטעלט אוניפאָרמען. איז ער טאַקע געווען אַ שתדלן ביי דער רעגירונג סיי ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן כּלל און סיי וועגן אַ טובה פאַרן פּרט.

זיינע ווענט ביי אים אין הויז זיינען דעקאָרירט מיט מעדאַלן, בריוו און טאָוולען פון צענדליקער אָרגאַניזאַציעס — ייִדישע און ניט־ייִדישע.



אברהם־חיים גרינבלאַט.

צווישן די בריוו אויף די ווענט קען מען זען די נעמען פונעם קעניג דזשאָרזש דעם 6טן, גענעראַל סמאָטס און פון פיל אַנדערע פּערזענ־לעכקייטן. פּאַרדריסט זיך טאַקע זייער שטאַרק וואָס אַזאַ מענטש איז אַזוי פרי אַוועק פון דער וועלט (ער איז געשטאָרבן אין 1970).

אברהם־חיימס ווייב, חנה, איז זייער אַן אינטעליגענטע פרוי און אַ פיינפילנדיקע פערזענלעכקייט. זי איז אַ געזעלשאַפטלעכע טוערין און איז אויך, ווי איר פאַרשטאָרבענער מאַן, גוטהאַרציק, פריינדלעך, ליבנס־ווירדיק און איז גרייט צו העלפן אַ נויטבאַדערפטיקן.

זייער טאָכטער, ראָזע כהן, איז אַן ענערגישע און טעטיקע פרוי, איז פון די הויפּט־טוערינס אין דער אָרטיקער העברעיִשער שול.

דער זון, הירש־לייבע, פירט איצט דעם פאָטערס גרויסן געשעפט. ער איז אַ באַוווּסטזיניקער ייִד און גייט אין די וועגן פון זיין גרויסן פאָטער.

**פּעטריקאַנסקי** (איצט **פּורן**) **זבולון.** לייטער פון דער אָפּטיילונג פאַר דערציִונג און יוגנט ביי דער הויפּט־פאַרוואַלטונג פון קרן קימת

לישׂראל און הויפּט־רעדאַקטאָר פונעם יאָרבוך „מולדתי". וווינט אין ירושלים.

געבוירן דעם 27טן נאָוועמבער 1911, אין קאַזלאָווע־רודע, אין דער סוחרים־משפחה פון יהודה און מלכּה (געב' בערנשטיין).

בעת דעם גירוש פון די ליטווישע ייִדן אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה — פאַרוואָגלט געוואָרן אין כערסאָנער גובערניע, וואָס איז אין דרום־רוסלאַנד. אויך דאָ האָבן זיינע עלטערן געזאָרגט אים צו געבן אַ ייִדישע טראַדיציאָנעלע דערציִונג און צו פינף יאָר האָט מען אים אָפּגעגעבן צו אַ רבין. שפּעטער האָט ער געלערנט אין איינער פון די ייִדישע לאַנדווירטשאַפטלעכע קאָלאָניעס אין דרום־רוסלאַנד, נאָוואָ־פּאָלטאַווקע. ער האָט אויך געלערנט אין אַ „חדר מתוקן", וועלכן ס'האָט געגרינדעט און פאַרוואַלטעט אויך אַ פּליט פון ליטע, דער העב־ברעיִש לערער פראַנק, וועלכער איז שפּעטער געווען לערער אין דער שאַוולער העברעיִשער גימנאַזיע.

די פּעטריקאַנסקיס האָבן זיך צוריקגעקערט קיין ליטע אין 1926 און זיך באַזעצט אין יורבורג, ווו זבולון האָט פאָרגעזעצט זיינע לימודים אין דער אָרטיקער העברעיִשער גימנאַזיע. אין 1927 איז ער אַריינגעטראָטן אין „השומר הצעיר" און באַלד נאָכן ענדיקן די גימנאַזיע (1929), אַוועק, ווי עס האָט געפאָדערט די פּראָגראַם פון „השומר הצעיר", אויף הכשרה.

זייענדיק אין אַ לאַנדווירטשאַפטלעכער הכשרה־קבוצה, איז ער פאַרוווּנדעט געוואָרן פון אַ נאַצי־באַנדיט. נאָכן אַרויסגיין פון שפּיטאָל, איז ער אַריבערגעפאָרן קיין קאָוונע, וווּ ס'האָט זיך אין צווישן באַזעצט זיין משפחה. דאָ איז ער אַריינגעטראָטן אין לערער־סעמינאַר „תרבות" און אָנגעקומען אויפן יורידישן פאַקולטעט פון קאָוונער אוניווערסיטעט. נאָכן פאַרענדיקן דעם סעמינאַר (1932), איז זבולון געווען לערער אין קאַלוואַריע און זשעזמער, און פון 1935 — פּעדאַגאָגישער לייטער פון ייִדישן קינדערהיים אין קאָוונע. גלייכצייטיק איז ער געווען דער גענעראַל־סעקרעטאַר פון דער הנהגה ראשית פון „השומר הצעיר" אין ליטע.

אין יאָר 1937 איז ער געווען דעלעגירט צום 20טן ציוניסטישן קאָנגרעס, אויף וועלכן ער האָט אויך אויסגעפילט די פונקציעס פון אַ קאָרעספּאָנדענט פון דער ציוניסטישער אַרבעטער־צייטונג אין ליטע „דאָס וואָרט" (אין ייִדיש).

אויפן גרונט פון פערזענלעכע איינדרוקן און דערפאַרונגען אין דער דערציִונג־אַרבעט, האָט ער אָנגעשריבן און פאַרעפנטלעכט אַ בוך דער־ציילונגען א״נ „בלוט און מילך״.

אין סעפטעמבער 1938 איז ער געקומען קיין ארץ־ישׂראל. זייענדיק אַ מיטגליד פון קיבוץ כּפר מסריק, האָט ער געאַרבעט ביים פלאַסטערן שאָסייען, טריקענען זומפן אדג״ל. פון 1940 ביז 1946 — געווען דערציִער אינעם דערציִונגס־אַנשטאַלט פון קיבוץ משמר העמק. וווינט אין ירושלים פון 1946.

זייענדיק אַ מיטגליד פון דער „הגנה״, האָט זיך זבולון באַטייליקט אין די קאַמפן פאַר ירושלים און געוואָרן פאַרווּנדעט.

אָנגעהויבן אַרבעטן אין דער הויפּט־פאַרוואַלטונג פון קרן־קימת לישׂראל און פון 1959 איז ער געוואָרן דער לייטער פון דער אָפּטיילונג פאַר דערציִונג און יוגנט. ער האָט אויך אָנטייל גענומען אין צוגרייטן און פאַרעפנטלעכן פאַרשיידענע פעדאַגאָגישע אויסגאַבעס.

חתונה געהאַט אין 1941 מיט צפורה. זיי האָבן צוויי טעכטער: ענת (1946) און אוסנת (1950).

זבולונס ברודער, משה, אַ געוועזענער אָפיציר, איז אין קאָוונער געטאָ געווען אַ מיליטערישער אינסטרוקטאָר פונעם אונטערגרונט. זיין שוועסטער, אַ באַקאַנטע דאָקטערין, איז אויך געווען אין קאָוונער געטאָ. דאָ איז אומגעקומען זיין גאַנצע משפחה.

**די ברידער יאַנקעלאָוויץ**, קייפּטאָן. שטאַמען פון ריטעווע. הגם זיי זיינען געקומען קיין דרום־אַפריקע זייער יונג, לעבט נאָך אין זיי דער גייסט פון דער אַמאָליקער ליטווישער היים; זיי פאַרגעסן ניט זייער שטעטל און זייערע אַלע נאָענטע, וואָס זיינען דאָרט אומגעבראַכט געוואָרן.

אַלע דריי ברידער: עזריאל־אהרון, ישׂראל־יצחק און יאָסל־גרשון זיינען געשעפט־מענטשן און גייען זיך אין באַזונדערע וועגן, אָבער דער משפחה־בונד צווישן זיי איז זייער שטאַרק און די האַרמאָניע איז אַ מוסטערהאַפטע.

ישׂראל־יצחק (סאָל) איז אַ וויכטיקער עסקן אין קייפּטאָן און איז אַן אָנגעזעענער טוער אין סי־פּאָינט. עס איז זייער אינטערעסאַנט ביי־צוזיין אַ קידוש ביי אים אין הויז, נאָכן שבתדיקן דאַוונען. מען טרעפט דאָ אַלע חשובע באַלעבאַטים פון זיין שול און די גאַסטפריינטלעכקייט

איז אַן עכט ליטווישע, אַ נאַטירלעכע און האַרציקע, אַזוי ווי מען איז געווען געוווינט אין ריטעווע אָדער אין פּאַיורע. זיין פרוי, שיינע, געב' אַבראַמסאָן, איז טאַקע אַ שיינע און ליבנסווירדיקע אשת חיל.

אויך ביי עזריאל־אהרון מיט זיין פרוי יוכבד (געב' זינגער) איז אַ טראַדיציאָנעלע יידישע היים מיט זייער גוט דערצויגענע קינדער. זיי זיינען אַלע ליבנסווירדיק און איבערגעגעבן פאַר מדינת ישראל.

יוסף־גרשון מיט זיין פרוי, לילי לוטראַן, גייען אין די טריט פון די אַנדערע ברידער. ער איז גבאי אין אַ שול און איז אויך אַ כלל־טוער.

**בראַווערמאַן לייב.** געבוירן אין קאָוונע, אין 1929, אין אַ משפחה פון אַ דאָקטער. אין 1941 איז ער, צוזאַמען מיט דער גאַנצער משפחה, אַריינגעטריבן געוואָרן אין קאָוונער געטאָ.

זיין פאָטער, אַ 10־יאָריק שוועסטערל און אַ 2־יאָריק ברודערל זיינען, בעת דער מלחמה, אומגעקומען פון די רוצחישע הענט.

אין יולי 1944, האָט מען אים, צוזאַמען מיט זיינע עלטערן, אַרויס־געפירט פון שאַנצער לאַגער (אַן אָפּטיילונג פון קאָוונער געטאָ) קיין דייטשלאַנד. אויף דער סטאַנציע טיגענהאָף האָט מען זיין מוטער צוגע־נומען און אָפּגעפירט קיין שטוטהאָף. ער איז מיטן פאָטער אָנגעקומען אין „לאַגער איינס" ביי לאַנדסבערג אַם לעך. דאָס איז געווען אַן אָפּטיי־לונג פון טרויעריק־באַרימטן לאַגער דאַכאַו.

אין אַ געוויסן טאָג האָט מען אים, צוזאַמען מיט נאָך איבער הונדערט יינגלעך, אַרויסגעפירט קיין אוישוויץ. פון אוישוויץ האָט מען אים געבראַכט קיין מאַוטהאַוזען און דאַן אין גריונטסקירכען.

דעם 4טן מאַי 1945 איז אים געלונגען צו אַנטלויפן אין דער אַמע־ריקאַנער זאָנע פון עסטרייך. דעם זעלבן יאָר האָט ער זיך אומגעקערט קיין קאָוונע, וווּ ער האָט געטראָפן זיין מוטער, וועלכע איז באַפרייט געוואָרן דורך דער רויטער אַרמיי.

אין 1948 קומט ער אָן אין קאָוונער מעדיצינישן אינסטיטוט, וועלכן ער פאַרענדיקט אין 1954.

מיט עטלעכע יאָר צוריק האָט בראַווערמאַן אַרויסגעגעבן, אין דער רוסישער שפּראַך, אין ווילנע, אַ בוך וועגן זיינע איבערלעבונגען אין אויש־וויץ און אַנדערע לאַגערן.

**מרדכי־יצחק מענדלסאָן** (מישקוץ). שטאַמט פון סימנע. געוועזע־נער מנהל פון ווילקאַווישקער „תרבות״־גימנאַזיע; ערשטער מנהל פון דער שול „עדת־ישׂראל״ אין מאָנטרעאַל; מיטגרינדער פון איגוד בתי הספר; מיטגרינדער פון פאַרבאַנד פון ליטווישע ייִדן אין מאָנטרעאַל און פירנדיקער מחנך פון קאַנאַדישן ייִדנטום. נפטר געוואָרן אין 1974.

זיין פרוי, מאַלי, שטאַמט פון קעניגסבערג. אַן אַקטיווע טוערין אין פרויען אָרגאַניזאַציעס.

**מאיר מענדלסאָן** (מישקוץ). שטאַמט פון סימנע. פראָמינענטער פאַבריקאַנט, וויצע־פרעזידענט פון „עדת־ישׂראל״, פירנדיקער עסקן אין פאַרבאַנד פון ליטווישע ייִדן, פילאַנטראָפּ און געזעלשאַפטלעכער טוער.

זיין פרוי הייסט טאַובאַ.

**חזן אַנאַ**, געב׳ סאָבאָלעוויטש. שטאַמט פון ווילקאַווישק. אַביטוריענ־טין פון אַ רוסישער גימנאַזיע. געווען די פרוי פונעם פאַרשטאָרבענעם העשל חזן — פראָמינענטער פאַבריקאַנט און פילאַנטראָפּ אין פּאָניעוועזש.

אַנאַ האָט פאַרלאָזן ליטע אין 1941, בעת דער סאָוועטישער אָקו־פּאַציע, און אָנגעקומען קיין קאַנאַדע.

**חזן העלען**, געב׳ **ראַפּאָפּאָרט**, פון טולאַ, רוסלאַנד. געענדיקט אַ גימ־נאַזיע און געווען די פרוי פון איסאַק חזן — פאַבריקאַנט און אינדוס־טריעלער אין פּאָניעוועזש. ער און זיין ברודער העשל זיינען געווען באַקאַנט אין גאַנץ ליטע.

געקומען קיין קאַנאַדע אין 1941.

**אילאיס אַלעקסאַנדער**. געבוירן אין ווילקאַווישק. אַביטוריענט פון אַ רוסישער גימנאַזיע. געלעבט אין פּאַריז און געקומען קיין מאָנטרעאַל נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. פראָמינענטער אַנגראָ־סוחר.

**אילאיס באָריס**. געבוירן אין ווילקאַווישק און געלערנט אין גימנאַזיע. געקומען קיין מאָנטרעאַל צווישן ביידע וועלט־מלחמות.

באָריס איז אַקטיוו אין געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס; וויצע־

פרעזידענט פון קאַנפּאַל; פּראָמינענטער סוחר און מיטגרינדער פון פאַר־באַנד פון ליטווישע ייִדן.

זיין פרוי, מעני קאַפּלאַן, שטאַמט פון ליטע.

**פּאָזען פאַניאַ פּוסטאַפּעדסקי.** געבוירן אין ווילקאַווישק, אַ שוועס־טער פון די ברידער אילאיס. געווען די פרוי פונעם פאַרשטאָרבענעם סאָבאָלעוויטש פון ווילקאַווישק.

איר מאַן, אַלעקסאַנדער פּאָזען, איז אַ שותּף מיט אירע ברידער אילאיס.

**גלאַזער יהודית,** געב׳ קאָראָפּאָטקין, פון מאַריאַמפּאָל. געווען די פרוי פון דוב־לייב בעדער און געווען אין שאַוולער געטאָ און אין קאַצעט. געקומען קיין אַמעריקע נאָך דער באַפרייונג. וווינט אין מאָנטרעאַל.

איר איצטיקער מאַן שטאַמט פון פּוילן און איז אויך געווען אין קאַצעט. האָבן צוויי קינדער.

**אַבראַמסאָן חיים.** שטאַמט פון יאָנישאָק. געווען אין שאַוולער געטאָ און אין דאַכאַו. זיין פרוי איז געשטאָרבן צוויי וואָכן נאָך דער באַפרייונג.

חתונה געהאַט אין מאָנטרעאַל מיט רבקה רייכמאַן פון ווילנע.

**גאַר יוסף.** זשורנאַליסט, מיטאַרבעטער פון קאָוונער „פאָלקסבלאַט", לערער. געווען אין קאָוונער געטאָ. בעת דער ליקווידאַציע פון געטאָ, איז ער געשפרונגען פון באַן און געבליבן לעבן. געקומען קיין ניו־יאָרק און געאַרבעט אין ייִוואָ. מחבר פון ביכער וועגן חורבן און וועגן ליטווישן ייִדנטום. וווינט אין מדינת ישׂראל.

**ד״ר נאַבריסקי.** באַקאַנטער גינעקאָלאָג פון קאָוונע. געווען זייער באַ־ליבט ביי זיינע פּאַציענטינס. געווען אין קאָוונער געטאָ און אין דאַכאַו. עולה געווען נאָך דער באַפרייונג. לעבט אין ישׂראל.

**ד״ר פּרץ־פּערציקאָוויטש אהרון,** שטאַמט פון בוטרימאַנץ. פירנ־דיקער רעוויזיאָניסטישער טוער; רעדנער און שרייבער. געווען אין קאָוונער געטאָ און אין דאַכאַו.

ער איז באַקאַנט מיט זיין האַרציקער באַציִונג צו קראַנקע און ליידנדיקע. פּראָמינענטער מעדיצינער אין ישׂראל.

זיין בוך „דעם גורל אַנטקעגן" האָט געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג.

**גאָלוב־תורי א.** פירנדיקער טוער פון די אַלגעמיינע ציוניסטן. געווען אין קאָוונער געטאָ דער סעקרעטאַר פון עלטסטן־ראַט.

זיך געראַטעוועט אין אַ מאַלינע ביי ליטווינער. געקומען קיין רוים און געווען דאָ דער סעקרעטאַר פון מרכּז לגולה. עולה געווען אין 1947. אַדוואָקאַט אין תל־אביב.

**גאָלבערג בן־ציון.** דאָקטאָר־אַגראָנאָם פון קאָוונע. בעת דער מלחמה געווען אין רוסלאַנד. וווינט אין בת־ים, ישׂראל.

הרבנית **מינה לאַנדאַ־ראַבינאָוויטש.** שטאַמט פון טעלזש; געלערנט אין דער אָרטיקער רוסישער גימנאַזיע און שפּעטער שטודירט אין בערלין. זי איז די פרוי פון הרב הראשי פון בני־ברק הרב י. לאַנדאַ שליט"א. סאָציאַלע טוערין און זאָרגט פאַר נויטבאַדערפטיקע און אָרעמע.

האָט צוויי זין: הרב משה און הרב אליהו; ביידע — ראשי־ישיבות.

די טאָכטער איז הרבנית גיטאַ, אַ פּעדאַגאָגין און די פרוי פון הרב קרול, חמד.

**בריק צבי.** שטאַמט פון פּלונגיאַן. לערער און דיפּלאָמירטער יוריסט. געווען דירעקטאָר פון פּאַלעסטינע־אַמט אין קאָוונע; פירנדיקער חבר אין דער צ.ס.־פּאַרטיי. געווען אין קאָוונער געטאָ און זיך געראַטעוועט אין אַ געטאָ־מאַלינע.

היינט — דירעקטאָר פון אַ פינאַנסיעלער אינסטיטוציע אין ירושלים.

זיין פרוי איז ליובאַ מייעראָוויטש פון ראָקישאָק. זייער זון, אַריק, איז אַן אינזשעניער און לעקטאָר.

**לייבנזאָן ישׂראל.** שטאַמט פון קאָוונע. דיפּלאָמירטער עקאָנאָמיסט; געוועזענער מיטדירעקטאָר פון קאָוונער האַנדלס־קאַמער. פירנדיקער עסקן אין דער צ.ס.־פּאַרטיי.

געוועז אין קאָוונער געטאָ און שפּעטער, צוזאַמען מיט זיין פרוי און טאָכטער, זיך אויסבאַהאַלטן ביי ליטווינער.

דריי יאָר געלעבט אין איטאַליע און עולה געוועז קיין ארץ־ישׂראל. געשריבן אַ סך אָפּהאַנדלונגען אויף עקאָנאָמיש־סאָציאַלע טעמעס. וווינט אין בת־ים, ישׂראל.

**אָלייסקי יעקב.** אַגראָנאָם־אינזשעניער. לאַנגיאָריקער דירעקטאָר פון „אָרט" אין קאָוונע און געזעלשאַפטלעכער טוער.

געוועז אַקטיוו אין קאָוונער געטאָ אין די אַרבעט־אינסטיטוציעס. פאַרשיקט געוועז קיין דייטשלאַנד, אין דאַכאַו. נאָך דער באַפרייונג — דירעקטאָר פון „אָרט" אין דייטשלאַנד און שפּעטער אין ישׂראל. פאָר־זיצער פון פאַרבאַנד פון ליטווישע ייִדן אין ישׂראל.

**לעוויטאַן ראובן,** שטאַמט פון קאָוונע. אַביטוריענט פון העברעיִשער גימנאַזיע. געלערנט אין אוניווערסיטעט. אין 1941, ווען ס'איז אויסגע־בראָכן די דייטש־רוסישע מלחמה, איז ער אַנטלאָפן קיין רוסלאַנד. געדינט אין דער „ליטווישער דיוויזיע" פון דער סאָוועטישער אַרמיי און אָנטייל גענומען אין די קאַמפן מיט די דייטשן.

זשורנאַליסט און הויכער באַאַמטער אין צה"ל.

ראובן איז אַ זון פון באַקאַנטן קאָוונער העברעיִשן פּעדאַגאָג י. לע־וויטאַן.

**קאַפּלאַן ישׂראל.** לערער, פּאָעט און שרייבער; מחבר פון מערערע ביכער. שרייבט אין ייִדיש און אין העברעיִש.

געוועז אין קאָוונער געטאָ, אין קאָנצענטראַציע־לאַגערן אין ריגע און אין דייטשלאַנד. לעבט אין מדינת ישׂראל.

**ליפּעץ דוב.** שטאַמט פון קאָוונע. פּעדאַגאָג און שרייבער, געוועזענער דירעקטאָר פון „תרבות". אַרויסגעפאָרן פון ליטע אין די 30קער יאָרן. גרינדער און אינהאַבער פון גרויסן פאַרלאַג „עם הספר" אין תל־אביב.

**בלאַט לייב.** שטאַמט פון קאָוונע. בוי־אינזשעניער. געוועז אין קאָוונער געטאָ און אין דאַכאַו.

נאָך דער באַפרייונג האָט בלאָט געלעבט דריי יאָר אין איטאַליע און דאַן עולה געווען.

זיין פרוי איז פייגעלע יאָעלס פון קאָוונע. האָבן איין זון, אַן אינזשיניער.

**איסערליס מ.** שטאַמט פון שאַוול. דענטיסט. געווען אין שאַוולער געטאָ און אין קאַצעט; האָט פאַרלוירן זיין פאַמיליע.

נאָך דער באַפרייונג האָט ער געלעבט דריי יאָר אין איטאַליע און דאַן עולה געווען. וווינט אין תל־אביב.

**ד״ר העסלזאָן אריה.** פעדאַגאָג, לערער אין אַ העברעיִשער גימנאַזיע אין קאָוונע. ציוניסטישער פירער און דעלעגאַט צו ציוניסטישע וועלט־קאָנגרעסן. שרייבער און לעקטאָר.

אין 1941 איז ער פאַרשיקט געוואָרן קיין רוסלאַנד. געקומען קיין ישׂראל אין די 60קער יאָרן. וווינט אין תל־אביב.

**סירקין־זריז אריה.** קיידאַן — קאָוונע. דיפּלאָמירטער יוריסט, פירנדיקער חבר אין דער צ.ס.־באַוועגונג, פאָרזיצער פון „הפּועל״. עולה געווען אין 1935.

געווען אַ מיטגליד אין דער „הגנה״ און דעריבער האָבן די ענגלענדער אים געהאַט פאַרשפאַרט אין טורמע.

אריה איז אַ הויכער באַאַמטער אין פאַרטיידיקונג־מיניסטעריום.

זיין פרוי, יוכבד גיגוז, פון קאָוונע, איז געוועזענע סעקרעטאַרין אין דער צ.ס. פאַרטיי.

**טאַמשע עלאַ.** שטאַמט פון קאָוונע. געבוירן נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה. ציוניסטישע אַקטיוויסטין אין רוסלאַנד. האָט פיל בייגעשטייערט ביים אָרגאַניזירן דאָרט די ציוניסטישע יוגנטלעכע.

אַרויסגעפאָרן פון רוסלאַנד און עולה געווען אין 1967. שטייט בראש פון די סאָוועטישע עולים־אָרגאַניזאַציעס און פירט אַן אַקטיווע אַרבעט לטובת זייער קליטה.

גראַדויִרט דעם העברעיִשן אוניווערסיטעט; וווינט אין רמת־אליהו.

**הרב ר׳ משה־מענדל אָרדמאַן** הי״ד, איז אין דער יוגנט געווען פון די באַוווסטע בחורים אין טעלזשער ישיבה. אַ צדיק און בעל־טובה. האָט געהאַט אַ בוכהאַנדלונג אין שאַוול. זיין פרוי: חנה, פון דער משפחה שוואַרץ אין טעלזש — איינציקע לעבן־געבליבענע. איצט אין אַמעריקע.



די משפחה פון הרב משה־מענדל אָרדמאַן הי״ד אין שאַוול.

**קאַפּלאַן צבי.** געבוירן אין בערלין; זון פון באַרימטן גאון הרב אברהם־אליהו קאַפּלאַן זצ״ל און פון עטל אַבעל ז״ל.

צבי איז אַלס קינד געקומען קיין ארץ־ישׂראל, ער איז אויסגעוואַקסן אַ גרויסער עלוי, תלמיד־חכם, פּאָעט און שרייבער. ער אַרבעט אַלס רעדאַקטאָר פון תלמודישע ווערק און וווינט אין ירושלים.

אין 1971 האָט אים געטראָפן אַ גרויס אומגליק: זיין אַכט־יאָריק זונעלע, יעקב, איז אומגעקומען אין אַ קאַטאַסטראָפע.

**קאַגאַן אליהו.** יאַנעווע — קאָוונע. לערער פון גימנאַסטיק און פירנדיקער חבר אין „הפועל״; דיפּלאָמירטער עקאָנאָמיסט.

עולה געווען פון קאָוונע אין 1936. הויכער באַאַמטער אין הסתדרות, וווינט מיט זיין משפחה אין תל־אביב.

**ניימאַרק אהרון.** געבוירן אין טעלזש, געלעבט און שטודירט אין קאָוונע און אין עסטרייך. זון פון אַ סוחרישער משפחה. געאַרבעט ביים פּאָטער אין דער ביר־ברויעריי „נעקטאַראַס״ אין קאָוונע.

בעת דער דייטשער אָקופּאַציע, איז אהרון געווען אין קאָוונער געטאָ. איצט — מיטאַרבעטער פון „מעריב״, תל־אביב.

זיין ברודער, פיליפּ, לעבט אין ווין, ווּ ער אַרבעט אַלס עקאָנאָמיסט.

**בולל נתן.** שטאַמט פון פּאָניעוועזש, געלעבט אין קאָוונע. געענדיקט דעם קאָוונער אוניווערסיטעט. זשורנאַליסט און שרייבער אין ייִדיש און העברעיִש.

בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָט זיך בולל געראַטעוועט אין רוסלאַנד. געקומען קיין ישׂראל אין 1949. ביזן אַרויסגיין אויף פּענסיע — געווען פון די הויפּט־מיטאַרבעטער אין דער תל־אביבער טאָגצייטונג „לעצטע נייעס״.

זיין פרוי, רבקה לעוויטאַן, שטאַמט פון ווילאָן; זי האָט שטודירט אין אוניווערסיטעט און גראַדויִרט אַן העברעיִשן לערער־סעמינאַר. געווען אין שאַוולער געטאָ, ווּ זי האָט אָנגעפירט מיט אומלעגאַלע לימודים פאַר קינדער.

**בייקאָוויץ ישׂראל.** שטאַמט פון קאָוונע, געלעבט אין מעמל. געווען אַן עקספּעדיטאָר. געקומען קיין מאָנטרעאל אין 1949. זיין פרוי, פּאַניאַ ראַבינאָוויטש, אַן אָפּשטאַמיקע פון פּאָניעוועזש, איז געווען אין קאָוונער געטאָ און אין אוישוויץ.

**סווירסקי יודל.** שטאַמט פון מיכאַלישאָק. געלערנט אין אַ ישיבה. אין 1927 איז ער געקומען קיין ניופאַונדלאַנד; אָנגעזעענער סוחר און געוועזענער קהילה־פּאָרזיצער אין קאָרנערברוק.

סווירסקי אין אַן אונטערשטיצער פון ישׂראל־פאָנדן, איז אַ מיטגליד אין בני־ברית און נאַציאָנאַלן ייִדישן אַרבעטער־פאַרבאַנד. פון 1960 וווינט ער אין מאָנטרעאַל.

זיין פרוי הייסט שׂרה (געב' זובער). זי איז געווען אַקטיוו אין דער ציוניסטישער יוגנט אָרגאַניזאַציע „גורדוניה״; געזעלשאַפטלעכע טוערין.

זיי האָבן צוויי זין: מאַרווין — אַ פאַבריק־לייטער; דויד — דיפּלאָ־מירטער בוכהאַלטער.

**קאַפּלאַן זוסמאַן** ז״ל. געבוירן אין פּאַדעבישע, ראַסיינער קרייז. נאָך לערנענדיק אין חדר, האָט דער יונגער זוסמאַן אַרויסגעוויזן אָרגאַניזאַטאָרישע פעיִקייטן און סוחרישע כשרונות.

ווען די ערשטע וועלט־מלחמה איז אויסגעבראָכן, איז זוסמאַן שוין געווען אַ ליפעראַנט פון האָלץ פאַר דער מעמלער צעלולאָז־פאַבריק.

פון 1915 ביז 1919 האָט די משפחה געלעבט אין ראַסיין, וווּ ער האָט געפירט גרויסע בויאַרבעטן פאַר דער דייטשער אָקופּאַציע־מאַכט. דאָ האָט זיך זוסמאַן אַרויסגעוויזן ווי אַ גרויסער שתדלן פאַר ייִדן, ווי אַ בעל־טובה און בכלל ווי אַ גוטהאַרציקער מענטש.

געווען אַ צייט, ווען די דייטשע מאַכט האָט געכאַפּט יונגע מענטשן צו צוואַנגס־אַרבעט. הונדערטער ייִדישע בחורים האָבן שווער געאַרבעט אין די וועלדער און אַנדערע ערטער. די אַרבעט־באַדינגונגען זיינען געווען זייער שווערע און פיל זיינען געשטאָרבן. איז געוואָרן צווישן די ייִדן אַ ויצעקו. דאַן האָט זוסמאַן זיך באַקלאָגט פאַרן קאָמענדאַנט, אַז מען נעמט צו ביי אים אַלע אַרבעטער און דעריבער קען ער ניט אָנגיין מיטן בוי פון די בריקן, וועלכע ער האָט דאַן גראָד געבויט. אַזוי אַרום האָט זיך אים איינגעגעבן אַרויסצונעמען זייער פיל בחורים פון דער צוואַנגס־אַרבעט.

אין 1919 האָט די משפחה זיך באַזעצט אין מעמל. קאַפּלאַן זוסמאַן האָט דאָ פאַרמאָגט אַ נאַפט־געזעלשאַפט און האָט געפירט מיט דער מלוכה גרויסע וואַלד־מיסחרים. שפּעטער האָט ער זיך באַזעצט אין אַ רייכן גוט פון 250 העקטאַר, קישקענגערגע, וואָס איז שפּעטער באַקאַנט געוואָרן אַלס הכשרה־פּונקט פאַר חלוצים.

אין די דרייסיקער יאָרן, ווען ס׳האָבן אָנגעהויבן שטראָמען קיין ליטע די ייִדישע פּליטים פון דייטשלאַנד, האָט קאַפּלאַן אויסגענוצט זיינע פאַרבינדונגען מיט די העכסטע ליטווישע מלוכה־קרייזן (ער איז, אגב, געווען פערזענלעך גוט באַפריינדעט מיטן ליטווישן פּרעזידענט סמעטאָנאַ), און אַ דאַנק זיינע שתדלנותן, האָט ער פיל פּליטים אָפּגעראַטעוועט פון ווערן צוריקגעשיקט קיין דייטשלאַנד.

אין דעם דערמאָנטן גוט האָט די משפחה געלעבט צען יאָר. אַלע קינדער האָבן געקראָגן אַ טראַדיציאָנעל־ייִדישע דערציִונג.

אין 1939, ווען היטלער האָט פאַרכאַפּט מעמל, האָט זיך די קאַפּלאַן־משפחה אַריבערגעקליבן קיין קאָוונע. די ליטווישע מאַכט האָט

קאַפּלאַנען פֿאַרגעלייגט פֿאַרשיידענע געשעפֿטן און בוי־קאָנטראַקטן, אָבער דער קלוגער און ווייטזיכטיקער זוסמאַן האָט דערקלערט סמע־טאַנאַן, אַז ס׳געפֿעלן אים ניט די ווינטן, וועלכע טראָגן זיך סיי פֿון מערב און סיי פֿון מיזרח. דאַן האָט אים סמעטאַנאַ געהאָלפֿן, צוזאַמען מיט דער גאַנצער משפּחה פֿון דרייצן נפֿשות און מיט גאָר אַ קליינעם קאַפּיטאַל, אַרויסצופֿאָרן פֿון ליטע.

לויט אַן אָפּמאַך מיט די סי.פּי.אַר., וואָס האָט געזוכט לאַנדווירט־שאַפֿטלעכע אַרבעטער, קומט די גאַנצע משפּחה, דורך יאַפּאַן, אָן קיין קאַנאַדע און באַזעצט זיך אין וויליאַמסטאָן, אַנטעריאָ, וווּ זיי פֿירן אָן מיט אַ גרויסער פֿערמע. שפּעטער קלייבן זיי זיך אַריבער קיין מאָנטרעאַל, וווּ זוסמאַן קאַפּלאַן ווערט באַקאַנט אַלס אַ בעל־צדקה און בעל־טובֿה. ער פֿירט אַ רעליגיעז לעבן און געהערט צו אייניקע שולן. ער איז נפֿטר געוואָרן אין 1966, איבערלאָזנדיק אַ גרויסע משפּחה און אַ נאָמען פֿון אַ טייערן ייִדן מיט אַ גוטער נשמה און וואַרעם האַרץ.

די פֿרוי, הינדע ע״ה, איז אים געווען אַ טרייע לעבנס־באַגלייטערין און האָט געהאַט די זעלבע אײדעלע אייגנשאַפֿטן ווי ער. נאָך זייענדיק אין ראַסיין, האָט זי געהאָלפֿן אַ סך אָרעמע משפּחות דורך מתּן בסתר. אַזוי האָט זי זיך געפֿירט איר גאַנץ לעבן און די אַלע גוטע מידות זיינען אויך איינגעפֿלאַנצט געוואָרן אין זייערע קינדער און אייניקלעך.

זיבעצן יאָר האָבן זיי געלעבט אין מאָנטרעאַל. אין 1965 איז הינדע געשטאָרבן.

היינט צו טאָג לעבן: בערנאַרד און נאַדיאַ קאַפּלאַן אין וואַנקאָ־ווער; נתן און עטאַ קאַפּלאַן (געב׳ גין, פֿון שאַוול) אין מאָנטרעאַל; בערטאַ בערגמאַן אין מאָנטרעאַל; מאָריס און פֿאַניאַ קאָם, פּאַול און איידאַ סאַלאַ אין מאָנטרעאַל.

עס איז שוין פֿאַראַן אַ דריטער דור פֿון קינדער און אייניקלעך, וועלכע זיינען געבוירן און אויפֿגעוואַקסן אויף דער קאַנאַדישער ערד. אַלע ווייסן זיי אָבער זייער אָפּשטאַם־אָרט פּאַדעבישע און די נעמען פֿון זייער זיידן און באָבן רופֿן אַרויס ביי זיי כּבֿוד און רעספּעקט.

**כּהן יודל.** שטאַמט פֿון יאַנעווע. בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה — געווען אין דער סאָוועטישער אַרמיי און געקעמפֿט קעגן די דייטשן. געקומען קיין קאַנאַדע אין 1948. ער איז אַ סוחר און אַן אַקטיווער

טוער אין פאַרבאַנד פון ליטווישע ייִדן. אַ הייסער אונטערשטיצער פון ישׂראל פאָנדן. זיין פרוי הייסט ליבע. זיי האָבן אַ זון און אַ טאָכטער.

**לאַפּידוס לייזער.** שטאַמט פון ווילקאַווישק. געלערנט אין אַ העב־רעיִשער גימנאַזיע. בעת דער דייטשער אָקופּאַציע, האָט ער זיך אויס־באַהאַלטן ביי ליטווינער. היינט איז ער אַ פאַבריקאַנט.

זיין פרוי, רחל ראַזוף, שטאַמט אויך פון ווילקאַווישק. איז אַן אַביטוריענטין פון דער „תרבות״־גימנאַזיע; געענדיקט קראַנקן־שוועס־טער. געווען די פרוי פון פאַרשטאָרבענעם ראובן פייסאַכאָוויטש. בעת דער מלחמה — געווען אין שאַוולער געטאָ און קאַצעט.

**ליפשיץ דוב.** שטאַמט פון סלאַבאָדקע. געלערנט אין אַ ישיבה און געווען אַקטיוו אין דער אָרגאַניזאַציע פון „תפארת בחורים״. געווען אין קאָוונער געטאָ און אין דאַכאַו. אין ישׂראל געלעבט אַכט יאָר און געווען אַן אָנגעשטעלטער.

זיין פרוי איז אַ געבוירענע אין שאַנכיי. האָבן איין טאָכטער.

**לאָנדאָן דייוו.** שטאַמט פון מאַריאַמפּאָל. געקומען קיין מאָנטרעאַל צווישן ביידע וועלט־מלחמות. איז אַן אָנגעשטעלטער אויף אַ פאַבריק. געהערט צום פאַרבאַנד פון ליטווישע ייִדן און צום ציוניסטישן אַרבעטער־פאַרבאַנד.

זיין פרוי: פלאָרענס, געב. סאַלטאַן.

זייער זון: זלמן, דיפּל. כעמיקער.

**לייאָן** (לעוונבערג) **הערבערט־הירש.** שטאַמט פון יורבורג. געקומען קיין קאַנאַדע צווישן ביידע וועלט־מלחמות. איז אַן אַקטיווער טוער אין דער ציוניסטישער אַרבעטער־באַוועגונג, אין קרן קימת, אין הסתד־רות, אין פאַרבאַנד פון ליטווישע ייִדן און פאַרן ישׂראל־אַפּיל. איז אַן אָנגעשטעלטער.

זיין פרוי שטאַמט פון אוקראַיִנע. האָבן איין זון און דריי טעכטער.

**ראָזנפעלד יעקב.** שטאַמט פון קאָוונע. געווען אין קאָוונער געטאָ. געקומען קיין קאַנאַדע אין 1948. געוו. סוחר, איצט אַ בוכהאַלטער.

זיין פרוי, ליובאַ, שטאַמט פון גאָרזד און איז אַ לערערין פון העברעיִש. האָבן איין טאָכטער.

**בען עליזה.** געב׳ גין, פון קאָוונע. איר מאַן איז געווען בעניאַמינאָוויטש פיליפּ, וואָס איז אין 1969 געשטאָרבן אין מאָנטרעאַל. געווען דער זון פון קאָוונער סוחר ל. בעניאַמינאָוויטש און אַן אַביטוריענט פון אַ קאָוונער העברעיִשער גימנאַזיע. גראַדויִרטער בוי־אינזשיניער פון בעלגיע. געווען אין קאָוונער געטאָ און אין דאַכאַו. געקומען קיין מאָנטרעאַל און דאָ געווען אַ פּראָמינענטער אַרכיטעקט. האָבן צוויי קינדער.

**בערגמאַן בערטאַ,** געב׳ קאַפּלאַן, פון מעמל. איר מאַן, וויליאַם, שטאַמט פון דייטשלאַנד. געקומען קיין קאַנאַדע אין 1939.

**בערקסאָן חווה,** געוועזענע גאָרדאָן, שטאַמט פון ווילקאַווישק. אַביטוריענטין פון העברעיִשער גימנאַזיע. האָט שטודירט אין שטראַסבורג, פראַנקרייך. געווען די פרוי פון פאַרשטאָרבענעם אַדוואָקאַט ראָזנפעלד. האָט איין זון.

**בערשטיין־בערנס דזשערי (אימקאַ).** געבוירן אין קאָוונע. אַביטוריענט פון העברעיִשער גימנאַזיע. געווען אין געטאָ. געקומען קיין קאַנאַדע נאָך דער באַפרייונג.

**בלאַנקראַט מרים.** שטאַמט פון קאָוונע, געווען אין קאָוונער געטאָ. באַפרייט געוואָרן אין אַ לאַגער אין דייטשלאַנד. געקומען קיין קאַנאַדע פון שוועדן.

איר מאַן איז נתן, וועלכער שטאַמט פון פּוילן און איז אַ פאַבריקאַנט. זיי האָבן אַ טאָכטער און אַ זון.

**לאָנדאָן ישׂראל.** שטאַמט פון מאַריאַמפּאָל. אַביטוריענט פון העברעיִשער גימנאַזיע און אַבסאָלווענט פון קאָוונער אוניווערסיטעט. באַוווסטער אַדוואָקאַט אין ווילקאָמיר. געווען אויך אַ לערער אין דער ווילקאָמירער גימנאַזיע „תרבות". געווען גענעראַל־סעקרעטאַר פון צ.ס. פּאַרטיי אין ליטע. געזעלשאַפטלעכער עסקן און רעדנער.



לאַנדאַן ישראל מיט פרוי און קינד.

ער איז אומגעבראַכט געוואָרן אין 1941 אין ווילקאָמיר, צוזאַמען מיט זיין פרוי, חיה מאַץ פון אוטיאַן, און צוויי קינדער: אביבה און רינה.

**מאַץ שניאור.** שטאַמט פון ווילקאַווישק. אַביטוריענט פון העברעיִשער גימנאַזיע. געוועז אין קאָוונער געטאָ און אין קאַצעט. וווינט אין מילאַן, איטאַליע. פראָמינענטער סוחר און נדבן.

זיין פרוי, געב' גרינבערג, איז אומגעקומען. זיין טאָכטער איז געווען באַהאַלטן ביי ליטווינער.

**בייקאָוויטש לייב.** שטאַמט פון טאַווריק. געווען דער גרעסטער וואַלד־סוחר אין דער גאַנצער געגנט. געלערנט אין אַ ישיבה און געוואָרן זייער אַ רעספעקטירטער באַלעבאָס.

האָט מיט אייגענע מיטלען אויפגעבויט אַ שול און פלעגט אַליין אַראָפּברענגען אַ חזן. געווען אַ גרויסער בעל־טובה און נדבן. געווען מיט־גליד אין דער רעוויזיע־קאָמיסיע אין מלוכה־באַנק. געשטאָרבן אין קאָוונע אין 1932.

פאַר זיין טויט האָט ער געשאָנקען אַלע הלוואות די אָרעמע מענטשן; האָט אָפּגעשריבן צען פּראָצענט פון זיין פאַרמעגן פאַר גמילות־חסד;



בייקאָוויטש לייב און פרוי.

געשאָנקען זעקס פּאַלאַטעס פאַרן ייִדישן שפּיטאָל אין מעמל.

געווען אַ צייט קאַזיאָנער ראַבינער און שול־גבאי.

זיין פרוי, פּערל, געב' איוועַנסקי, שטאַמט פון דער חשובער איוועַנ־סקי־משפחה אין קאָוונע. זי האָט זיך אין טאַווריק אָפּגעגעבן מיט סאָציאַלער הילף־אַרבעט. געגעבן אירע קינדער אַ גוטע דערציִונג. אומגעַ־קומען אין קאָוונער געטאָ בעת דער קינדער־אַקציע, אין מערץ 1944.

זיי האָבן געהאַט פינף קינדער: דריי זין און צוויי טעכטער. איין טאָכטער, בערטאַ, איז געשטאָרבן אין קאָוונער געטאָ. די צווייטע טאָכ־טער, לינאַ, לעבט אין ישׂראל.

דער זון, בענאַ איז געקומען קיין קאַנאַדע אין 1938. געשטאָרבן אין מאָנטרעאַל אין 1953 און האָט איבערגעלאָזן אַ פרוי.

נאָך אַ זון, ליאָלאַ, איז אומגעבראַכט געוואָרן אין קאָוונער געטאָ.

דער זון אילאי לעבט אין מאָנטרעאַל. אין טאַווריק איז ער געווען אַ באַקאַנטער פאַבריקאַנט און פינאַנסיסט; געווען צוועלף יאָר אַ מיט־גליד אין שטאָט־פאַרוואַלטונג, צען יאָר אַ מיטגליד אין מלוכהשן שטייער־קאָמיטעט און מלוכהשער קראַנקן־קאַסע; פאָרזיצער פון ייִדישן פאָלקסבאַנק; באַשאָנקען מיטן געדימין אָרדן פאַר געזעלשאַפטלעכער און צדקה־אַרבעט; שאַך־מייסטער.

זיין פרוי, פרומע, געב' גורוויטש, איז אַ בוכהאַלטערין; אַקטיווע טוערין אין ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס. זי איז געווען אין קאָוונער געטאָ און זיך געראַטעווועט ביי אַ ליטווינער. אַקטיווע טוערין אין פאַר־באַנד פון ליטווישע ייִדן. איז באַקאַנט מיט איר הילף און גוטהאַרציקייט.

האָבן צוויי זין: האַרי — דאָקטאָר פון כעמישע וויסנשאַפטן, די־רעקטאָר פון אַ לאַבאָראַטאָריע אין מאָנטרעאַל; יעקב איז אויך אַ וויסנשאַפטלער און אַרבעט אין מאָנטרעאַל.

**גרינהויז שמואל.** שטאַמט פון קיידאַן, שטודירט אין דייטשלאַנד און געאַרבעט אין מעמל. דאָקטאָר פון יוריספּרודענץ. געווען אין קאָוונער געטאָ און אין דאַכאַו.

נאָך דער באַפרייונג איז ער געשטאַנען בראש פון דער שארית־הפליטה. דירעקטאָר פון „אורא" (צענטראַלע פאַר די דייטשע אַנטשע־דיקונגען אין ניו־יאָרק).

**כהן בערל.** שטאַמט פון טעלזש. פאַרענדיקט דעם לערער־סעמינאַר „תרבות" אין קאָוונע. געווען וויצע־רעדאַקטאָר פון דער טאָגצייטונג „דאָס וואָרט"; סעקרעטאַר פון דער צ.ס. פאַרטיי; דעלעגאַט צו ציוניס־טישע וועלט־קאָנגרעסן.

געווען אין קאָוונער געטאָ און זיך געראַטעווועט ביי קריסטן.

נאָך דער באַפרייונג איז ער געווען צווישן די אָרגאַניזאַטאָרן פונעם ציוניסטישן אונטערגרונט אין דער סאָוועטישער ליטע.

אַרויסגעפאָרן קיין איטאַליע; רעדאַקטאָר פון „בדרך" און מיט־גליד פון צענטראַל־קאָמיטעט פון „פועלי־ציון" און פון פליטים־אָרגאַ־ניזאַציע. מחבר פון בוך „אַ ייִד אין וואַלד". וווינט אין ניו־יאָרק.

זיין פרוי, ראַיאַ, שטאַמט פון פאַסוואַל. האָבן צוויי טעכטער.

**גערשאָוויטש־גערשווין נחום.** דאָקטאָר־יוריסט, שטאַמט פון פּאָ־ניעוועזש. געווען אין קאָוונער געטאָ און אין דאַכאַו.

נאָך דער באַפרייונג איז ער געקומען קיין ניו־יאָרק, ווו ער איז דירעקטאָר פון „אורא" (צענטראַלע פאַר די דייטשע אַנטשעדיקונגען).

זיין פרוי, מרים, געב' זילבערשטיין, שטאַמט פון מעמל. האָבן איין זון און איין טאָכטער.

**ד״ר ראָבינזאָן יעקב.** שטאַמט פון קאָוונע. געווען דירעקטאָר פון דער העברעיִשער גימנאַזיע אין ווירבאַלן; באַרימטער אַדוואָקאַט, דעפּוטאַט אין ליטווישן סיים און פירנדיקע פּערזענלעכקייט פון ליטווישן ייִדנטום. יורידישער ראַטגעבער פון דער ליטווישער רעגירונג. פּאַרטיידיקער פון מינאָריטעטן־רעכט אויף אינטערנאַציאָנאַלע קאָנפערענצן. מחבר פון פיל ביכער אויפן געביט פון אינטערנאַציאָנאַלער רעכט.

ראָבינזאָן האָט באַוויזן צו פאַרלאָזן ליטע עטלעכע טעג איידער זי איז אָקופּירט געוואָרן דורך דער רויטער אַרמיי אין 1940.

לאַנגיאָריקער יורידישער ראַטגעבער פון דער ישׂראל־דעלעגאַציע אין דער אונאָ; יורידישער ראַטגעבער פון גדעון האַוזנער ביים צוגרייטן דעם אייכמאַן־פּראָצעס. שטייט בראש פון ייִדישן וועלט־קאָנגרעס אין ניו־יאָרק.

**שערמאַן אייזיק וו.** פילאַדעלפיע. שטאַמט פון טעלזש. געקומען קיין אַמעריקע נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. געזעלשאַפטלעכער טוער.

**נעטער־ראַטנער יצחק,** יאָהאַנעסבורג. געבוירן אין פילווישאָק אין 1907. זון פון מרדכי און פעשאַ ראַטנער.

געלערנט אין דער העברעיִשער גימנאַזיע, געווען ענערגיש, אַקטיוו און האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין רעדנערישן טאַלאַנט צווישן דער ציוניסטישער יוגנט און אין די סטודענטישע קרייזן.

געווען אין קאָוונער געטאָ, ווו ער איז געווען אַקטיוו אין דער ציו־ניסטישער באַוועגונג. געווען אין קאָנצענטראַציע־לאַגער דאַכאַו און נאָך דער באַפרייונג איז ער געווען טעטיק צווישן דער שארית־הפליטה, ביז ער איז עולה געווען קיין ארץ־ישׂראל.

יצחק האָט פאַרענדיקט עטלעכע אוניווערסיטעטן און פאַרנעמט זיך מיט פּעדאַגאָגיק. ער איז אַ פּעיִקער פּובליציסט און שרייבט אויף פּעדאַגאָגישע און ציוניסטישע טעמעס, אָבער ספּעציעל ווידמעט ער פיל צייט און ענערגיע די חורבן־פאָרשונג.

געקומען קיין דרום־אַפריקע אין 1955. צוזאַמען מיט נ. זאָלין, שטייט ער בראש פון דער גוט־אָרגאַניזירטער שארית־הפליטה־אָרגאַני־זאַציע. זיין פרוי איז עטאַ עפּשטיין, אַן אָפּשטאַמיקע פון קאָוונע. זיי האָבן צוויי טעכטער.

**לעווי זלמן**, יאָהאַנעסבורג. געבוירן אין פלונגיאַן און געלערנט אין דער טעלזשער ישיבה. פון דער פריסטער יוגנט האָט ער אַרויסגעוויזן אַ נייגונג צו שרייבן און ער איז געווען באַקאַנט אַלס קאָרעספּאָנדענט פון דער קאָוונער טאָגצייטונג „אידישע שטימע", אונטער דער רעדאַקציע פון ראובן רובינשטיין ז"ל.

הגם זלמן איז אין יאָהאַנעסבורג געווען זייער טעטיק געשעפטלעך, האָט ער שטענדיק געפונען צייט פאַר געזעלשאַפטלעכער און קולטור־אַרבעט.

אין די לעצטע יאָרן איז ער פון די באַקאַנטסטע יידישע קולטור־טוערס אין יאָהאַנעסבורג און איז דער פאָרזיצער פון דער יידישער קולטור־פעדעראַציע. ער איז רעדאַקטאָר פונעם זשורנאַל „דרום־אַפריקע". ער לייענט לעקציעס איבערן גאַנצן לאַנד און ציט צו זייער פיל צוהערער. ער באַטייליקט זיך אין אַלע יידישע וועלט־צוזאַמענפאָרן און איז באַקאַנט אויך אויסער די גרענעצן פון לאַנד.

זיין פאַרשטאָרבענער פאָטער איז געווען אַ גרויסער מנגן. זלמן האָט עס געירשנט פון זיין פאָטער און איז זייער אַ טאַלאַנטירטער זינגער, ספּעציעל אין חסידישע ניגונים און פאָלקסלידער. זיין איינציקער ברודער, זונדל, האָט געדינט אין דער סאָוועטישער אַרמיי און איז געפאַלן אויפן פראָנט, קעמפנדיק קעגן די דייטשן.

זלמנס פרוי שטאַמט פון מאַריאַמפּאָל.

**הרב י. אייזיק אויזבאַנד**, קליוולאַנד. שטאַמט פון גליל טעלזש. געלערנט אין דער טעלזשער ישיבה. אַריינגעפאַלן צו די דייטשן און האָט זיך געראַטעוועט.

אַ גרויסער למדן און תלמיד־חכם; אַ דינאַמישער עסקן. ראש־ישיבה און מנהל פון טעלזשער ישיבה אין קליוולאַנד. ער איז דער איידעם פון באַרימטן טעלזשער רב הרב בלאָך הי"ד.

**דאַוויד וואָלף**. שטאַמט פון קרעטינגען; צאָן־טעכניקער. געווען אין קאָוונער געטאָ און אין דאַכאַו. וווינט אין ניו־יאָרק.

זיין פרוי, שושנה ראַשקעס, שטאַמט פון יאַנעווע; זי איז אַ לערערין.

ד"ר **ווידוטשינסקי איסאַק**. געווען אין קאָוונער געטאָ און אין

דאַכאַו. צייכנט זיך אויס מיט זיין מענטשלעכער באַציִונג צו קראַנקע און לײדנדיקע. וווינט אין נאָרד בעלמאַר, ניו־יאָרק.

**לעווין יאַנקל.** שטאַמט פון פּאַלאַנגען. געווען אין קאָוונער געטאָ און אין דאַכאַו. אין געטאָ האָט ער אַ סך געהאָלפן ביים אַריינשמוגלען שפּייז און האָט אויך געהאָלפן אַרויספירן פון געטאָ דערוואַקסענע און קינדער, כּדי זיי אויסצובאַהאַלטן ביי ליטווינער. וווינט אין די בראָנקס.

זיין פרוי, אידאַ, געב׳ גוטמאַן, שטאַמט פון גאָרזד. האָבן איין זון און איין טאָכטער.

**לעווין לעאָ.** שטאַמט פון קאָוונע. געווען אין קאָוונער געטאָ און אין קאָנצענטראַציע־לאַגער. וווינט אין ניו־יאָרק, איז אַ סוחר און גלייכצייטיק דער פּרעזידענט פון פאַרבאַנד פון ליטווישע ייִדן אין ניו־יאָרק.

**גריליכעס יוסף.** שטאַמט פון קאָוונע, אַדוואָקאַט און אַקטיווער טוער אין פאַרבאַנד פון די ליטווישע ייִדן אין ניו־יאָרק.

ד״ר **פייסאַכאָוויטש ל.** שטאַמט פון שאַוול. באַקאַנטער מעדיצינישער עקספּערט.

**אַראָנאָווסקי ראָזאַ.** שטאַמט פון ווילקי. געלעבט אין קאָוונע, געלערנט אין פראַנקרייך. וווינט אין ניו־יאָרק.

**בערמאַן ליזאַ גינזבורג.** געבוירן אין קיידאַן. געווען אין קאָוונער געטאָ און אין קאַצעט. וווינט אין לאָס אַנזשעלעס.

איר מאַן הייסט מישאַ און שטאַמט פון ווילנע. האָבן איין זון.

**קאָניוכאָווסקי משה.** שטאַמט פון קאָוונע. געווען אין קאָוונער געטאָ און זיך געראַטעוועט אין אַ געטאָ־מאַלינע. פאַבריקאַנט אין ניו־יאָרק.

זיין פרוי איז סאָניאַ גערבער. האָבן צוויי קינדער.

**גערבער שמעון.** שטאַמט פון קאָוונע. געווען אין קאָוונער געטאָ און זיך געראַטעוועט. וווינט אין ניו־יאָרק. האָט אַ פרוי און צוויי קינדער.

**באַד סאַלאָמאָן.** שטאַמט פון טעלזש. געווען אונטער דער אָקופּאַציע און פיל מאָל זיך געראַטעוועט פון טויט ; געבליבן איינער פון אַ גרויסער משפּחה. ער וווינט, מיט זיין פאַמיליע, אין ניו־יאָרק און איז אַ סוחר.

**פעלדמאַן ירחמיאל און לייבל**, יאָהאַנעסבורג. שטאַמען פון ראָקי־שאָק. קיין דרום־אַפריקע זיינען זיי געקומען צו אַ פעטער. זייערער אַ דריטער ברודער, זלמן, איז אַ דאָקטער. די שוועסטער, רחל, האָט חתונה געהאַט מיט ד"ר זיידל. אַ סך יאָרן האָט זי געשריבן פעליעטאָנען אין דער וואָכנשריפט „ציוניסטישער רעקאָרד".

ירחמיאל האָט אַ סך יאָרן געשריבן אין יידיש און אין ענגליש. ער האָט אַרויסגעגעבן אַ בוך „שוואַרץ און ווייס" — קורצע דערציילונגען פונעם לעבן פון די שוואַרצע.

ביידע ברידער האָבן געוווינט אין לואיזע נר. 2, וואָס איז געווען אַ טרעפּאָרט פון דער יידישער אינטעליגענץ. זיי זיינען געווען אַקטיוו פאַר דער יידישער קולטור־פעדעראַציע.

ירחמיאל איז געווען אַ נאַציאָנאַליסט, אָבער לייבל איז שטענדיק געווען אַ פּראָגרעסיווער סאָציאַליסט. ער האָט עטלעכע מאָל באַזוכט ישׂראל. זיינע באַשרייבונגען און דערציילונגען האָבן זוכה געווען צו אַ פּאָזיטיוון אָפּקלאַנג און זיינע ווערק זיינען פאַרשפּרייט צווישן יידן אין אַפריקע און אין אַנדערע לענדער.

די טירן פון די פעלדמאַנס זיינען שטענדיק געווען אָפן פאַר יידישע אַקטיאָרן, שרייבערס און געזעלשאַפטלעכע עסקנים.

**קאַרטון ש.**, יאָהאַנעסבורג. זון פון יוסף און עטאַ סימילאָוו. געבוירן אין שאַוול. געקומען קיין דרום־אַפריקע אין 1913. געווען אין ניו־זילאַנד און צוריקגעקומען אין 1924. געווען אַ יידישער שרייבער, געפירט דרוק־קעריי־געשעפטן און בוכפירונג. געווען דער גרינדער פון יידישן ליטעראַטן־פאַרבאַנד. געשטאָרבן אין 1956.

געלאָזן אַ פרוי, פיר זין און אַ טאָכטער.

זיין ברודער איז אייזיק קאַרטון ; זיין שוועסטער, טילי־טויבע, איז די פרוי פון יעקב ראָזנבערג.

ד"ר **קאַפּלאַניַטע־מאַלק.** שטאַמט פון קאָוונע. באַקאַנטע כירורגין.

געוועז אין קאָוונער געטאָ און אין קאָנצענטראַציע־לאַגער. וווינט אין ניו־יאָרק.

**יאַראָסלאַווסקי־בוקאַנץ זשעניאַ.** אַ באַקאַנטע און פּאָפּולערע יידיש־שוישפּילערין. געוועז אין קאָוונער געטאָ און אין קאָנצענטראַציע־לאַגער. וווינט אין לאָס אַנזשעלעס.

**בוקאַנץ באָריס.** אימפּרעסאַריאָ און דירעקטאָר פון יידישן טעאַטער אין דער פאַרמלחמהדיקער קאָוונע. געוועז אין קאָוונער געטאָ און אין דאַכאַו. לעבט אין לאָס אַנזשעלעס. ער איז דער מאַן פון זשעניאַן. זיי האָבן איין זון.

**בוקאַנץ איזי.** בוכהאַלטער. געוועז אין קאָוונער געטאָ און אין דאַכאַו. וווינט אין סאַן פראַנציסקאָ.
האָט אַ פרוי און אַ זון.

**אָקוניעצקי פייוול.** געוועז אין קאָוונער געטאָ און זיך געראַטעוועט ביי ליטווינער. וווינט אין באָסטאָן.
זיין פרוי איז ליובאַ חיט פון קאָוונע.
זייער זון, הירשל, איז פּראָפעסאָר אין בוירקלי־אוניווערסיטעט, קאַליפאָרניע.

**פרידמאַן יודל.** פון פאַך אַ פאָטאָגראַף. געוועז אין קאָוונער געטאָ און אין דאַכאַו. וווינט אין באָסטאָן.

**ראַסיין י.** שטאַמט פון קאָוונע. אַגראָנאָם און שרייבער; מחבר פון ביכער. געוועז אין דווינסקער געטאָ און אַנטלאָפן צו די פאַרטיזאַנער. וווינט אין באָסטאָן.

**עליאַשעוויטש שלמה־סעם.** געוועז אין קאָוונער געטאָ און אין דאַכאַו. איז אַ סוחר און וווינט אין פראָווידענס.
זיין פרוי איז לאה קאָטלער פון מאַריאַמפּאָל.
זיי האָבן איין טאָכטער, וועלכע איז אַ פּיאַניסטין.

**קריגער מאיר.** שטאַמט פון קאָוונע. געווען אין קאָוונער געטאָ און אין דאַכאַו. וווינט אין ניו־יאָרק.

**קאָניוכאָווסקי לייב.** שטאַמט פון אַליטע. אינזשיניער און געזעל־שאַפטלעכער טוער. געווען אין קאָוונער געטאָ און זיך געראַטעוועט אין אַ באַהעלטעניש. שרייבער און זאַמלער פון חורבן־מאַטעריאַלן. וווינט אין ניו־יאָרק.

**בוכמאַן אַדאַ,** פּאָרט עליזאַבעט, דרום־אַפריקע. זי איז די טאָכטער פון ברוך גאָלדוואַסער — געוועזענער בירגערמייסטער פון פלונגיאַן. גע־לערנט אין דער העברעיִשער גימנאַזיע, געהערט צו „החלוץ" און געלעבט אין ארץ־ישׂראל. אַריבערגעפאָרן קיין דרום־אַפריקע, ווו זי האָט חתונה געהאַט מיטן פאַבריקאַנט בוכמאַן.

**HORWITZ, Edel Jacob.** Attorney. Born in Lithuania 17th August, 1902, son of Moshe Leibe and Tsippe Taube Horwitz. Came to South Africa 1911.

**אַרנס ירחמיאל.** געבוירן אין סוואַדאַשץ, ווילקאָמירער קרייז; גע־לערנט אין דער העברעיִשער פּראָגימנאַזיע. עולה געווען קיין ארץ־ישראל און שפּעטער אַריבערגעפאָרן קיין דרום־אַפריקע.

אַרנס ירחמיאל איז דער פאָרזיצער פון די פאַראייניקטע תלמוד־תורה־שולן און וויצע־פאָרזיצער פון וועד החינוך; אַרויסגעבער פון ראָקישקער יזכּור־בוך. וווינט אין יאָהאַנעסבורג.

**OSSIP, Louis.** Director of Companies. Born Lithuania 10th August, 1909, son of Meyer and Miriam Ossip. Came to South Africa 1924. Educated in Pretoria at Miriam Marks School and Technical High School. Managing Director of General Spares and Accessories Wholesale (Pty.) Ltd. Member of the Carmel School Board, Pretoria; Treasurer of the Pretoria Jewish Helping Hand and Burial Society; formerly Treasurer of the Pretoria United Hebrew Congregation, 1948 and 1957. Member, Wingate Park Country Club, and Trustee, 1952–1960. Married Rose Gordon, 1938; two sons. Recreation: Bowls. Add.: 74, Amos Street, Colbyn, P.0. Box 1101, Pretoria.

**אַנשעל (אַנשילעוויטש) אַדיאַ.** שטאַמט פון פּאַניעוועזש. געענדיקט דעם קאָוונער אוניווערסיטעט. געקומען קיין קאַנאַדע אין יאָר 1941. פּרעזידענט פון פאַרבאַנד פון ליטווישע ייִדן, פּראָמינענטער סוחר.

זיין פרוי, צילע ראָס, שטאַמט פון ריגע, לעטלאַנד.

**אַנשעל נינאַ.** שטאַמט פון קאָוונע; טאָכטער פון באַקאַנטן אַדוואָקאַט און סיים־דעפּוטאַט עוזר פינקלשטיין. נינאַ איז געווען אין קאָוונער געטאָ און זיך געראַטעוועט.

ספּעציאַליסטין און לייטערין פון דער אָפּטיילונג פאַר פיזיאָ־טעראַפּיע אין אַ גרויסן מאָנטרעאַלער שפּיטאָל.

**ברוצקוס באָריס.** שטאַמט פון אַ זייער חשובער פּאַלאַנגער משפּחה, וועמענס גרעסטער טייל ס׳איז אומגעבראַכט געוואָרן בעת דער שואה. באָריס איז געקומען קיין אַמעריקע נאָך דער מלחמה און געוואָרן אַ דערפאָלגרייכער פאַבריקאַנט און נדבן. וווינט אין מאָנטרעאַל.

**עדעלשטיין סעם.** שטאַמט פון ווילקאַווישק, געלערנט אין דער העברעיִשער גימנאַזיע. געקומען קיין קאַנאַדע צווישןביידע וועלט־מלחמות.

סעם איז אַן אַקטיווער עסקן אין מערערע אָרגאַניזאַציעס, מיט־גרינדער פון פאַרבאַנד פון ליטווישע ייִדן און זיין לאַנגיאָריקער סע־קרעטאַר.

**גילמאַן ישׂראל.** שטאַמט פון סלאַבאָדקע און זיך געראַטעוועט פון קאָוונער געטאָ. נאָך דער מלחמה האָט ער געלעבט עטלעכע יאָר אין ישׂראל; געקומען קיין קאַנאַדע אין 1953, וווּ ער איז אַ דערפאָלגרייכער פאַבריקאַנט, אַקטיווער טוער אין פאַרבאַנד פון ליטווישע ייִדן, נדבן און מיטגליד אין מערערע אינסטיטוציעס.

ישׂראלס פרוי איז שיינדל, וועלכע שטאַמט פון אַליטע און האָט זיך געראַטעוועט פון קאָוונער געטאָ. זי איז אַ טוערין אין פאַרבאַנד פון ליט־ווישע ייִדן. העלפט נויטבאַדערפטיקע. זיי האָבן צוויי טעכטער, וועלכע לעבן אין מאָנטרעאַל.

**קאַזימיר (קאַזימיראָווסקי) מישאַ.** שטאַמט פון ווילנע און בעת דער

צווייטער וועלט־מלחמה איז ער געווען אין רוסלאַנד. געקומען קיין קאַנאַדע אין 1948.

געווען אַ פירנדיקער טוער פון „הנוער הציוני" און אַנדערע ציו־ניסטישע אָרגאַניזאַציעס אין דייטשלאַנד נאָך דער מלחמה. נדבן און הייסער אונטערשטיצער פון מדינת ישראל, קאַסירער פונעם פאַרבאַנד פון ליטווישע ייִדן.

מישאַס פרוי, גאָלדע, שטאַמט פון ווילנע. זיי האָבן אַ זון און אַ טאָכטער, וועלכע זיינען שוין חתונה געהאַטע.

**יאָכעלסאָן איזיאַ.** שטאַמט פון קאָוונע, ווו ער האָט געאַרבעט אין אַ באַנק. געווען אין קאָוונער געטאָ און אין דאַכאַו. געקומען קיין קאַ־נאַדע אין 1948. עקזעקוטיוו־דירעקטאָר פון די פאַראייניקטע תלמוד־תורה־שולן אין מאָנטרעאַל.

זיין פרוי שטאַמט פון דער קאָוונער משפחה אַרקוס.

**עברי סידנעי.** שטאַמט פון ווילקאָווישק, געלערנט אין העברעיִשע און רוסישע גימנאַזיעס.

סידנעי איז געקומען קיין מאָנטרעאַל צווישןביידע וועלט־מלחמות; ער איז אַן אַנגראָ־סוחר און אַ פירנדיקער טוער אין פאַרבאַנד פון ליט־ווישע ייִדן פון ערשטן טאָג אָן. ער געהערט צו פאַרשיידענע ייִדישע אינ־סטיטוציעס אין שטאָט.

זיין פרוי, ליזאָלעטאַ עפשטיין, שטאַמט פון טשעכאָסלאָוואַקיע. זיי האָבן צוויי קינדער.

**עברי העראַלד.** שטאַמט פון ווילקאָווישק. געקומען קיין קאַנאַדע נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה.

העראַלד איז אַן אָנגעשטעלטער, אַן אַקטיווער טוער אין דער ייִדי־שער ביבליאָטעק, שפילט פידל און האָט ליב צו שרייבן לידער.

**גלאַסרוט יוסף.** שטאַמט פון וואַרשע, געווען אין קאָוונער געטאָ און זיך געראַטעוועט אין אַ באַהעלטעניש אין יורבורג (זע אַרטיקל אויף זייט 15 — רעד').

יוסף איז געקומען קיין מאָנטרעאַל נאָך דער באַפרייונג. ער איז אַ פאַבריקאַנט און אַ ייִדישער קולטור־מענטש.

זיין פרוי, מרים בליאַכער, שטאַמט פון וועוויע, ליטע. זיי האָבן צוויי טעכטער.

**קאַרנאָווסקי משה.** געבוירן אין ווילקי. פון 1938 האָט ער געלעבט אין שאַוול, וווּ ער האָט געהאַט אַ קליידער־וואַרשטאַט. געווען אין שאַוולער געטאָ.

געקומען קיין קאַנאַדע אין 1948 און לעבט אין מאָנטרעאַל. איז אַ סוחר און אַ מיטגליד פון דער עקזעקוטיווע פון ליטווישע ייִדן.

משה האָט באַזוכט דעם ראַטן־פאַרבאַנד, דרום־אַמעריקע און ישׂראל.

זיין פרוי, שׂרה (געב׳ זילבערשטיין), שטאַמט פון טאַווריק און איז געווען אַ לערערין. זי איז אַ מיטגליד פון „הדסה״ און פון פאַרבאַנד פון ליטווישע ייִדן אין מאָנטרעאַל.

**שיינזאָן דוב.** שטאַמט פון סימנע. געענדיקט די ווירבאַלער „תרבות״־גימנאַזיע און געווען לערער אין שאַוולער „תרבות״־גימנאַזיע. געווען אין שאַוולער געטאָ און אין דאַכאַו.

דוב איז געקומען קיין מאָנטרעאַל אין 1948. לערער און וויצע־דירעקטאָר פון דער שול „עדת־ישׂראל״; מחבר פון מאָדערנע העברעיִשע לערנביכער; ער איז אַ זינגער און מאָלער. זיין פרוי שטאַמט פון פוילן.

**ראָזנבלאַט מרים.** שטאַמט פון ראָקישאָק. געווען אין קאָוונער געטאָ און אין שטוטהאָף. געקומען קיין מאָנטרעאַל אין 1953. אַקטיווע טוערין אין פאַרבאַנד פון ליטווישע ייִדן.

איר מאַן, הענרי, שטאַמט פון גאַליציע. האָבן צוויי זין.

**שיוועק מאַטלע,** געב׳ יאַבלאָנסקי פון קראָקי. געלערנט אין אַ העברעיִשער שול, געווען אַקטיוו אין „החלוץ״ און עטלעכע יאָר געווען אויף הכשרה. געקומען קיין קאַנאַדע צווישן ביידע וועלט־מלחמות. אַקטיווע טוערין אין פאַרבאַנד פון ליטווישע ייִדן און אין פרויען אָרגאַניזאַציעס.

איר מאַן, פיליפ, שטאַמט פון פוילן. זיי האָבן איין זון מיט אייניקלעך.

**רובינאָוו לייבל.** שטאַמט פון ווילקאַווישק און האָט געענדיקט די ,,תרבות״־גימנאַזיע. געווען אין קאָוונער געטאָ און אין דאַכאַו.

נאָך דער באַפרייונג איז לייבל געקומען קיין קאַנאַדע און האָט שטודירט אין מעקגיל־אוניווערסיטעט, מאָנטרעאַל. ער איז לערער און וויצע־דירעקטאָר פון די ייִדישע פאָלקשולן.

זיין פרוי, מרים, שטאַמט פון פוילן. זיי האָבן צוויי זין.

**צוקערמאַן פרץ.** שטאַמט פון קאָוונע. געלערנט אין ייִדישע און רוסישע שולן.

פרץ איז אַ קענער פון ייִדישן פאָלקלאָר און איז אַן אויטאָדידאַקט אין מעדיצין. ער איז געווען אין קאָוונער געטאָ, קיידאַנער לאַגער און אין דאַכאַו. געקומען קיין קאַנאַדע אין 1948 און איז אַן אָנגעשטעלטער.

זיין פרוי, בעלאַ (געב׳ לאַנגמאַן), איז אַן אַביטוריענטין פון אַ קאָוו־נער העברעיִשער גימנאַזיע און אַ לערערין און הויפּט־סעקרעטאַרין פון די ייִדישע פאָלקס־ און פרץ־שולן אין מאָנטרעאַל.

**אַבראַמאָוויטש אידאַ,** געב׳ קריינאָוויטש. שטאַמט פון טאַווריק.

בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז אידאַ געווען אין רוסלאַנד און האָט געענדיקט אַ רוסישע גימנאַזיע. געקומען קיין מאָנטרעאַל אין 1967.

איר מאַן הייסט אברהם און איז אַ סוחר. זיי האָבן צוויי קינדער.

**קאַראַבעלניק ל.** געבוירן אין דרעצויגן געוואָרן אין ליטע. ער האָט געלערנט אין אַ ישיבה און אין אַן העברעיִשער גימנאַזיע. געווען אַקטיוו אין ,,השומר הצעיר״ און האָט דאָ דערגרייכט אַ הויכע פּאָזיציע.

אין יענער צייט איז פאַר דער ייִדישער יוגנט אין ליטע ניט געווען קיין שום צוקונפט, ספּעציעל פאַר דער שטודירנדיקער יוגנט ; די טירן פון די מלוכה־אינסטיטוציעס זיינען געווען פאַר איר פאַרמאַכט און אויך קיין פּערספּעקטיוו פאַר עליה זיינען דעמאָלט ניט געווען. איז ער, אין 1936, אַוועק קיין דרום־אַפריקע.

זייענדיק אַן אינזשיניער, האָט ער געגומען אַרבעטן און שטייגן אין דער אינדוסטריע, ביז ער איז געוואָרן אַ דערפֿאָלגרייכער אינדוס־טריעלער און פֿינאַנסיסט. ער איז אָבער ניט פֿאַרשיכּורט געוואָרן פֿון זיינע געשעפֿטלעכע דערפֿאָלגן און מיטן זעלבן אימפּעט, ווי אין ליטע, זיך ווייטער פֿאַרנומען מיט ציוניסטישער און קולטור־אַרבעט אינעם ייִדישן לעבן. היינט שטייט ער בראש פֿון דער „פּועלי־ציון"־פּאַרטיי און איז געווען דעלעגאַט צו ציוניסטישע וועלט־קאָנגרעסן און אַנדערע וועלט־קאָנפֿערענצן.

קאַראַבעלניק און זיין פֿרוי, שולמית, פֿירן אַ טראַדיציאָנעלע ייִדישע היים און האָבן אין דעם גייסט אויך דערצויגן זייערע קינדער. זיי ווערן רעספּעקטירט אין דער ייִדישער קהילה פֿון קייפּטאָן און זיינען באַקאַנט מיט זייער הכנסת־אורחים.

**לייזעראָוויטש לייבע**, קייפּטאָן. געבוירן אין ווינוטע, געלעבט אין ריטעווע און געלערנט אין טאַווריק. זון פֿון שמואל און איידע (געב׳ מילנער). געקומען קיין דרום־אַפֿריקע אין 1926.

לייבע איז געבליבן טריי זיין טראַדיציאָנעלע ייִדישע דערציִונג און איז זיין גאַנץ לעבן אַ שומר־שבת. זיינע קליענטן, ניט־ייִדן, ווייסן, אַז זיין קראָם איז שבת פֿאַרמאַכט און דעריבער קומען זיי צו אים אין די וואָכנטעג. ער איז אַ שטענדיקער באַזוכער פֿון דף יומי אין סי־פּאָינט־שול.

זיין פֿרוי איז די פֿאַרשטאָרבענע הינדע־לאה קאַראַבעלניק פֿון רי־טעווע. זיי האָבן דריי קינדער און ניין אייניקלעך.

**ליפּשיץ לואי**, יאָהאַנעסבורג. זון פֿון דאָנאַ און עלקאַ. געבוירן אין 1905, אין יאָנישאָק. געקומען קיין דרום־אַפֿריקע אין 1928.

זיין גאַנץ לעבן איז ליפּשיץ אַקטיוו אין ציוניסטישע און אַנדערע ייִדישע אָרגאַניזאַציעס. באַזונדערס איז ער אַקטיוו אין דער געזעלשאַפֿט „אָרט" און אין פֿאַראייניקטן ישׂראל־אַפּיל. די פֿיל דיפּלאָמען און בילדער פֿון ישׂראלדיקע מנהיגים, וועלכע זיינען אים געשאָנקען געוואָרן פֿער־זענלעך, זאָגן עדות וועגן זיין פּאָפּולאַריטעט און זיין פּאָזיציע אינעם ייִדישן געזעלשאַפֿטלעכן לעבן.

ליפּשיץ און זיין פֿרוי, אַדאַ כּהן, זיינען באַקאַנט אין יאָהאַנעסבורג מיט זייער הכנסת־אורחים.



יצחק שטיין און פרוי.

**שטיין יצחק**, יאָהאַנעסבורג. שטאַמט פון פּאָניעוועזש. געווען באַקאַנט אין ליטע און אין אַנדערע לענדער, ווי איצקע שטיין דער גיבור־אַטלעט. האָט זיך באַטייליקט אין אינטערנאַציאָנאַלע ספּאָרט־פאַרמעסטונגען.

יצחק האָט אויסגעוואַנדערט קיין דרום־אַפריקע צווישן ביידע וועלט־מלחמות און געוואָרן אַ סוחר. ער איז אַ מענטש מיט אַ הייסער ייִדישער נשמה, אַ גרויסער געזעלשאַפטלעכער עסקן און באַוווּסטער נדבן; אַ סך געהאָלפן הרב כהנעמאַן זצ״ל ביים זאַמלען געלט פאַר דער פּאָניעוועזשער ישיבה. אַ גרויסער פריינט פון ישראל און אַ פילאַנטראָפּ. האָט געגרינדעט און האַלט אויס די פּאָניעוועזשער שול אין יאָהאַ־נעסבורג.

**מאַקס רעימאָנד** איז אַן אָפּשטאַמיקער פון ווילנע, ווו ער האָט געקראָגן זיין דערציִונג און געווען אַ יונגער אַקטיווער ציוניסט.

ער איז געקומען קיין מאָנטרעאַל אין 1926 און איז געווען אַ דער־פאָלגרייכער געשעפטסמאַן. די לעצטע יאָרן האָט ער זיך צוריקגעצויגן פון די געשעפטן און גיט זיך אָפּ מיט געזעלשאַפטלעכער אַרבעט.

מאַקס רעימאָנד איז אַן אונטערשטיצער פון אַלע ישראל־פאָנדן. ער איז אַ מיטגליד אין דער סינאַגאָגע „שערי־ציון" און צייכנט זיך אויס מיט דער הילף און מיט זיין אָרגאַניזירן אַקציעס פאַר אַלע ייִדישע

אַנשטאַלטן אין שטאַט, ספּעציעל פאַר די ישיבות און שולעס. ער איז אַ פירנדיקער עסקן אין הסתדרות־קאַמפּיין, אין ייִדישן נאַציאָנאַלן אַרבעטער־פאַרבאַנד, אין קרן קימת לישׂראל און פאַר די ישראל־באָנדס. ניטאָ קיין איין ייִדישע אינסטיטוציע אין מאָנטרעאַל, ווו מאַקס רעי־מאָנד און זיין פרוי, רחל העלער, זאָלן ניט זיין פּאַרטראָטן. זיי זיינעןביידע באַקאַנט מיט זייער אָפענער הײם און אָפענע הענט. זייער הויז איז שטענדיק געווען אַ טראַדיציאָנעל־ייִדישע, און זייערע צוויי זין האָבן באַקומען אַ ייִדישע דערציִונג אין אמתן ווילנער גייסט.

**אַבראַמאָוויץ, אידאַ קריינאָוויץ** פון טאַוריק. זיך געראַטעוועט אין רוסלאַנד. געקומען קיין מאָנטרעאַל אין יאָר 1967.

**עליאַשעוויץ, פרומע קריינאָוויץ** פון טאַוריק. געווען אין קאָוונער געטאָ. שפּעטער — אין קאָנצענטראַציע־לאַגער אין דייטשלאַנד. איר מאַן, לייזער, איז פון פּלונגיאַן. די טאָכטער הייסט חיה־העלען. דער זון שלמה, אַ סטודענט, איז געשטאָרבן אין מאָנטרעאַל אין עלטער פון 19 יאָר.

**לעסעם יהודית.** געב׳ שויס. שטאַמט פון גאָרזד און האָט געלעבט אין מעמל. זי איז די פרוי פון מאַקס לעסעם, וועלכער איז געשטאָרבן אין תל־אביב, אין 1958.

יהודית איז געווען אַ באַקאַנטע ציוניסטישע טוערין און וווילטעטיקע פאַרזאָרגערין. מען האָט זי גערופן „די מאַמע פון החלוץ״, ווייל זי האָט זייער פיל געזאָרגט פאַרן שטאָטישן קיבוץ און פאַר די אַרומיקע הכשרה־פּונקטן.

דאָס הויז פון די לעסעמס איז שטענדיק געווען אָפן פאַר יעדן ציוניסטישן שליח פון ליטע און פון ארץ־ישׂראל.

יהודית און איר משפּחה זיינען אַרויסגעפאָרן פון קאָוונע אין 1940, אין דער צייט פון דער סאָוועטישער אָקופּאַציע.

**טרויב ישׂראל.** שטאַמט פון קיידאַן. האָט שטודירט אין רוסישע אוניווערסיטעטן. איז איינער פון די גרינדער און דירעקטאָרן אין „המשביר המרכזי״ און „תנובה״. וווינט, צוזאַמען מיט זיין פרוי, אין תל־אביב און איז אַ גרויסער געזעלשאַפטלעכער עסקן.

זיין ברודער זלמן איז אַ בוי־אינזשיניער; ער האָט געקעמפט אין דער ייִדישער בריגאַדע.

זיין שוועסטער, הינדע מאַטילאָוו, האָט גראַדויִרט טעלזשער „יבנה"־גימנאַזיע און איז אַ לערערין. איר מאַן, דוב, איז אַ באַקאַנטער הגנה־קעמפער און אַרכעאָלאָג. זייער איינציקער זון איז געווען אַן אָפיציר אין צה"ל און איז געפאַלן ביים סועץ אין 1971.

די מוטער דבורה טרויב ע"ה איז געווען אַ שפּראַכן־קענערין און געווען באַקאַנט מיט איר קלוגשאַפט און זכרון. געשטאָרבן אין יולי 1972, אין חיפה.

**הרב גפן אברהם־שמעון.** שטאַמט פון ריטעווע. אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע צווישןביידע וועלט־מלחמות. געלעבט אַרום 40 יאָר אין ברו־קלין. איצטער אין מדינת ישׂראל. ער איז אַ גרויסער תלמיד־חכם און דרשן.

זיין פרוי ליובאַ זאַקס שטאַמט אויך פון ריטעווע. זיי האָבן 2 זין. יצחק האָט געלערנט אין ישיבות און איז אַן אָרטאָדאָקסישער ייִד און למדן. איז אַ סוחר און וווינט מיט זיין משפחה אין רמת־גן. שלום האָט געלערנט אין טעלזשער און ברוקלינער ישיבות. ער איז אַ באַאַמטער און לעבט מיט זיין משפחה אויך אין רמת־גן.

**מונק קריינאַ,** מאָנטרעאַל. געב' קריוו אין ווילקי. דורכגעמאַכט קאָוו־נער געטאָ און אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער. זיך געראַטעוועט, געקומען קיין שוועדן און דאָ חתונה געהאַט מיט אברהם מונק — אַ באַקאַנטער ציו־ניסטיש־רעוויזיאָניסטישער עסקן פון פוילן.

קריינאַ איז אַן אַקטיווע טוערין אין פאַרבאַנד פון ליטווישע ייִדן און אין ישׂראל־אָרגאַניזאַציעס. זיי האָבן אַ זון, וועלכער איז אַ דאָקטער און אַן אַקטיווער ציוניסט. זייער איינציקע טאָכטער איז אין דער הרצליה־גימנאַזיע.

**אַכבאַר אריה־לייב.** געבוירן אין וואַשקי. געקומען קיין טאָראָנטאָ אין 1927. אַריבערגעפאָרן קיין אָטאַוואַ אין 1931. איז אַ דערפאָלגרייכער סוחר און פינאַנסיסט.

פונעם ערשטן טאָג פון זיין קומען קיין קאַנאַדע, האָט ער זיך

פאַרנומען מיט ציוניסטישער און געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. אין אָטאַוואַ איז ער געווען פון די גרינדער פון דער „תלמוד תורה" און איז 12 יאָר געווען איר פרעזידענט. ער איז פון די פירנדיקסטע פערזענלעכקייטן פון הסתדרות־קאַמפּיין אין לאַנד און שטייט בראש פון דער ישׂראל־באָנדס־אָרגאַניזאַציע. איז אַקטיוו אין אַלגעמיין שטאָטישע אינסטיטוציעס און איז פּאָפּולער צווישן די פראַטערנאַלע אָרגאַניזאַציעס.

אַכבאַר און זיין פרוי האָבן באַזוכט 60 לענדער. ער איז געווען 12 מאָל אין ישׂראל און איז באַקאַנט אַלס הייסער פריינד און טרייער אונטערשטיצער פון דער ייִדישער מדינה.

זיין פרוי ראַוז, געב' אין ווייסרוסלאַנד, איז אַן אַקטיווע טוערין אין פרויען־אָרגאַניזאַציעס. זיי האָבן איין זון, בנימין, און צוויי טעכטער.

**וויזגאַרדיסקי יונה.** שטאַמט פון קאָוונע, געווען איז געטאָ און זיך געראַטעוועט אין יולי 1944, 2 וואָכן פאַר דער געטאָ־ליקווידאַציע. זיך באַהאַלטן ביי קריסטן צוזאַמען מיט זיין פרוי. טאָכטער הענאַ, געב' אין 1940, געראַטעוועט ביי קריסטן. וווינען אין מאָנטרעאַל זינט 1953. סוחר און אַקטיווער טוער. צווייטע טאָכטער, לאה, געבוירן אין דייטש־לאַנד. ביידע טעכטער האָבן אַ העברעיִש־ייִדישע דערציִונג. וויזגאַרדיסקי האָט זיך אויסגעצייכנט מיטן כאַפּן אַ צאָל ליטווינער, ייִדן־מערדער, און זיי איבערגעגעבן צו דער מאַכט.

פרוי, גיטה, איז געווען באַקאַנט אין געטאָ מיט איר אַקטיווער מיט־הילף ביים ראַטעווען ייִדישע קינדער. זי האָט געשאַפן קאָנטאַקטן און פלעגט מיט דער הילף פון פאַלסיפיצירטע מעטריקעס באַהאַלטן קינדער ביי קריסטן און אין יתומים־הייזער. אַ צאָל פון די געראַטעוועטע קינדער געפינען זיך אין אַמעריקע און מדינת ישׂראל. פרוי וויזגאַרדיסקי שטאַמט פון שילאַל און איז שטענדיק געווען אין דער ציוניסטישער באַוועגונג.

**ברוצקוס באָריס שיע בער.** געב' אין פּאַלאַנגען, זון פון מאיר און אסתר. געלערנט אין פּאַלאַנגען און טעלזש. ער האָט זיין נאָמען נאָך זיין זיידן איציקסאָן, וואָס איז געווען אינזשיניער און בוי־מייסטער פון די גראַף טישקעוויטש־ווילעס. געווען אין קאָוונער געטאָ, שפּעטער אין שטאַנצער לאַגער און אין קאָנצענטראַציע־לאַגער דאַכאַו. אין 1950 גע־קומען קיין ניו־יאָרק. אַריבערגעפאָרן קיין מאָנטרעאַל אין 1963. פאַ־

בריקאַנט פון אַ זאָקן־פאַבריק. זיינע 2 ברידער האָבן זיך געראַטעוועט אין רוסלאַנד, וווּ ביידע האָבן געקעמפט אין דער אַרמיי קעגן נאַצי־דייטשלאַנד. אין 1972 זיינען ביידע ברידער געקומען קיין ישׂראל. אַ שוועסטערביילע ששון איז אומגעקומען אין טעלזש.

**ראָזנפעלד יוליוס** (אברהם יהודה), מאָנטרעאַל. שטאַמט פון נייַ־שטאָט־שאַקי, געלערנט אין די ישיבות פון סלאַבאָדקע און לידע ביי הרב ריינעס ז"ל. געקומען אין קאַנאַדע אין 1913 און געוואָרן אַ קליידער פאַבריקאַנט. פיל יאָרן געהאַט אַ פאַרם אין שאַטאָגעי, קוויבעק. זייער אַקטיוו אין געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, ספּעציעל אין קאַנאַדער יידישן קאָנגרעס זינט זיין גרינדונג. מיטגליד אין דער ציוניסטישער פעדעראַציע און וועטעראַן־טוער אין דער ציוניסטישער אַרבעטער־באַוועגונג. געווע־זענער מיטגליד פון דער נאַצ. עקזעקוטיווע פון קאָנגרעס און איצט אין דער עקז. פון דער מזרח־דיוויזיע. גרויסער נדבן און אַקטיווער טוער פאַר אַלע ישׂראל־קאַמפּיינס. פירנדיקער עסקן אין פאַרבאַנד פון ליטווישע יידן.

פרוי, שׂרה, שטאַמט פון אוקראַינע. געקומען אין קאַנאַדע אין 1904. זון, גדליה, הויפּט־ראַטגעבער ביים מיניסטער פאַר געזונט און וווילזיין אין אָטאַוואַ. טאָכטער, חנה מלכה, פרוי פון גאָרדאָן סיגעל, הויפּט־כעמיקער אין דער סי.איי.על. פאַבריק.

**גאָרדאָן מאָריס**, מאָנטרעאַל. געבוירן אין סמאַרגאָן, ווילנער געגנט. געקומען קיין שקודוויל אַלס יינגל פון 5 יאָר. געלערנט אין דער אָרטיקער שולע. אויסגעוואַנדערט קיין ניופאַונדלענד אין 1930 און זיך פאַרנומען מיט האַנדל. אויפגעבויט גרויסע געשעפטן אין קארנערברוק און סטיוונ־וויל. ער האָט געהאָלפן אויפבויען די סינאַגאָגע אין קאָרנערברוק און זיך אַקטיוו באַטייליקט אין אַלע קאַמפּיינס פאַר ישׂראל און קאַנאַדיש־יידישע אינסטיטוציעס. ער איז געווען פון די הויפּט־טוערס אין דער קהילה און פון די איניציאַטאָרן פאַר אַ רעליגיעזער שולע. אַריבערגעפאָרן קיין מאָנטרעאַל אין יאָר 1959. פּראָמינענטער פינאַנסיסט. מיטגליד פון אייניקע שולן און אָרגאַניזאַציעס.

פרוי, זלאַטע אַראָן פון שקודוויל; אַקטיווע טוערין אין הדסה און אין פאַרבאַנד פון ליטווישע יידן.

קינדער: איידאַ ספעקטאָר, דאָראָטי בערנשטיין, סילוויאַ קווינט און דאני גאָרדאָן, אָפּטאָמעטריסט.

אַלע קינדער פאָלגן נאָך די עלטערן אין זייער טראַדיציאָנעל־ייִדיש־ציוניסטישן לעבנס שטייגער.

**לייזעראָוויטש וואָלף**, מאָנטרעאַל. שטאַמט פון טאַוריק. אַביטוריענט פון העברעיִשער גימנאַזיע. אָנהייב קריג אַנטלאָפן קיין רוסלאַנד און געקעמפט אין דער סאָוועטישער אַרמיי קעגן נאַצי־דייטשלאַנד. נאָך דער מלחמה געקומען קיין מדינת ישׂראל און געוווינט אין חולון 13 יאָר. אין 1963 געקומען מיט דער משפחה קיין מאָנטרעאַל. איז אַ פאַבריקאַנט פון דאַמען־זאָקן.

פרוי, שולמית, שטאַמט פון אַליטע. זיי האָבן 2 זין.

**גרישקאַן ישעיה**, מאָנטרעאַל. שטאַמט פון פּאָנעוועזש, געוווינט אַלע יאָרן אין קאָוונע: מאַנופאַקטוריסט. געווען אין קאָוונער געטאָ, אַרויס־געפירט קיין דאַכאַו־קאָנצענטראַציע־לאַגער. וווינט אין מאָנטרעאַל זייט 1954, בוי־אונטערנעמער.

פרוי, **יעטאַ פליגל**, פון קאָוונע, אַביטוריענטין פון רעאַל גימנאַזיע. 3 זין: שמואל, דוד, ד״ר מעדיצין, און משה, פאַרמאַצעווט.

**גרישקאַן ישׂראל**, מאָנטרעאַל. שטאַמט פון פּאָנעוועזש, מאַנופאַקטור־ריסט; געוועזענער בית״ר־אַקטיוויסט; געווען אין קאָוונער געטאָ. שפּע־טער אין לאַגער קאָזלאָווע רודע. אין יולי 1944 אַנטלאָפן פון לאַגער און זיך באַהאַלטן אין וואַלד, דורכמאַכנדיק לויערנדיקע טויט־געפאַרן.

פרוי: **לאה קראַוויץ** פון קאָוונע. זיך געראַטעוועט צוזאַמען מיטן מאַן. קינדער: צילה, פרוי פון לואי האַלפערן, כעמיע־אינזשיניער אין טאָראָנטאָ; יוסף, סטודענט, און שׂרה, סטודענטין.

**גרישקאַן שאול**, קליוולאַנד. שטאַמט פון פּאָנעוועזש. געוווינט אין קאָוונע, מאַנופאַקטוריסט. געווען אין קאָוונער געטאָ און אין דאַכאַו־קאָנצענטראַציע־לאַגער. געוווינט אין מדינת ישׂראל און זייט 1954 אין קליוולאַנד, פאר. שטאַטן. פאַבריקאַנט.

פרוי: טייבע מעלער פון קאָוונע. געוועזן אין לאַגער שטוטהאָף, דייטשלאַנד. קינדער: שׂרה און רחל.

**ד״ר הירש ראָזנפעלד**, מאָנטרעאַל. שטאַמט פון נײַשטאָט־שאַקי. שטודירט מעדיצין אין שטראַסבורג, פראַנקרייך, גראַדואַנט פון ווילקאָווישקער תרבות־גימנאַזיע. דירעקטאָר פון שפּיטאל און פּראָמינענטער מעדיצינישער אויטאָריטעט. מעצענאַט פון פאַרשיידענע פּראָיעקטן אין מדינת ישׂראל און איניציאַטאָר פון קולטור־פּראָיעקטן אין מאָנטרעאַל.

פרוי, **דבורה**, געב' קאפּסקי, באַקאַנטע געזעלשאַפטלעכע טוערין אין ציוניסטישע אינסטיטוציעס, געוועזענע סעקרעטאַרין פון ראובן בריינין. זייער הויז איז באַקאַנט אַלס טרעף־אָרט פון וויכטיקע קולטורעלע און ליטעראַרישע פערזענלעכקייטן.

**WALDER, Ben** (Capetown). Son of Abraham Isaac and Necha, born in Shavel. Distinguished businessman and community worker. Affiliations: Zionist Organization and Board of Deputies. Wife: Minnie, daughter of Rev. Robinson. Children: two sons, one daughter.

**SILVERMAN, Eli** (Capetown). Born in Riga, Latvia, came to S.A. in 1903. Pioneer of fishcanning industry. His firm is a world-wide exporter. Prominent in business world. His family preserves traditional Jewish customs. **Sacks, B.**, nephew of Aaron Sacks is manager of Mr. Silverman's company.

**LAZAROW, Zelig**, born Russia. Son of Max and Chana Lazarow. Past committee member of the United Hebrew Institutions of Benoni. Member of the Hebrew Order of David. Contributor to various Israeli Funds Campaigns. Chairman, Friends of the Israel Maritime League (Benoni). Wife: Gulia Seinker, born in Middelburg Cape, active in Jewish Dramatics (Benoni); former pres. and life member of Zionist Women's League; prizewinning singer. Mr. Lazarow has three brothers — all doctors.

**MALUN, Reuben** (Capetown). Son of Yerachmiel and Hanna Gordon. Born in Dusiat, Lith., studied at Yeshiva and Tarbuth School in Rakishok. Started as delivery boy and experienced many hard years. In 1930

arrived in S.A. with his mother to join father; was a member ot Hashomer Hatzair; active in Revisionist Party as council member; active in YCF and YIA; lost most of family in Duciat, Lith. during holocaust. Wife: Nancy Schwabsky, born London, Eng. Has 4 sons, 1 daughter.

